# הֶמשך

## זאַמלבוך

ב

רעדאַקציע קאָלעגיע:

ב. דעמבלין
בעריש וויינשטיין
משה שטאַרקמאַן

ניו יאָרק 1942

# ערשטע אָפּטיילונג

א. נ. שטענצעל
יעקב צבי שארגעל
פסח וויילאַנד
גבריאל פּרייל
ב. ריווקין
דוד איגנאַטאָוו
ש. איזבאַן

אַז איך האָב דאָס געקאָנט היינט, נאָך דער נעכטיקער נאַכט, אָנשרייבן און איבערשרייבן — איז זיכער שוין דאָ א „המשך" פאַר אונדז אַלע; אַ ווילן פאַר אונדזער לעבעדיקער ליטעראַטור.

(א. נ. ש., מאַי, 1941)

# פרילינג אין לאָנדאָן

## א. נ. שטענצעל, לאָנדאָן

### א תפילה אַזאַ

ניט די פייגל זיינען עס,
וואָס קומען אָן צופליען,
ניט די בלומען, דיביימער
מיט וואונדערלעכן בליען,

און ניט דער קלאָרער הימל,
אַלץ ליכטיקער, אַלץ בלויער —
ס'איז דער מענטש, דעם מענטשנס האַרץ,
אַ באַפרייטער פון טרויער. —

א. נ. שטענצעל

ווי דער הימל פון כמאַרעס,
פונעם יאָך פריי צו ווערן!
און פון ווילדער רציחה —
דער קוואַל פון בלוט און טרערן.

ניט די טויען זיינען עס,
פון דער זון אויסגעזויגן —
פון פרייד, פון מענטשלעכער פרייד —
די טרערן פון די אויגן!

און מיט פייגל און מיט צוויט
ס'וועלן ליכטיקע בליקן
אויפבליען, אויפפלאַטערן
מיט פרילינג דערקוויקן —

דאָס וואונדערלעכע צו זען,
אַ טייל דערפון צו ווערן!
ווי אַ טוי־טראָפּן אַזוי קלאָר
ס'מענטשלעכע הארץ אויפקלערן — — —

## פולע לבנה

אַ פולע איז אין דרויסן די לבנה,
ווי אָנצופילן די גאַנצע וועלט מיט גליק!
און דאָ־אָ האָט אַ קינד מיך אָנגעקוקט,
מיט אַזאַ גרויסן קיילעכדיקן בליק.

אַזאַ לבנהשן, אויפגייענדיקן,
אַז דאָס האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט פרייד!
האָב איך אויסגעדרייט מיין פנים צום וואַנט,
אַ גוסה'דיקן גלייך, ווען ס'קומט אָן זיין צייט.

זיכער האָב איך אויגן פולע געהאַט —
האָב איך — האָט דאָס קינד די גאַנצע נאַכט געוויינט?
פון אַ שטאַרקן העש כ'האָב מיך אויפגעכאַפּט,
דרויסן האָט די לבנה ניט מער געשיינט — — —

## פרימל

(פאַר עליזאַבעטן)

קליינע פרימל־בלימעלעך זענען עס געווען,
וואָס כ׳האָב דיר דעמאָלט געברענגט צו טראָגן;
מ׳זאָגט: „פרימלען זאָלן ברענגען אומגליקן!"
אָבער צי קאָנסט דו דען דאָס־דאָ זאָגן?

און איך, מעג איך רעדן פון אומגליק?
איז פאַראַן גרעסערס ווי אַ מענטש צו דערפרייען!
אַ, אַלע צעבליטע בייטן האַיאַר,
ווי ס׳וואָלט ווער נאָר פרימלען געווען פאַרזייען —
אָבער תמיד, ווען כ׳דערזע די קליינע בלימלעך,
קאָן איך די פרייד פון דיינע אויגן לעזן:
אַזוי ליכטיק־ערלעך, האַרציק־איינפאַך,
פונקט ווי דיין גליק, ווי ס׳איז דעמאָלט געווען.

## פרילינג־נאַכט

אַ שוואַרצע פלעדערמויז אַזאַ,
פון פינצטערניש אויפגעוואַכט,
פאַרפלאָנטערט אין שוידער פון קעפ
איז די פליגל־צערוישטע נאַכט.

יעדער טעמפער האָסטיקער קלאַפּ,
אויפטרייסלדיק ביזן פונדאַמענט —
איר בלינדער אומגעלומפּערטער פלי,
זיך שטויסנדיק אין דעכער און ווענט —

מיט אירע פליגל, צעבראָכענע,
אונטער די חורבות פון אַ הויז,
זי טשאַטעט פינצטער אַ גאַנצן טאָג,
ביז זי לעשט שוידערדיק זיך אויס.

א. נ. שטענצעל

## פייגל

און ווען די פייגל וועלן אָנקומען,
זייערע נעסטלעך וואו אויסצוקלעפּן —
אַז אונזער דאַך איז ניטאָ איצט מער,
און אויך ניט יענער וואָס דערנעבן.

יאָ, אַזויפיל צעשיטע פעדערן,
די גאַנצע וועלט כאָטש נעסטלעך אויסצובויען!
אָבער אַז מיט אייגענע הייזער אַזוי,
ווי אַזוי נאָך נעסטען אָנפּאַרטרויען?

ניט מיט זינגען פאַר אונדזערע פענצטער —
מיט אַזאַ וויינענדיק שטילן שווישטשען
וועלן די פייגל אָנקומען האַיאָר
און דערזען די חורבות און דאָס מוטשען.

## אַ רויזן קזשאַק

אָט וועט ער זיך בלוטיק צעבליען,
מיטן גלאַנץ פון זיינע דערנדלעך, דער קזשאַק,
ווי די מאַמע מיט איר קינד יענע נאַכט,
טוליענדיק עס אַזוי בעקעלע צו באַק.

טויט שוין איז געווען און אַזוי בלאַס,
אָבער גאַנץ איבערגאָסן מיט זידיקן רויט!
אַ צוזאַמענגעקנוילטער קזשאַק, אַ צעבליטער,
איר פאַרוואונדעטער לייב מיט קינדעלע, טויט — —

קאָן ווער עס דען צוריק אויפוועקן?
און ווער וואָגט עס צונעמען פון אירע הענט!
די מאַמע מיט איר קינד יענע אין יענער נאַכט —
אין זיין צוזאַמענקנויל כ׳האָב ביידע דערקענט.

## טולפּן

ווייטיקן וואָס נעמען זיך צוזאַמען,
אויפצופלאַצן אין בלוטיקע וואונדן, —
בייזע געשווילעכצן אַזעלכע! —
איטערדיקע און פיבערדיקע צעצונדן.

שרייען האַיאַר צייטיקע די טולפּן,
אויפגעקנאָספּעטע צום אויפברעכן;
דאָס אָטעמען פון זיי, אַזאַ קראַנקס,
פון גוסהן, אין לעצטן אויסדעכן — — —

און אפשר פרעסט עס אין מיר נאָר אַזוי,
ס'נעמט זיך איטערדיק־בלוטיק צוזאַמען!
זייט יענער נאַכט, ס'טויטע קינד געזען,
אויף די צעשונדענע הענט פון דער מאַמען.

●

# דער שומר

(פּאָעמע)

יעקב צבי שאַרגעל, תל־אביב

ביינאַכט ווערט רויט דער הימל פון פלאַמען און געשרייען —
אַ לאַנד גייט־אָפּ אין בלוט, אַ לאַנד גייט־אָפּ אין ווייען.

ביינאַכט פאַרשווינדט די שאָנד פאַר צווייפל און פאַר שרעק,
ווערט זיבן מאָל באַפרייטער הינטער באַרג, אין אַ העק.

אַלע קולות לויפן אָן אין דערשיטערנדיקן שטראָם,
שלאָגן־אָן אָן באַרג, זינקען אַראָפּ אין תהום.

פון תהום צום צריף, צום האַלצערנעם בנין. —
זינקט דער פונדאַמענט? — פאַלט דער גאַנצער בנין? —

אליין דאָס האַרץ ענטפערט: ס'אַן עכאָ פונעם טאָל!
אליין — עס מאַכט זיך יעדער חשבון אויפן קול.

איינער פרעגט: פאַרוואָס?! פאַר וועמענס שולד און זינד?
און וואָס איז שולדיק דען אַן עופעלע, א קינד?

און סעדער פון מאַראַנצן, און סעדער פון ציטרינען?
און פעלדער אויף זאַמדן, וואָס אַנגעהויבן גרינען?

און ער אליין — וועמען קומט ביי אים מאַנונג,
אַז עס ווײנט אין אים רויע ניט דערפילונג?

ביינאַכט ווערט רויט דער הימל פון שיינענדיקע טריט,
עס טויכן אויף געשטאַלטן אין צעפיבערטן געמיט.

**
*

שפעט. עס סודעט זיך דער זייגער.
א לבנה־צונג לעקט אַרום ס'געלעגער.
דער שטויב ווערגט, ווי ניט־דערוויינטע טרערן. —
די שטילקייט קריכט פאַרטייעט — אַ יעגער
מיט האַנט אויף צינגל און בלוטיקע באַגערן.

ס'האָבן אויסגעבראָכן שריפות אויף די מערק. —
לאָמיר גיין מקבל־פנים זיין די עדה;
גיטאָ זיך וואָס צו שרעקן פאַר די בערג
און פאַר די וועגן — אויסגעטראָטענע דורך די זיידעס.

שפעט. עס סודעט זיך דער זייגער.
דאָס בילד פון וואַנט גיט דעם אורח „שלום";
צוויי פאַר אויגן קוקן תפילהדיק צום געלעגער: —
אָ, ווי לאַנג וועט זיך וועבן אָט דער חלום?...

ער כאַפּט זיך אויף, פאַראַלט־אויף די אויגן, — אַ פייער!
ס'האָט אַרומגעכאַפּט דעם צריף פון אלע זייטן.
ער טוט אַ ריס זיך, ווי אַ בלוטנדיקע חיה,
פון דער נעץ, וואָס דער פיינט פאַרגרייט אים.

מיטן גאנצן גוף ער ווארפט זיך אויפן בעטל.
צום ווייב ער שרייט מיט קולות אומגעהייער. —
ער דריקט צו זיך דעם זון און ער גלעט אים, —
ער וועט אים ראַטעווען פון שנאהדיקן פייער.

ער וועט אים ראַטעווען — דעם דור, דעם אומבאַקאַנטן,
ער לויפט מיט אים, ער ווייסט ניט צו וועלכער זייט.
א קויל האָט געלעכערט דורך דער וואַנט אים. —
די דורות האָבן זיך בלוטנדיק צעשיידט...

ר'האָט אַ קראַך געטאָן מיטן פּנים צו דעם דיל,
ס'קינד איז אים ארויסגעפאַלן פון האַנט,
ר'האָט אַרויסגעלאָזט אַן אימהדיק געבריל,
מיט הייסן בלוט באַשפּריצט ער האָט די וואַנט.

דאָס בילד האָט זיך אַ וווּנד־געטאָן מיט חידוש,
אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויפן מת,
דאָס ווייב — אין אַ וואָכעדיקן יידיש —
האָט אַדורכגעלעכערט דעם שבתדיקן מעת־לעת:

... און וויי צו אירע יאָרן, און וויי צו אירע טעג.
אויף וועמען האָט ער זי איבערגעלאָזט אַצינד?
וואוהין וועט זי גיין, וואו איז איצט איר וועג,
וואָס וועט איצטער ווערן פונעם קינד?

ס'קינד האָט ניט פאַרשטאַנען איר שפּראַך,
ווי ניט פאַרשטאַנען ס'האָט דעם אומגליק, וואָס געשען,
ס'האָט אויסגעקרומט דאָס פּנים צו אַ לאַך
און — פאַרגאַנגען אין אַ יאָמערלעך געוויין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעט. עס סודעט זיך דער זייגער.
ווי אַ מעסער שניידט דער פייף פון שומר.
פון וואַנט אַראָפּ, פון בילד, —
די ווייסע הענט פון גרויסן טרוימער
ענטפערן מיט געשעפּטש: —
„אויב איר ווילט!"...

שפּעט. עס גייען אויס די שעהן. —
אין שלאָף ער אָנט דעם צער פון אַלע צערן.
די צייטונגען אין שוואַרצן — קראַקנדיקע קראָען,
יאָגן אים, באַפאַלן אים, און דראָען,
באַוואַרפן אים מיט שפּענסטער — געפאַרן.

זי לויערט היינט, די נאַכט, אויף זיין באַראַקל. —
אַט דערהערט ער טריט, אַט דערהערט ער רייד.
פאַר די אויגן האָט אַ פלאַם־געטאַן אַ פאַקל —
פייער־ליכט אַרום שטוב אויסגעשפּרייט.

ליכט — און עס וועפּט זיך אויס דער כישוף,
פאַרגייט צוזאַמען מיט טרוימערישן ווי. —
שנת ת״ח. קישענעוו. בערדיטשעוו...
נייע בילדער לויפן אָן — אַ זאַווי.

ער טוט אַ וואַרף, טרייסלט־אָפּ פון זיך פאַרגלייכן;
מיט אַנגסט ער קוקט צום פענצטער, ווי צו אַ האָקן.
ווייב! — פון ים אַרויס לויפן צוריק די טייכן...
זי פלאַטערט אויף: — פאַר וועמען זיך דערשראָקן?!

כ׳וויל זיי צוימען. זיי פאַרטרינקען אונדזער צריף.
כ׳וויל ארויס צום באַרג, כ׳וויל ארויס אויף שמירה,
א סאַטראַפּ אויף אַ טרינקנדיקער שיף! —
כ׳וויל היטן דעם באַראַק — אונדזער צירונג.

מיט אַמאָל — טריט. עס עפנט זיך די טיר.
א לויטער קול טוט אַ זאָג „שלום״!
עס ווערט העל, עס בייט זיך נאַכטס קאָליר —
(עס וועבט זיך ווייטער, עס שפּינט זיך פול דער חלום)
„פון אַ ווייטן וועג איך קום, מיין זון, צו דיר״!

איך קום איצט פון דער היים, כ׳ברענג דיר מיט די מאַמע.
— שרה־לעבן, קום אריין צום זון!
שטאַט לאָזט דיך גריסן, געדענקסט זיי דאָך מסתמא, —
יידן לאָזן זיך פאַרן איבער ימען.

יידן האָבן דערשפּירט אין זיך עליה;
מ'לאָזט זיך גיין מיט לאָמטערנעס אין די הענט.
דער שניי איז צעגאַנגען, אַלע וועגן גליען;
פון ווינטן זיינען די פּנימער פאַרברענט.

יידן האָבן דערהערט אין זיך דעם רוף.
מ'האָט אויפגעגראָבן זאַפט פון אלטע שטאַמען.
געדענק, מיין זון, מ'דאַרף שאָנעווען דעם גוף;
פאַרהיטן ס'ביסל שארית פאַר די פלאַמען.



# פינף סאָנעטן

## פסח ווייל‍אַנד, וואַרשע

### ג ע ב ו ר ט

אַ ליכטיקער באַגין אין יענעם אַפּריל,
אַ גאָלדענע זון אין הימל שיינט,
אין שטוב מיין מאַמע אין הויכן געבורטס־ווי וויינט
און פאַר דער שוועל די וועלט אין דערוואַרטונג ליגט שטיל.

דער ליכטיקער באַגין האָט מיך צום ערשט דערזען,
נאָך פאַר דער מאַמעס מילך אין מיין בלוט זעאונג געגאָסן.
מיין בליק אין דער זעאונג איינגעשלאָסן
און אויסגעמעקט דאָרט אַלץ וואָס פריער געוועזן.

דערנאָך האָבן איבער מיין יונג געביין זיך געבויגן
טאַטע־מאַמע הענט ווי קרעפּטיקע ווערבע־צווייגן
און פרייד האָט געבליט אין זייערע פייכטע אויגן.

אַ ווײלע שטילקייט האָב איך זיי צוריק געשענקט —
דאָס מיסטעריום פון ערשטן שווייגן.
באַלד האָב איך זיך צעוויינט און אַזוי אַרום צו זיי זיך דערקענט.

# טאַטע

מיין אָרעם לייב, אין אַ געשענקט קלייד הייבט זיך אָן דיין לעבן.
דעם בלייכן שיין פון בית־מדרש־ליכט
האָט קאַלטער לעבנס־ווינט ניט אויסגעלאָשן פון מיין פאָטערס געזיכט
און אַזוי האָט ער עס טויטערהייט די צעקאָפּנס־ליכט צוריקגעגעבן.

זיין שבת־טיש האָט ניט געהאַט קיין חלות.
שלאָף איז געווען דער כח פון זיינע הענט.
גליאיקער ווייטיק האָט זיינע פיס פאַרברענט
און זיינע יום־כיפור טרערן — אַ גרויס קינד אין טלית!

אין מיטן האַנדל־וואַנדל פלעגט דער טרויער אים פאַרהאַלטן,
ווער ווייסט? ווער ווייסט וואָס האָט זיין האַרץ אַזוי באַשווערט?
אַ זשאַרנע פלעגט ער דרייען, סאָסנע־ליפּעס שפּאַלטן.

מיין אָרעמער טאַטע האָט ראַזאָווע ברויט געבאַקן, געמאַלן האָבער־גריץ,
נאָר אַט־אָ דאָס האָט מיין קינדעריש אויער אין שטוב געהערט —
האַק־געקלאַפּ, זשאַרנע גערויש און שניידנדיקער זיפץ.

# זיידע

הויך איז ער געווען, הויך אין גוף און שטאַרק אין גייסט.
זיין גאַנג — ווי ער וואָלט אין הימל אומגעגאַנגען,
מיט זיינע ווייסע הענט האָט ער געגאַרט די מלאכים צו דערלאַנגען
און ווי די הויכקייט — אַזוי דראַענד, איינגעשפּאַרט און דרייסט.

אין זשאַרנע גערויש און שניידנדיקן זיפץ,
צו גאָט האָט שטיל געריעדט זיין האַרץ.
מיין מאַמעס טאַטע, ער האָט צווישן הענג־לייכטער און העסע־שיין,
ווי אַ געפאַנגענער אָדלער אומגעפלאַטערט אין זיין דאַאיקן זיין.

אין די נעכט — דאָס ווייב וואַרט אין שטילע באַגערן,
ער פלעגט צו איר קומען
און זי פלעגט ליכטיק טראָגענדיק ווערן.

און ער איז אַנטרינען — — —
און ער האָט אָנגעזאָגט מיין מאַמען:
טאַכטער! מיין בלויען גאַנג זאָלסט דו ווייטער שפינען.

# מ אַ מ ע

טאָכטער, מיין בלויען גאַנג זאָלסטו ווייטער שפּינען.
געווען איז מיין מאַמע שיין און געזונט:
לאַנגע צעפּ, שוואַרצע אויגן און בריסטן ווי עפּל רונד.
אין דער פערטער שוואַנגערשאַפט האָט זי מיך געווינען.

מאַמע, איך זע דיך מיט אַ צעפּאַכטעטער פאַטשיילע אין ווינט
צווי עמער וואַסער פון ווייטער ברונע טראָגן.
מאַמע, איך הער דיך שטיל ברכה זאָגן
און כ'זע דיך באַוויינען דיין ערשט געשטאָרבן קינד.

אין יענעם באַגין, ווען ער איז אויף אייביק איינגעשלאָפן,
מיט זיין שטילן קול האָט ער מיך אויפגעוועקט
און מיט דעם גסיסה־פינגער צו זיך אין בעט גערופן

און מיך געהאַלטן אין זיין לעשנדיקן בליק
ביז דער טויט האָט אים צוגעדעקט.
מאַמע, צום זיידנס בלויען וועג האָסטו מיך געבונדן מיט גורל־שטריק.

# ט ר ו י ע ר

צום זיידנס בלויען וועג געבונדן מיט טרויער—דור, דורותדיק,
אַן איבערגעשראָקן קינד — האָט מיך אַלץ געיאָגט.
איך ווייס ניט וואו כ'האָב געגעכטיקט און וואו — געטאָגט.
ווינט און וואַלד האָבן געשענקט מיינע אויגן דעם טרויעריקן בליק.

און מיין האַרץ איז עלנד געוואָרן,
און עס גליט אַ בענקשאַפט אין מיר צו דער שכינה.
אין מיינע אָדערן רינט דעם זיידנס בלוט, דאָס בלויע־דינע
און אויף מיין גאַרטל, אַ וואַרטנדיקער, שטומט דער זילבערנער
גאולה־האָרן.

דער קלענסטער ריר פון בילד און קלאַנג,
דער גרינגסטער טראָט פון לויפנדיקן האָז
אין מיין בלוט טויכט אויף אין א לויטער געזאַנג.

אונטער דעם של ראש, אַראָפּ פון מיין צעקאַרבטן שטערן,
דעם זיידנס אָדלער־נאָז
און זיינע זעקלעך צוויי, פול מיט גלות־טרערן.

●

# לידער

## גבריאל פרייל

### צוויי חלומות פון נענסי לינקאָלן

1

איר מאַן טאָם שלאָגט דורך וועגן אין קענטאַקי,
אַ לאַנד אַ געדיכט־וואַלדיקע, אַ שווער־קאַריקע.
אמת, זיין פּנים איז צעאַקערט פון ברוגזע האַרבסטן, —
אָבער די אויגן — צוויי בלויע פרילינגס־אָזיערעס קוקן אַרויס,
און יעדער אָטאָם פונעם קערפּער רעגט זיך, שפּאַרט מיט דערוואַרטונג
אין אָנבליק פון אַן אויפגעדריסענער ווייטקייט,
וואָס קומט נעענטער־נעענטער, ווערט אייגענער האָב:
עס אַנטבלויזט זיך די ערד, אַ גיריקע אויפצונעמען
דאָס ביטערניש פונעם רינענדיקן שוויס, דאָס זיסקייט פונעם בלוט;
זי פאַרשטייט ס׳שפּיל פון מוסקול, ווי אַ סטרונע שטראָם געצויגן,
הערט אַן אויפגעהייטערטן ניגון פון סקריפּענדיקע רעדער,
ליבט אַ פאַרמאַזאָליעטע האַנט וואָס הויפנט רייפן, ווייסן אַרבעס,
בערגלט שפּעטן מאַיז־גאָלד.
און די אויסגעשפּרייטע אָוונטן זיינען באַפּעלקערט
מיט אַזעלכע פרומע, גוטע, שטאַרקע, —
ווי פונעם הייליקן בוך אַרויסגעוואַקסענע.
זיי דערמוטיקן־בענטשן דעם אויף רייד קאַרגן טאָם,
דעם קענער פון הראַבליעס, דעם מייסטער פון רידל און זעג.

2

דער דור וואָס פאָלגט נאָך וועט אפשר זיין אַ געצערטלטער;
דער אָדלער פון די שטאַטן וועט מיט זיינע פליגל פאָכן,
אַזש די פליינען דערגרייכן, —
און איצט, ס׳יינגל וואָס זי האָט געבוירן טאָמען דעם שלימזל,
וועט שוין ניט נעכטיקן אין אַביידל פון קלעצער צונויפגעשטעלט,
ניט טרעטן אויף אַ דיל — טונקל־צעריבענעם זאַמד.
דער הויפט־שרייבער אין דאָרף וועט ער זיין, —
יאָ, מיט גאָטס גנאָד אַן אַדוואָקאַט אויסגעפּוצט אין אַ קאַפּעליוש
ווי אַ פינצטערער קוימען. —
און מענטשן, יונג און אַלט, צעקריגטע־פאַרביסענע וועלן אים באַלאַגערן,
אַ געוויכטיקע עצה ביי אים זיך פרעגן.
און איצט וועט זיי אויפנעמען אַ העפלעך־אויפגעלויכטענער,
אין אַ געראַמען, פיל־פענצטערדיקן צימער;
פּאַוואָליע, נחתדיק פוס אויף פוס לאָזן רייטן,
אָנשטעלן אַ שפּיציק־אויפמערקזאַמען אויער, —
און נאָכדעם מאַכן זיינע רייד פאַלן — פיין־דורכגעטראַכטע, וויציק־טרעפלעכע.

אָט אַזוי — — — —

סעם דער כיטרער קאַליקע, איימאָס דער דורכגעטריבענער קרעמער
און אייסייאַ טאַד דער תקיף וועלן אָפן־מויליק שטוינען:
וואו האָט דער אייב אַזויפיל קלוגשאַפט געפונען?



נענסי האָט זיך אויפגעוועקט פון טיפן שלומער,
איבער די אויגן אַ האַנט אַריבערגעפירט
און שמייכלענדיק זיך אומגעקערט
שייטן האַלץ צו שפּאַלטן, פונעם ברונעם אַרויפציען אַן עמער.

## אַן אָרט צו אַנטלויפן

ווען ניי־יאָר קומט און עס שאַלט פריידיק אַן אויפגעטורעמטע שטאָט,
אַן אָנגעשטאָלטע מיט לוסטן,
צי איך מיר צו ווערמאָנט, וואו אויסגעקלאָרט איז יעדער טאָג,
וואו וועגן זיינען מיט גלויבן ריינעם געפלאַסטערט.
צניעותדיק־גרין שיילן זיך טאָלן, בערג הויערן ווייסע, שטאָלצע;
אַן צווייפל פלאַמט דער מעיפּל־בוים, אַן ביטערניש — איז ס׳האַניק.

ווען אַ פיינטלעך ניי־יאָר קומט לויערן אויף שטאָט,
באַווײַנט מענטש זייַנע אַוועקגערויבטע, אָרעמע צייט־קערנער;
אָבער דאָ ווערט יאָר באַגעגנט מיט אַ פולן, ריזלדיקן געלעכטער,
דאָ פאַרשלינגען שנייען־ליכטער זייַנע שאָטן־קאַראַוואַנען.

## שניי

עס איז גוט צו זיין ווי דער שניי, צעקריזשלט אונטער שטיוול און ראָד—
און דאָך פאַלן אויף דער ערד מיט אַ לייכט־רואיקער זיכערקייט;
ווי שניי צו שימערן מיט אַן אייגן ליכט צווישן געדיכטע קנוילן נאַכט,
שרייבן ווי מיט פעדערן אויף דעכער, אַן אידל געוועב באַציען
אויף שטאַמען פון סאָסנע־ביימער, אויף אַ בעריאָזע־קאָרע.
אָבער ליבער פון אַלץ איז מורמלען אַ נאָענט פאַרשטענדלעך ליד
צו אַ האַרץ שטום־פאַרלוירן.

## האַרבסט

קלוג אין זיין פראַכט איז דאָ דער האַרבסט:
זיי האַרץ — אַן אויפגלי פון קרישטאָל אין פלאַם,
זיין גאָלד זעלטן־טייער, פאַרשווענדעריש זיין האַנט;
צווישן די קעניגרייכן פון צפון און דרום שטייט ער,
דער שטאָלצער, אויפגעקומענער צעטיילער פון סעזאָנען.
אָבער די פויערים מיט זייערע האָר — שטרוי,
אויגן — פאַרפרוירענע סאַזשעלקעס,
און מיט ליולקעס מיושבדיק־פאַררוקט אין די מיילער,
שענקען ניט צופיל אָנזען
אָט דעם צעלאָזענעם פאַרבייגייער.
מיט אַ געניטן בליק מעסטן זיי אים
און שאָקלען מיט באַדויערן די קעפּ:
„אַ טליענדיקער פונק וועט ער באַלד ווערן.
די יורשים פון זיין גוטס — זיינען מיר.
מיר וועלן געלאָסן עסן אַ פּענעץ ברויט,
עפּל־ווייַן טרינקען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם;
אונדזער שלאָף אָהנט ניט קיין חלומות
און ס׳אויפוואַכן — אַנטוישונג“.
דאָ איז קלוג אין זייַנע זיטן דער פויער.

# פ. בימקאָ אַלס דערציילער איז אויך אַ דראַמאַטורג

ב. ריווקין

מען דאַרף צוגיין צו בימקאָן אָן שום פּאַראורטיילן—אפילו אָן קונסט־פּאַראורטיילן. — אזוי ווי מיט בימקאן האָט די קריטיק זעלטן־ווען זיך פארנומען און זי דאַרף אים ערשט אויסגעפינען — איז ווען זי טרעט שוין אַמאָל צו צו אים, מעסט זי אים מיט אירע פּאַרטיקע מאָסן. זי ווענדט אויף אים אָן די פון איר אָנגענומענע קונסט־כללים, מיט דער אויסגעלערנטער און איינגעלערנטער טערמינילאָגיע: סטאַטיק, דינאַמיק, נאַטולאַריזם, רעאַליזם... אז זי, די קריטיק, ווייס אזוי זיכער וואָס קונסט איז! און הגם ביי די קריטיקער איז נאָך א גרויסע פלוגתא, צי די עובדא פון קונסט איז צו געבן דאָס לעבן ווי עס איז, אָדער צו געבן דאָס לעבן ווי עס קאָן זיין — אָבער ביי יעדן קריטיקער באַזונדער איז זיין אָפּגעמאַכטע מיינונג אָן אָפּגעפּסקענטע שאלה, אָן אָפּגעשטעמפּעלטע זאַך, וואָס הענגט ביי אים ווי א פּסוק אויף דער וואַנט. און זיי, די קריטיקער, ווייסן אזוי אַקוראַט וואָס טאַלאַנט איז! און הגם זיי זיינען נאָך מחולק, צו טאַלאַנט איז הוילער דראַנג, אדער דראַנג מיט באַוואוסטזיין, מיט אידייע, מיט מיסיע — אָבער ווידער אַמאָל: ביי יעדן קריטיקער הענגט טאַלאַנט, ווי א פּאַרשריפט אויף דער וואַנט, סעפּאַראַט פון לעבעדיקן שרייבער. קוקן זיי אויף דער וואַנט און קוקן אויף בימקאָן. עס שטימט ניט! גאָר ניט לויט דעם פאַרגעשריבענעם פּסוק! א ווילדער טאַלאַנט!

אָבער טאַלאַנט איז ניט אויף דער וואַנט, נאָר אין לעבעדיקן שרייבער. און יעדער פארמאָגט אים אויף זיין אייגענעם אופן, ניט לויטן פּסוק. די מאָס אויף צו מעסטן בימקאָן דאַרף מען געפינען ביי אים אליין. דאָס איז דער כלל פאר יעדן טאלאנט. ער דאַרף געמאָסטן ווערן מיט זיין אייגענער מאָס. אבי עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן, אז ער האָט טאַלאַנט. און דאָס קאָן ביי בימקאָן פעסטגעשטעלט ווערן גלייך פון ערשטן זייטל. עס לעבט! אַלץ, צו וואָס ער רירט זיך צו, ווערט באלעבט! יעדער זאַץ איז אָנגעפּראָפּט מיט אזויפיל לעבן, אַז עס בלייבט איבערגענוג פאַרן לייענער אָנגעשטעקט צו ווערן. — דאָס ערשטע זייטל פון דער ערשטער דערציילונג פון בוך — „דער שאָפּ, עליע רבילע און די יידלעך זיינע” — הייבט זיך אָן אַזוי:

„אַז דער שאָפּ איז געלעגן אויף איינער פון די צעקרימטע געסלעך אין וויליאַמסבורג, האָבן זייגוול, פּיוול, דזשעק און די אנדערע — ניט געוואוסט, אַז זיי אַרבעטן אין אַ שאָפּ. דאָס נידעריקע אָפּגע־קראָכענע הויז האָט פון דרויסן גיכער אויסגעזען, ווי עפּעס אַן אַלטע, צעפאַלענע חורבה, וואָס שטייט אויף הינערשע פיסלעך, און וואָס דאַרף ניט מער ווי ס׳זאָל עמיצער, מיט א כוסה אין קאָפּ פאַרבייגייענדיק — אַ בריקע טאָן אין דעם מיטן פוס, איינמאָל און נאָך אַמאָל, אז די ווענט זאָלן זיך צעפאַלן, דער דאַך זיך אונטערגעבן און אראָפּזעצן אויף דער ערד. נאָר אזוי ווי ס׳האָט זיך אָבער אזא שכור ניט געמאכט, און אויב יאָ, איז אים די האלב צעפאַלענע חורבה, ווי א סך אַנדערע אויף דעם געסל־קנאָפּ אָנגע געאַנגען, האָט עליע רבילע דער בעל הבית פון דער שאפּקע, פאַר דאָס שוין געזען, אז ס׳זאָל דאָ אינעווייניק, צווישן די פּוסטע, רויטע, אָפּגעריבענע ווענט קיין שאָפּ ניט זיין, יעדנפאַלס זיין שאָפּ ניט״.

ניט קיין שאָפּ, נאָר אַ שטאָל! — האָט דער בעל הבית געגרימ־צאָרנט, און ער האָט זיך געקליבן אריבערטראָגן זיין שאָפּ פון וויליאַמסבורג אויף דער זיבעטער עוועניו, אין א ברייטן ליכטיקן בנין, כדי צו זיין אַ בעל הבית צו לייטן גלייך, וואָס די אַרבעטער זיינע האָבן זיך שטאַרק געשראָקן דערפאַר, און דער בעל הבית האָט דורכ־געפירט זיינס. די מענטשלעכע דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַרום דעם, איז דער סוזשעט פון דער ערשטער דערציילונג.

מאָכן טויטקייטן, שפּרודלען מיט לעבן — איז דער הויפּט־סימן און די הויפּט־מעלה פון טאַלאַנט. וויבאַלד די הויפּט־מעלה איז פעסט־געשטעלט, מעג מען שוין זוכן הסרונות וויפיל מען וויל. די הויפּט־מעלה קויפט זיי אַלע אויס. דער ערשטער חסרון, וואָס מען זעצט אויס — איז בימקאָס געדיכטער פּויליש־יידישער לשון, וואָס לייגט זיך דעם ליטוואק ניט אזוי לייכט אויף דער צונג. איז די עצה צום ליטוואק: אזוי ווי א גוטן קאָפּ האָט ער אויף זיך, זאָל ער זיך אויס־לערנען בימקאָס לשון. און דאָס וועט אים פאַלן זייער לייכט. נאָכן פינפטן־זעקסטן זייטל וועט ער דאָס לשון שוין פאַרשטיין. אָבער בימקאָ אליין וועט אים אונטערזאָגן דעם באַטייט פון די צו־היימישע שארשיקע ווערטלעך: האַרמע, פּרוכנע, שלימיזן, א כלישנע טאָן — אָדער זיי וועלן אים אויפהערן שטערן. און ניט דעבאַטירנדיק וועגן דעם, צו מען מעג אזוי פאַרהיימישן אַ ליטעראַטור־סטיל — און עס זיינען פאַראַן פלינקע, בריהדיקע ווערטלעך און אויסדרוקן, וואָס וואָלטן דעם ליטעראַטור־סטיל וואויל־באַקומען. „אזויערנאַך״, „דער

גרויסער צעלייגער״ (אויף א פּאַרמאַן), „עס האָט נאָך אַ ברירה אַלץ צו זיין גוט״ — וועט דער לייענער האָבן זיין שכר, וואָס זייטל נאָך זייטל וועט ער זופן דעם מחיהדיקן טעם פון לעבעדיקן שטאָף. און וואָס ווייטער אין לייענען, אַלץ מער מעלות בימקאָס וועלן זיך ארויס־ווייזן — מיט זיין צווייטער הויפּט־מעלה, אַז אונטער זיין גענייגטן „נאַטוראַליזם״ קווענלט פּאָעזיע, און עס גייט אויף אַ פאַנטאַזיע, וואָס בויגט זיך אין א מענטשלעכער דראַמע.

דאָס איז אַלץ גערעט, ווען מען האָט אַן אויג פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון א שרייבער׳ס טאַלאַנט. אָבער קריטיקער, וואָס מיינען, אַז טאַלאַנט איז ניט אין לעבעדיקן שרייבער, נאָר הענגט ווי א פאַרגליווערטע פאַרשריפט אויף דער וואַנט, פאַרפעלן אַריינצוקוקן אין דעם אַרבעטס־פּראָצעס פון טאַלאַנט, פון וואַנען עס נעמען זיך ארויס סיי די מעלות און סיי די חסרונות. מאַכן זיי זיך קאַלע די ראיה. פאַרזעען זיי אַן עיקר, אַז בימקאָ דער דערציילער שאַרט צענויף לעבנס־שטאָף פאַר בימקאָ דעם דראַמאַטורג.

אָבער פאַרגעסן מיר אָן די קריטיקער. לאָמיר זיך ווענדן צו בימקאָן אַליין — ארויסצוקריגן פון אים אַליין די מאָס אויף צו מעסטן דעם גראַד פון זיין טאַלאַנט און דעם קריטעריום אויף אָפּצו־שאַצן זיין אויפטו מיט דעם נייעם באַנד געקליבענע ווערק. דאָס איז דער אַכטער באַנד, נאָך די זיבן בענד דראַמען, וואָס זיינען ארויס דורך מ. צעשינסקיס פאַרלאַג אין שיקאַגאָ—אין 1936. נאָך פריער, אין 1926, האָט ער אַרויסגעגעבן דריי בענד דערציילונגען — ארויס־געגעבן דאָ אין ניו־יאָרק, אָבער די מערסטע פון זיי געשריבן נאָך אין פוילן. אפילו די געשריבענע אין ניו־יאָרק זיינען נאָכגעשריבן אין זיין פוילישן נוסח. די נייע דערציילונגען זיינען אַלע ניו־יאָרקישע; די ערשטע — „צייט־סקעב״ — ניט קיין דערציילונג, נאָר א בילד־לעכע דעקלאַמאַציע, אויף צוויי זייטלעך, איז דאַטירט 1926—אין דעם יאָר, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט פוילן.

וואָס איז געווען דער שטאָף פון בימקאָס דערציילונגען און דראַ־מען אין זיין פוילישן פּעריאָד? — די מלחמה־מהומה — מיט אירע פליטים, מיט אירע עלנטע און פאַרהונגערטע וואַגלער און פלוצים אויפגעקומענע גבירים־אדירים; מיט אירע שמוגלער, גנבים און אפילו גזלנים, און די מאַן־ און ווייב באַציאונגען אויפן הינטערגרונט פון דער מלחמה—מיט א הויפּט־ראָלע פאַר דער צאַפּלדיקער, פאַרשייטער אָדער פאַרטייעטער וועלפיש־קעציש יונגער פרוי; דאָס יונג מיידל אין איבערגאַנג צו שרעקעדיקער אָדער תאוהדיקער ווייב.

וואָס די מלחמה האָט געטאָן צום יידישן ליטעראַטור־שטאָף אין פוילן — דאַרף מען בימקאָן צופירן ניט צו עוזר וואַרשאַווסקין און האַראָנטשיקן ע״ה, וועלכע געהערן צוזאַמען מיט אים צו איין מלחמה דור, נאָר צו יוסף אָפּאַטאָשון, וועלכער איז געקומען אַהער מיט יאָרן פאַר דער מלחמה. די אַלע העלדן פון „ראָמאַן פון א פערד גנב״, וואָס שוועבן ביי אָפּאַטאָשון, אין א ראָמאַנטישן חלום, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער פּראָזאַאישער ערד; זיי זיינען געוואָרן טעגלעך ברויט. אבער אַנדערש ווי וואַרשאַווסקי און האַראָנטשיק, האָט בימקא מיטגעשלעפּט דעם ראָמאַנטישן חלום אין דער ערדישער ווירקלעכקייט אריין — ווי א פאַרשטיקטע פאַנטאַזיע, וואָס וויל זיך צוריק ארויס־שפּראָצן — ווייל א פּאָעט. וואו מען זאָל ניט וואַרפן א בליק אין זיינע אמאָליקע דערציילונגען, שטויסט מען זיך אָן אויף זאַצן, וואָס שפּירן אויס שאַרפע עסענץ. אין דער דערציילונג „מאָן״, וואו א יונג פּאָר פאָלק לויפט פון א שלאַכט, וואָס האָט זיך צוגערוקט צו זייער דאָרף און פלאַקערט היגטער זייער רוקן: — „ער האָט אים דערשפּירט, דעם בליק אירן, וואָס האָט זיך אריינגעשניטן אין דער וועלט — אַזאַ רואיקער, אור־אור וויטער, קדמונימדיקער, פון פאַר דער וועלט־באַשאַפענער און אריבער דער וועלט פאַרגייענדיקער״... ער האָט געוואָלט, „אַז זי זאָל זיין שטאַרק און ניט שפּירן די יסורים וואו ס׳זיינען אפילו יסורים פאַראַן; און ניט ווי זי האָט געוואָלט — אוועק גאָר צו אַזאַ הויכער מנוחה, וואו ס׳זיינען בכלל קיין יסורים ניטאָ, אפילו ווען מ׳ליידט געגוג שטאַרק... אין דער דערציילונג די „קללה״, וואו א פּאָר פאָלק לעבט אין א וואַלד־הייזל, און דאָס ווייב איז חושד דעם מאַן, אַז ער טרייבט זיך ארום מיט גנבים און גזלנים: — „אין טריבע טעג, נאָכמער: אין רעגנדיקע פאַרנאַכטן, האָבן, דוכט זיך, ווי נאָך אַראָפּגעהאַנגען די שווערע כמורנע ברעמען פון די גזלנישע אויגן, מיט די בקשותדיקע בליקן פון יענע אומגליקלעכע, וואָס האָבן צו זיי אין די הענט באַדאַרפט אריינפאַלן, און שוין מער ניט ארויס־קומען...״

און נאָך דערפאַר האָט פאַנטאַזיע זיך געוועקט פון בימקאָס ער־דישקייט, ווייל א דראַמאַטורג. די שאַרפע עסענצן און די שאַרפע ווינקלען, וואָס ער האָט אויסגעשפּירט אין די מענטשן און אין די סיטואַציעס, פלעגט ער צונויפפירן אין א קאָנפליקט. ניטאָ קיין דער־ציילונג ביי אים, וואָס זאָל דורכגיין אָן א פאַטאַלן פינאַל. דיזעלביקע מענטשן און דיזעלביקע סיטואַציעס פלעגן אים דינען פאַר דראַמען.

און דאָס טשיקאווע דערביי, אַנגעהויבן האָט בימקאָ, סיי אַלס דערציילער און סיי אַלס דראַמאַטורג, דוקא אַלס אינטעליגענט־ליטע־ראַט, מיט אַן אויסגעפּוצטער שפּראַך. נאָר דאָ און דאָרט האַלט זיך עקשנותדיק אַ לאָקאַל ווערטל. כסדר אנשטאָט „אויף אים" — „אויפן", „וואָס דוואָרעט". — אבער וואָס ווייטער איז ער געוואָרן אַלץ ווייניקער ליטעראַט און אַלץ מער בימקאָ. פינף־זעקס אינטעליגענטישע דראַמען זיינען פאַרויסגעגאַנגען די „גנבים" און „דעמבעס". ווייל בימקאָ איז בטבע אַ „מאַסאָוויק", וואָס לעבט מיט דער געדיכטעניש פון דער פאָלקס־מאַסע, און רעדט געדיכטן גראַזיקן, וואַרצעלדיקן פאָלקס־אידיאָם, וואָס אָט דאָס שפּראַך־געמויזעכץ פלעמעלט זיך ביי אים מיט פּאָעזיע און רויכערט זיך מיט פאַנטאַזיע.

אַנגעוואָרן דעם דירעקטן קאָנטאַקט מיט פּוילן, האָט אים גענומען כמעט צען יאָר ביז ער האָט זיך ארייַנגעלעבט אין דער געדיכטעניש פון יידישן פאָלקס־לעבן אין אמעריקע. טאָקע זיך אריינגעלעבט — טאָקע מיטגעלעבט — אליין, דורכגעמאכט די אַלע אַכט דערציילונגען פון אַכטן באַנד. דורכגעגאַנגען די אַלע שעפּער און זיך אויסגעוואַל־גערט אויף דער איסט־סייד, וואָס האָט דעם גאָווערנער האָספּיטאַל פאַר איר צענטער, וואו די איסט־סייד קומט קרענקען און שטאַרבן אָדער זיך ראַטעווען מיטן לעבן.

ערשט אין די דערציילונגען איז אים געלונגען אריינצואַרבעטן זיך אין דער נייער סביבה. אין די דראַמען האָט ער נאָך אַלץ געלעבט אויפן חשבון פון פּוילן. אויף דעם פונדאַמענט, וואָס ער האָט דאָרט פארלייגט אויף דער מלחמה־ווירקלעכקייט, וואָס ביי בימקאָן איז זי דורכגעציטערט געווען מיט פארשטיקטער פאַנטאַזיע — האָט ער דאָ אויסגעפירט אַ פאַנטאַזיע־טורעם „די מויערן" און נאָך אַ גראַנדיעזערן טורעם — „די מארכביינער". זיינע קאָמעדיעס זיינען דער ערשטער פרואוו אריינצוקוקן אונטער דער אויבערשטער פלאַך פון דער יידיש־אַמעריקאנער געדיכטעניש. דאָ אָבער אין די דערציילונגען איז ער איבערן קאָפּ אין דער געדיכטעניש. אַזעלכע געדיכטע יידישע אַמע־ריקאַנישע דראַמען האָט ער נאָך ניט. ערשט אויפן סמך פון די דער־ציילונגען וועט ער זיי שרייבן. ווי אַלעמאָל גייען דערציילונגען ביי בימקאָן פאַראויס.

וואָס האָט בימקאָ געטאָן? — ער האָט גענומען די עוואָלוציע פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג פאַר 50 יאָר און האָט זי צענויפגעפּרעסט אין 10 יאָר (פון 1929 ביז 1938) — לויט דער צאָל יאָרן, וואָס ער האָט די עוואָלוציע מיטגעמאכט — דאָס בילדל

„דער סקעב״ פון 1926 רעכנט זיך ניט. ווי געזאָגט, א געהויבענע דעקלאַמאַציע פאַרצוטראָגן אין א סטרייק־האַל. — „כ׳זע אים, א דאַרן, א ביינערדיקן, מיט ארומגעשניטענע אויגן, שארפע ברעמען, גייט געלאסן, זיכער, ווי ער וואָלט קיינמאָל אין זיין לעבן א מענטשן אויפן נאָגל פונעם פוס ניט אָנגעטראָטן.״ — בימקאָ איז דעמאָלט נאָר וואָס געוואָרן אריינגעטראָטן מיט איין פוס אין אמעריקע. ער האָט ניט געוואוסט, אז אין צען יאָר ארום וועט ער גרייט זיין די אַרבעטער פון די שעפּער אָנצורופן „סקעבס״.

דער בעסטער וועג אַרומצונעמען די ערשטע זעקס דערציילונגען מיט איין בליק איז צו קוקן אויף זיי ווי אויף בימקאָס הכנה צו אָן אַרבעטער־דראַמע. די ערשטע דריי דערציילונגען — „דער שאַפּ, עליע רבילע און די יידעלעך זיינע״, „דער זייגער און זיין מערכה״ — ביידע פון 1929 — און „דער טאַטע, דעם טאַטנס קינדער און די יוניעס שאַפּ״ פון 1931 — זיינען דער שטאָף פארן ערשטן אקט. — „אויף צום ערשטן מאַי!״ און „קאַרל מארקס אויף דער אנדער זייט״ — ביידע פון 1936—שטאָף פארן מיטעלן אקט. — „דער באַס, די יוניע און די אַרבעטאָרער ווי פון איין שטיק״ — פון 1938 — דער שטאָף פארן שלוס־אַקט.

די ערשטע דערציילונג — די ערשטע סצענע פון ערשטן אַקט — „דער שאַפּ, עליע רבילע און די יידלעך זיינע״ — וויסן מיר דאָך שוין, האָט פאר איר סוזשעט דעם איבערגאַנג פון א סוועטשאַפּ אין א מאָדערנער פעקטאָרי. בימקאָ האָט נאָך פאַרכאַפּט די סוועטשעפּער. אין די פאַרשטעט האָבן זיי זיך פאר אים איינגעהאַלטן — פאר אים אין וויליאמסבורג, אויף א פוסט געסל ביים איסט־ריווער, נאָענט צו דער ברידזש פלאַזאַ, וואו די ארבעטער מיטאָגצייט קומען זיך זוניקן נאָך דער שטיקנדיקער פינצטערניש פון שאַפּ—א נאַקעט הייזל, רויט־באַשמירט פון דרויסן און פון אינעווייניק, פאַנאַנדערגעצאַמט אין קעמערלעך — לכתחילה געבויט די זון זאָל ניט אריין. ווילסטו זון? עפן די טיר, ביסטו דרויסן...

הערן מיר דאָ דעם אמאָליקן קלאָג אויפן סוועטשאַפּ? ס׳הייבט זיך ניט אָן. דער אומצופרידענער איז גאָר דער באַס, עלי רבילע. די ארבעטער אדרבא ואדרבא. ווען עליע צעפייערט זיך ווי א גזלן: — „זי ברויך נאָר קומען אויפן פייער די שטאָל!״ — גיבן זיך די ארבעטער זיינע א לאָז אים אראָפּצוקלאַפּן. — דאָס וואָס זי איז ניט מער ווי א שטאָל — ליגט דיר אפילו ניט אין דער לינקער פאה; ס׳גריבלט דיך נאָר וואָס דו קענסט ניט מער מאַכן...

— מ׳ווייסט, עליע...

— און וויפיל דו זאָלסט דיך ניט וועלן צלמען, וועט מען דיר אַלץ אַרויסזען די כשרע חזיר־פיסלעך דיינע...

וואָס זיינען די אַרבעטער אַזוי צעפרידן געווען? — „ס׳איז טאַקע קיין שאַפּ ניט געווען נאָר אַ שטאַל. און כאַטש זיינגוול, פּיזול, דזשעק און די אַנדערע האָבן דאָס אויך געוואוסט, און געווען זיכער דאָס אויב ס׳וועט אויסקומען אָפּזיצן דאָ נאָך אַ פּאָר יאָר וועלן זיי אַרויסגיין פון אים אַן לונגען...״ — אָבער...

— „אַז ווי טייער ס׳שטיקעלע געזונט זאָל ניט זיין, לוינט נאָך אַלץ צו פאַרקוקן אַ האָרעלע, אַ פינטעלע — אַבי ניט צו פילן דעם טעם פון אַ ריכטיקן שאַפּ...

„זיצנדיק אינעווייניק, אין די קליינע ברעקלעך שטיבלעך, האָט זיך זיי נאָר אויסגעדאַכט, ווי זיי וואָלטן געזעסן ביי זיך אין דער היים, אין היימישן ווערקשטעטל, צו וועלכן זיי זיינען געווען צוגעפּלאָסן פון קינדהייט אָן; געדריוועלט דעם ביינוועל. אַ ציִ, אַ שלעפּ און אַ שטאָך... אַ ציִ, אַ שלעפּ און אַ שטאָך. — אָן אַ באַזונדערן געאייל״... — מ׳שלאָפט ביי אים אין שאַפּ, מ׳שלאָפט אָפּ ביי אים די יאָרן — צעבייזערט זיך עליע.

— שלאָף אויכעט, עליע; ווער לאָזט דיך ניט? אינאיינעם וועט זיין געשמאַקער...

צעפלאַקערט זיך עליע רבילע ווי אַ שטרוי:

— אַ שאַפּ איז ביי אים — אַ חדר ניט קיין שאַפּ, אַ מושב זקנים...

צעלאַכן זיי זיך ברייטער די אידעלעך זיינע:

— דאָ איז דאָך די גאַנצע חכמה, וואָס ס׳איז קיין שאַפּ ניטאָ; ס׳זאָל זיין אַ שאַפּ, אַ באָס, אַ פאָרמאַן, מיט די אַלע זיבן גליקן, — וואָלט מען דאָ אין אים געזעסן...

און נאָך אַ מעלה האָט דער שאַפּ: — די מיטאָג־שעה. „איטלעכער גייט אהיים, אין זיין שטוב — וואו ס׳אייגענע ווייב האָט שוין, געוויינטלעך, צוגעגרייט אויפן טיש אַ האַלבן גרייפּ־פרוט, אַ ברעקל שמאַלץ־הערינג, אַ שוואַרץ שטיקל פריש ברויט, ווייס ברויט, עטלעכע בייגל, אַ פלעצל מיט ציבעלעס — אויב ס׳וועט אָנשמעקן; צווייערליי קעז — געדיכטע זויערע סמעטענע, וואָס מ׳קאָן שניידן מיט אַ מעסער״... און יעדער עסט וואָס ס׳שמעקט אים בעסער — אין מנוחה — ס׳פעלט נאָר זמירות ס׳זאָל זיין ווי אין אַ שבתדיקן טאָג. און מען „בעגמשט: — „מ׳טוט אַ קניפּ דער ווייב אין הינטן מיט גרויס מתיקות — ס׳איז גאָרניט צו באַצאָלן פאַר די היימישע געריכטן!״ — און אַ דריטע מעלה:

די פּלאַזע, וואו מען קומט זיך לופטערן און זוניקן נאָך די געשמאַקע מאכלים, צווישן די מאַמעס און קינדערשע וועגעלעך —

„ביז עליע רבילע פּלעגט אָן איין אָטעם אנלויפן, און נעמען מאכן מיט די הענט, שפּריצן מיטן מויל: — אַרבעטאָרער מיינע! כ׳וועל האָבן פון זיי ברויט צו עסן! זינט דער קוימען האָט שוין געפּיפן — און זיי זיצן נאָך אַלץ אין דער הינערפּלעט אויף דער פּלאַזע״.

פונדעסטוועגן פון אָט דעם געמיטלעכן מארודנעם ארבעטן און מנוחהדיקן עסן און לופטערן זיך אויף דער פּלאַזע, האָט עליע רבילע ניט נאָר געגעסן ברויט, נאָר האָט נאָך אָנגעקליבן גענוג קאַפּיטאַל אויף צו פּאָר חלומן א גרויסן שאָפּ אויף זיבעטער עוועניו — וואָס אָט דער חלום עליעס האָט זיך אראָפּגעלאָזט ווי א שווערער וואָלקן איבער זיינע אַרבעטערס קעפּ. זיי האָבן ניט געגלויבט ביז אין איין זוניקן פרימאָרגן האָט דער וואָלקן געפּלאַצט. זיי האָבן געפונען דעם שאָפּ פארשלאָסן אויף מער זיך ניט צו עפענען.

דאָס איז די אריינפיר־סצענע פון ערשטן אַקט. און אזוי דאַרף עס געלייענט ווערן ווי אַן אריינפיר אין א דראַמע. און דערפאַר האָב איך אַזויפיל אויסצוגן געגעבן, כדי צו וויזן, ווי אָפט בימקאָס טעקסט לויפט איבער אין דיאַלאָג. און אפילו וואו עס שטייט ניט בפירוש, אז עמיצער רעדט, איז דער טעקסט אויך דראמאַטישער דיאַלאָג. עמיצער רעדט — ווער רעדט? א העלד אויף דער בינע. ווער? בימקאָ אליין, דער דראַמאַטורג. ער טראָגט פאָר די דראַמע פאַר די אַקטיאָרן, וואָס דאַרפן אין איר שפּילן.

און דערפאַר אַזויפיל סצענקעלעך. ווייל דער אריינפיר דאַרף שאַפן אַן אָנגעזעטיקטע אַטמאָספערע אויף דער בינע. די מענטשן, וואָס באַוועגן זיך אויף איר, זאָלן דורכגעפילט ווערן; זאָלן אויפגע־לויכטן ווערן אין זייער פסיכאָלאָגיע, אפילו ווען זיי גיבן בלויז א מאַך מיט דער האַנט און א שמונצער מיט די ליפן. און דערצו העלפט אים זייער א סך, וואָס ער איז א מייסטער אויסצושפּירן און אויפ־צוכאַפּן שאַרפע עסענצן, מעשה פּאָעט: — „זיינען אלע געשטאַנען, דאָס גאַנצע געזעמל, ווי גאַרנישט ארום א פאַרמאַכטע טיר פון א שאָפּ, וואו מען ברויך אריינגיין ארבעטן, נאָר גיכער עפּעס ווי ביי א טיר פון א הויז, וואו מ׳האָט זיך אויפגעקליבן צו א לויה. שטיל, אָן איין וואָרט, אזוי ווי ס׳איז שוין ניטאָ איבער גאָר מער צו ריידן, און וועמען נאָך אין מויל אריינצונעמען...״

און ווייל יעדער מאָמענט איז אזוי שאַרף כאַראַקטעריזירט — ביז צום עצם־אויפגעשניטן ביז צום ביין — מערקט איר גאָר ניט, אז

די צענדליקער אויפגעכאַפּטע מאָמענטן זיינען אין תוך איבערחזרונגען; זיי חזרן איבער דעם איינדרוק פון א שאָף אין וויליאַמסבורג, כדי דעם איינדרוק צו פאַרשטאַרקן; וואָס ביי אַנדערע וואָלטן זיי אָפּגעגעבן מיט צעצויגנקייט — ביי בימקאָן זיינען זיי ווי געיאָגט אויף א דריי־בינע. איידער זייער צושויער־צוהערער קוקט זיך ארום, איז ער שוין אויך איינגעדריי — מיט דעם רעזולטאַט, אַז דאָס קלענסטע פּאַסירונגל דערלאַנגט זיך מיט פילפאַכן עפעקט. די בינע איז ווי דינאַמיטיזירט. אָט איז א מאָמענט פון שווייגן, וואָס פון דער בינע וואָלט זי געשריען עד לב השמים. — זיי האָבן אויפגעוועקט דעם בעל הבית און זיי האָבן שוין אויסגעהערט פון אים דעם טרוקענעם האַרטן גזר: — וועט די שאָפקע ניט ארויסגיין מער אויפמאַכן — זי ווערט מגולגל אין א גרויסן שאָף...

„זיינוול, פּיוול, דזשעק און די אַנדערע האָבן זיך ערשט גענומען אומבויגן יעגבער צו דעם, דער צו יענעם... זיי זיינען אזוי געשטאַנען, פּונקט ווי ס'פאַלט פאַר איינעם אַראָפּ אַ שטיק געזימס פון אַ וואַנט, און האַרט צו די פיס, וואָס מיט א האָר, א קוק, א ווענד מיטן אויג — האָט ער אייך געקענט פאַלן איבערן קאָפּ, און ס'זאָל ניט בלייבן קיין שריד ופליט פון געביין. עפּעס האָט זיך דאָ אויפגעהויבן פאַר זיי, א ווינט — זיך א דריי געטאָן פאַר די אויגן ווי רעדל, ווי ער דרייט זיך אַמאָל צענויף אויפן וועג, בלייבט אריינגעקלעמט פון ארום און אַרום, און שטעלט זיך אויף ווי א שטאָרץ צום הימל, פון גאַרנישט; ס'איז זיך עפּעס צעפאַלן: א הויז. א געהייז, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורך יאָרן און מיט גרויס מסירת נפש...״

דער לעצטער זאָץ וועגן ווינט בעט איך זאָל בימקאָן נאָך אמאָל צופירן צו אָפּאַטאָשון. אין ענלעכקייט אין סטיל, אין קורצן, אָפּגע־האַקטן ריטם, וואָס טראָגט זיך דאָך מיט פאַרגעזעצטן אימפעט.

ביי ביידן איז עס א באַוועגונג ניט אין רוים, נאָר אין צייט. עס געשעט. ניט זיי באשרייבן, נאָר דערציילן. א זאָץ איז אַ מיניאטור־דערציילונג. — בימקאָ איז נאָך־מלחמהדיקער אָפּאַטאָשו. ביידע שרייבן געשפרעך־סטיל, הייבן פלאַסטן פון פויליש־יידישן דיאלעקט־לשון.

בימקאָ איז אָפּאַטאָשו ביי דער ערד, ביי די גראָזן און וואָרצלען. רייסט ער גאַנצע קלעבעס, גאַנצע שטיקער פאָלקס־לשון, מיט די אָפּגע־ריסענע וואָרצלען, און שטיקערוויז שרייבט ער — ניין, שטיקערווייז רעדט ער — די שטיקער באקומען ביי אים צונג. יאָ, אַנדערש פון אָפּאַטאָשו, וועלכער שרייבט מיט א פּאָלירטער פּען, לאָזט בימקאָ די

צונג ריידן. ווייל ער דאַרף עס דאָך אַריינריידן אין מויל פון א שויס־שפּילער אויף דער בינע. און עס אַרט אים ניט פאַר די נאָכהענגעגדיקע אָפּגעריסענע וואָרצלען, פאַר די ניט פאַרענדיקטע זאַצן, וואָס פאַלן מאַנכעסמאָל פון זיין צונג. אזוי ווי דאָס פאָלק רעדט, אזוי ווי ער, בימקאָ, אליין רעדט. ווייל סיי ביים פאָלק און סיי אויף דער בינע, ווען אַ זאַץ ווערט ניט פאַרענדיקט, ווען די סיטואציע, דער זשעסט, די גרימאַסע שוין ארויסגעבן דעם פולן מיין. און עס אַרט אים ניט גאָר אָפּט פאר דעם ווילד־גראָז — ווי אין דעם זאַץ, וואָס איך האָב אויבן געבראכט, ווי דער אַרבעטער „בענטשט נאָכן עסן": א קניפּ דעם ווייב אין... מיט גרויס מתיקות. פאַראַן נאָך האַרבערע, זאַלץ־און פעפערדיקערע ביסנס פון פאָלקס־לשון, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם מענטשנס אונטער־חלקים. דאָס פאָלק שלינגט זיי מיט גרויס הנאה, קאָן עס אויך בימקאָ פארדייען. — ניין בימקאָ איז אין אָפּאַטאָשוס קלאָס פון קאָמפּאָזיציע פאר די מיידלעך פון סעמינאר ניט געגאַנגען...

האָבן מיר זיך באקענט מיט דעם שטאָף, פון וועלכן בימקאָ קנעט זיין דראַמע; מיט זיין פּאָעטיש־דראַמאַטורגישן מאנער, וואָס עסט ארויס די עסענץ פון יעדן מאָמענט און איבערזעצט זי גלייך אין גראַזיק וואָרצעלדיקן דיאַלאָג. ער האָט אויפגעשטעלט די סיטואציע און איינגעשטעלט זיינע מענטשן אין איר. קאָנען מיר מיטפּאָרן מיט זיין דראַמע מיט א שנעלערן טעמפּ.

איך נוץ נאָך אַלץ די ערשטע דערציילונג אויף צו באַקענען מיט בימקאָס דראַמאַטורגישן דערציילונגס־מעטאָד — די סצענע ווערט אַריבערגעטראָגן אין נייעם גרויסן שאָפּ.

ביז אַהער איז אַלץ געווען מאַסע — „זייגוול, פּיזול, דזשעק און די אַנדערע" — איצט איז מער מאַסע, אָבער עס נעמען זיך שוין ארויסטיילן פּאַרשוינען: — דער פּאָרמאַן, א דאַר מענטשל, מיט א פּאַר־שאַרפע טרוקן נעזל; עליע רבילע, אין א נייער געשטאַלט — ער לערנט זיך דעם שטאָט פון בעל הבית ביים פּאָרמאַן און זיצט פאַרשפּאַרט הינטער א טאָוועלנער ווענטל מיט „א שטיקל מיידלטשינע, נאָך מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, וואָס זי מיט איר איידלקייט, דינקייט, פאַרשפּיצטקייט און פישטשען ווי א פייגעלע, איז גאָר דער קאָפּ פון שאָפּ."

אויף די ארבעטער ציטערט די הויט; זיי ווייסן, אז נאָך צוויי וואָכן וועט א דריטל פון זיי ארויספאַלן. אָבער אונדזערע יידעלעך — „זיי זיינען דאָך מיטגעקומען מיטן שאָפּ, און אויף זיי איז דאָך גאָרנישט,

על פּי שולחן ערוך פון דער יוניע, חל די צוויי וואָכן.״ חוץ דעם האָט עליע רבילע דען ניט אָנגערעדט אַזויפיל גוטס אויף זיי צום פּאַרמאַן? — „אַז ער האָט מיט זיי אָנגעהויבן, מיט די יידעלעך, נאָך מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק.״ — אָבער דער פּאַרמאַן — „זאָל ער כאָטש אויף איין שעה גיין אין גאָטס דר׳ערד אריין — זיצט ביים גרינגעדעקטן טישל, ווי — א הונט אויף דער קייט, — ווי ער וואָלט מיט קיינעם קיין מגע ומשא ניט געוואָלט האָבן, און קריכט דאָך אומעטום אדורך מיט די ביסטרע אויגעלעך זיינע; שאָצט אָפּ, וועגט און מעסט אָפּ מיט גרויס פאַרשטענדניש יעדנס טאָן, עסט זיך איין אין יעדנס ביס און צעפּיר מיט די הענט״ — און פּלוצלונג וואַקסט ער אויס הינטער זייערע פּלייצעס, און אַז יענע הייבן אויף די קעפּ מעסט ער זיי אָפּ מיט די צוויי ביסטרע אייגעלעך;

— ווי אזוי נייט איר דאָ עפּעס? אין וויליאַמסבורג איז געווען אַזאַ מאָדע?

— דער באָס זאָל, אפנים, האָבן געמאַכט א שלל מיט גאָלד פון זייער קראַצן זיך, — חכמהן זיך די יונגע אַרבעטער אויף זייער חשבון.

דער פּאַרמאַן, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן דערויף צו לערנען באַסישן שטאָט עליע רעבילן, האָט אין אים געגומען אריינקנעלן, אז אז ער טאָר זיי ניט האָבן אין שאָפּ, וויל זיי בינדן אים די הענט מיט די פּיס, לאָזן אים דעם קאָפּ ניט אויפהייבן... אַרבעטאָרער טאָרן בכלל ניט זען אַזעלכע קריכערס... — ביז ער האָט געפּועלט. צו די צוויי וואָכן האָט מען זיי משלח געווען. האָבן זיי זיך געוואָרפן צום „פראָנט״, צו דער טאָוולענער מחיצה. „האָט דער פראָנט אַרויסגעשטעלט דאָס מיידל — מיט די דינע, אויסגעצויגענע, רויטע, געמאַכטע ליפּעלעך, באַחנטע בעקלעך, זי האָט אויפגעמאַכט מויל און אויערן; — ווער איז דאָס עליע רעבילע? אז זי ווייסט גאָרנישט פון א מענטשן מיט אַזאַ נאָמען אין שאָפּ — ביז דאָס איז ענדלעך אריין אין דער גאָלדענער קעפּל אירן, און אַזוי געלאַסן, מילד — מיט אַלע טויזנט חנען וואָס ביי די מיידלעך, זיי געגעבן צו פאַרשטיין:

אז איר באָס איז א ביזי מענטש און ס׳איז אים זייער שווער צו כאַפּן...

און דאָס איז געווען דער סוף פון די „וויליאַמסבורגער יידלעך״.

וואָס האָט דער אַנאַליז פון דער אריינפיר־סצענע אונדז געגעבן? איך האָב בכיוון אזוי לאַנג זיך פאַרהאַלטן אויף אָט דער סצענע כדי צו ווייזן די גרויסע פעולה פון בימקאָס פּאָעטיש־דראַמאַטישן מעטאָד. קיין „פּאַבולע״, קיין מעשה אין געוויינלעכן זין פון וואָרט.

עס געשעט גאַרנישט, וואָס זאָל קאָנען דערציילט ווערן, איז דאָך דאָ ניטאָ. געשילדערט ווערט אַן איינפאַכער, מעכאַנישער, אומפאַרמייד־לעכער פּראָצעס — דער איבערגאַנג פון שאַפּקע צו שאָפּ, וואָס איז דיקטירט פון אָביעקטיווע באַדינגונגען, אָבער אָט דער איינפאַכער פּראָצעס איז אינסצעניִרט־פאַרלעבעדיקט דורך די מענטשן, וואָס זיינען אַריינגעצויגן אין פּראָצעס. און פון „גאַרנישט געשען" ווערט אַ גרויס מענטשלעך געשעעניש — דער אונטערגאַנג פון די „וויליאַמס־בורגער יידלעך".

קאָן איך מיר שוין פאַרשפּאָרן אַ געגויערן אַנאַליז פון דער ווייטערער אינסצעניִרונג. ער נוצט זיין מעטאָד מיט אַלץ טיכטיקערן עפעקט. ער ברויך שוין ניט אַזויפיל סצענקעלעך — די סיטואַציע איז שוין איינגעשטעלט און רעדט פאַר זיך, אין דער צווייטער סצענע — די צווייטע דערציילונג פון 1929 — „דער זייגער און זיין מערכה" ווערט דער מעכאַניזירונגס־פּראָצעס פאַרגעזעצט. אַ נייער פאָרמאַן — כמעט אַ יינגל — אַ קלוגיטשקער — אַ „סמאַרט גאַי". ער וויל זיך ניט איינרייסן מיט די אַרבעטער, מיט דער יוניאָן און דאָך אַרויסקריגן מער אַרבעט. פאַלט אים איין אַ סטראַטעגישער קונץ: ער שטעלט אַוועק ביי דער טיר אַ געץ — אַ זייגער, וואָס קלאַפּט אָפּ מיט אַ הויכן קלונג די מינוט, ווען דער אַרבעטער קומט אַריין. פאַרשפּעטיקט ער זיך אויף אַ מינוט, אויף אַ האַלבער מינוט, ווערט עס אַראָפּגערעכנט ביז אַ פּעני. אָט די פאַרקריפּלונג פון זייערע פּעי־ענוועלאָפּס אויף אַ פּעני באַליידיקט די אַרבעטער ביז צו די וואָרצלען פון זייערע האָר. אַזוי מעכאַניזירן זיי וועלן זיי זיך ניט לאָזן! וואָס זיינען זיי קיין מענטשן ניט? צי אַ געץ וועלן זיי זיך בוקן! — נוצן זיי סטראַטעגיע קעגן סטראַטעגיע: די אַרבעט ברענט, און זייערע הענט גייען פּאַוואָליע. גייט דער „סמאַרט־גאַי" איין אויף אַ פּשרה. ער וועט זיי דער־לויבן צו פאַרשפּעטיקן אויף אַ גאַנצער פערטל שעה דורך דער וואָך — דערפאַר אָבער ווען די אַרבעט ברענט, זאָלן זייערע הענט מיט־ברענען. די אַרבעטער טריאומפירן, דער געץ קלינגט נאָך אַלץ, אָבער זיי לאַכן פון אים: ניט קיין זייגער, נאָר אַ פּגר!

אין דער דריטער דערציילונג פון 1931 — „דער טאַטע, דעם טאַנטס קינדער אין די יוניעס שאַפּ" — פירט בימקאָ אַרויף אויף דער בינע אַ קאָמישן פּאַרשוין. נייע באַסעס — די צוויי יונגע זין פון אַן אַלטן טאַטן, וועלכער האָט כמעט אַ יאָרהונדערט אָפּגעאַרבעט ווי אַ קלאָוקמאַכער און אַרויפגעאַרבעט זיינע צוויי זין. איז דער טאַטע דאָ אַן אַרבעטער, וואָס רייסט זיך צו דער מאַשין, וואָס די אַרבעטער

מיט דעם כוח פון דער יוניע לאָזן אים ניט דערצו — באַסעס טאָרן ניט אוועקרויבן ארבעט ביי ארבעטער. און דאָ מעשה באַס נעמט ער קאָמאנדעווען, בראָקירן — ער איז דאָך א מבין אויף ארבעט! — און שטערט דעם פאָרמאַן. גייט ער ארום א צעמישטער. דער אלטער טאַטע ווערט כמעט אַן עובר בטל. רעכענען זיך די ארבעטער אָפּ מיט אים. אין דער מיטאָג־שעה, ווען דער אַלטער איז אין זיין ארבעטער־שטימונג נאָרן זיי אים אריין אין א שפּיל פון פּאַטשעניש. ער זאָל טרעפן, ווער עס איז דער פּאַטשער געווען. טאָמער ניט, לייג זיך נאָך אַמאָל. האָט מען אים אָנגעפּאַטשט אזוי, אז זיינע הענט זיינען אויפגעלאָפן ווי פּענכערס. און מען „פאַרבעט" די זין זיי זאָלן זיך אָנגעמען פאַרן טאַטן. ווערן זיי אזוי פארשעמט, אז זיי פאַרווערן אים צו קומען אין שאָפּ אריין. לויפט דער אַלטער, אַן אויסגעפּאַטשטער צו דער יוניע זיך צו פאַרשרייבן אלס מיטגליד.

דאָ, אין דער דערציילונג, פארלאָזט זיך בימקאָ ניט אויף דער אינסצענירונג אליין. ער ווערט באַוואוסטזיניק וועגן דעם וואָס ער טוט. ער שטעלט זיך מן הצד און דערקלערט די פּסיכאָלאָגיע פון דעם אַלטן. אזוי ווי א קאָמישער פארשוין איז זייער וויכטיק פאר א דראמע, ווערט בימקאָ פון א דראַמאַטורג א רעזשיסאָר און גיט צו פארשטיין די אַקטיאָרן ווי צו פאַרשטיין דעם טיפּ.

דער ערשטער אַקט איז געענדיקט. מענטשן, וואָס קענען דעם אַרבעטער־עולם — די מאַסע — פון דערווייטנס, און האָבן קיינמאָל ניט מיטגעלעבט מיט איר — האָבן דאָ שטאַרק פאַריבל אויף בימקאָן. סטייטש, אַזאַ אויסגעפּוצט יום־טובדיק אויסזען פון בוך און אַזאַ ניט אויסגעפּוצט אזא וואָכעדיק אויסזען האָבן די מענטשן אין בוך! אָט אַזוי זיינען ארבעטער? נאָר פּרנסה און דאָס ביסעלע אכילה ליגט זיי אין זינען? און וואו זיינען זייערע העכערע אינטערעסן, זייערע אידייען? זיינען גאָר קיין סאָציאליסטן צווישן זיי ניטאָ? האָט דען ניט דער סאָציאליזם פאר זיי אויפגעבויט די יוניע, וואָס גיט זיי כוח איבערן באַס און פאָרמאַן? און דאָ קומען זיי און דערקלערן, אז דאָס וואָס בימקאָ טוט, איז האַרטער, האמעטנער, ברוטאלער, אכזריותדיקער נאַטוראַליזם. און דאָ לערנען זיי אים די לעקציע, אז אפילו דאָס אלץ זאָל אמת זיין, אָבער קונסט דארף ניט יוצא זיין מיט געבן דאָס לעבן ווי עס איז, נאָר ווי עס קען זיין...

איז ערשטנס, פּרנסה און אכילה זיינען די גרונט־אינטערעסן פון פאָלקס־מענטשן. 99 פּראָצענט פון דער מאַסע זיינען פאַרנומען דערמיט. בלויז א קליין טיילכעלע זיינען פאַרנומען מיט אידייען, מיט

סאָציאַליזם, ציוניזם און ליטעראַטור. נאָר די, וואָס זעען דעם עולם פון דער ווייטנס, ווייסן עס ניט. און נאָר די, וואָס זיינען אליין פאַר־זאָרגט מיט פּרנסה און אכילה, קוקן פון אויבן אראָפּ אויף דעם דאָזיקן ענין. אבער די, וואָס האָבן אליין מיטגעלעבט און מיטגעמאַטערט זיך און מיטגעקרענקט מיטן עולם, ווייסן שוין גאָר גוט, וואָס פאַר א גרויסער ענין דאָס איז פּרנסה און אכילה.

צווייטנס, שרייבט דאָך בימקאָ א דראַמע, מעשה דראַמאַטורג האָט ער אויסגעטיילט איר פּראָבלעם — דאָס פּרנסה־אכילה פּראָבלעם, און קאָנצענטרירט זיך אויף דעם. מעגלעך, ניין, ניט נאָר מעגלעך, נאָר זיכער אזוי, אז א צאָל מענטשן פון בוך, האָבן געהערט און ווייסן וועגן סאָציאַליזם און ציוניזם. זיי לייענען אלע יידישע צייטונגען. און לייענען מסתמא, ווען ניט ווען א ליטעראַטור בוך. און קוקן אפילו אריין אין א ספר. אָט נוצן זיי א סך לשון־קודשדיקע ווערטלעך. און האַלטן שבת און יום־טובים. און גייען אויף חתונות און בריתן. אָבער בימקאָ דאַרף דאָס אלץ ניט אין זיין דראַמע, ער האָט אויס־געטיילט און אויסגעשיילט זיין טעמע.

די אַנדערע פּרעגנענישן וועלן שפּעטער פון זיך אליין זיך פאַר־ענטפערן, נאָכדעם ווי מיר וועלן פאַרטיק ווערן מיט דער דראַמע. — פון דעם מיטעלסטן אקט — די צוויי דערציילונגען פון 1936 — „אויף צום ערשטן מאַי!" און „קארל מארקס אויף דער אנדער זייט" — וועלן די גוטע און פרומע לייט נאָך שטאַרקער זיך ערגערן. בימקאָ מאכט א תכלית פון 50 יאָר סאָציאַליזם. יאָ, דער סאָציאַליזם האָט אויפגעבויט די יוניאָנס, אָבער די יוניאָנס האלטן זיך שוין מיט דעם אייגענעם כוח. זיי דאַרפן שוין ניט קיין סאָציאַליזם דערצו. וואָס איז געבליבן פון סאָציאַליזם — איז בלויז א פאָרמאַליטעט. דער רוף צום ערשטן מאַי, און דער רוף איז אויך אונטער א גרויסן חשד. — די ארבעטער זיינען יוניאָן־לייט, זיי זיינען צוגעשריבן צו א שאָפּ. אָבער וואָס העלפט עס? די יוניזירטע שאָפּ־ארבעטער גייען ארום חדשים אָן ארבעט, וואָרים די ארבעט גייט אוועק צו די איטאַליענישע ווייבער. און דעריין האָט די יוניאָן און דער באָס א שטילן יד אחת. ער דאַרף זיי העלפן אריינקריגן די איטאַליענישע ווייבער זיי זאָלן צאָלן דיוס אין דער יוניאָן. וועט זי אים אָפּדינען מיט טובות, פאַר־קוקן. — ענדלעך, נאָך 9 חדשים ניט ארבעטן מאכט זיך אביסל ארבעט אין שאָפּ — קורץ פאַרן ערשטן מאַי. און דער ביזנעס־אגענט לאָזט זיי ווויסן, אז די יוניאָן וויל זיי זאָלן מאַרשירן — אָ ניט וועלן זיי שטראַפירט ווערן. בלויז איין אלטער ארבעטער — א משה, וועלכער

געדענקט נאָך באַראַנדעסן פון 1894, גייט מאַרשירן. אבער בערל, דייזו, ישראל און די אנדערע — פון איין טיר זיינען זיי אַרויס און דורך א הינטער־טיר זיינען זיי אריין. אָבער דער ביזנעס־אגענט האָט אן אויג אויף זיי; זיי ווערן גערופן אין דער יוניאָן און שטראָפירט מיט פינפערלעך — די פינפערלעך, וואָס זייערע ווייבער האָבן אזוי נויטיק געדאַרפט פארן גראָסערי מאַן...

קאָמענטירן די ארבעטער דערויף: — סאַי (ס׳איז) ניט מער ווי די פינפערלעך, וואָס די יוניאָן וויל אַרויסקריגן. — דערפאַר ברענט ער אזוי, וואָס ער האָט אזוי ווייניק העכט אריינגעכאַפּט — ווי ווייניק, וואָלט ער זיך געוואונטשן אלע חודש צו האָבן אן ערשטן מאַי...

אַ פּאַסקודנע יוניאָן! אָבער די ארבעטער זיינען נאָך מער פּאַס־קודנע. — ענדלעך האָט בימקאָ געפּאַקט זיין הויפּט העלד, „קארל מארקס אויף דער אנדער זייט" איז כמעט א מאַנאַלאָג פון דעם הויפּט־העלד בעני. ער לייגט דאָס לעבן פאַר די ארבעטער פון זיין שאַפּ, אָבער איטלעך מאָל ווען ער קומט עפּעס מאָנען פון זיי אין נאָמען פון ארבעטער יושר, האָבן זיי קיין אנדער צונאָמען ניט פאַר אים ווי „קארל מארס": — „קארל מארקס האָט שוין עפּעס געהערט! קארל מארק האָט שוין עפּעס געזען! קארל מארקס האָט שוין עפּעס אָנגע־קריגן." — אַן ארבעטער פון שאַפּ בעט מען זאָל אים אונטערשרייבן א הלואה אויף 100 דאָלער. קיין ארבעטער רופט זיך ניט ארויס — דער באָס טוט עס. ברענט בעני — דער באָס וועט דאָך מסתמא זיך גוטמאַכן דעם הונדערטער כפל כפלים אויפן חשבון פון שאַפּ. א צווייטער ארבעטער פון שאַפּ ווערט געליימט אויף די הענט. ברענגט אים דאָס ווייב צופירן. דער באָס הייסט אָפּשטעלן דעם מאָטאָר. ער שלאָגט פאָר: צאָלן דעם געליימטן א העלפט פון די ווידזשעס. א פערטל וועט ער געבן, דעם צווייטן פערטל זאָלן די ארבעטער דער־לייגן דורך וועכנטלעכע דיימס. אָבער דער טשערמאַן פון שאַפּ, דער פרעזידענט פון „פרענדס פּאַרעווער", וויל דערפון ניט הערן — ער לאָזט דעם מאָטאָר ווידער אין גאַנג. ווערט א געשלעג צווישן בענין און דעם טשערמאַן. בעני שטעלט אָפּ דעם מאָטאָר און דער טשערמאַן עפנט אים ווידער — ביז בעני צעבלוטיקט דעם „פריינט פאַרעווער" און לאָזט אים אַ האַלב־טויטן. און ער פארשווערט זיך קיינמאָל מער אין שאַפּ אריינצוקומען, כדי ניט אָנצוקוקן די טרייפענע פּנימער פון די ארבעטער...

איינמאָל געפּאַקט זיין הויפּט־העלד, לאָזט בימקאָ אים שוין ניט אָפּ. און אין שלוס אקט — „דער באָס, די יוניע און די ארבעטאָרער

ווי איין שטיק״ — פון 1938 — האָט ער אים ווידער אונטערן נאָמען בער. אין די שעפּער איז נאָך ערגער געוואָרן. די שעפּער ווערן אַריבערגעטראָגן צו די שיקסעס אין ניו־דזשוירזי. און די יוניאָן, איר אָרט ניט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פון די שיקסעס איז נאָך לייכטער צו קאָלעקטירן דיוס — מיט דער הילף פון די באָסעס. און זי וועט דאָך ניט גיין דיסקרימינירן קעגן שיקסעס צוליב יידן!... איז לאָ — די וואָס פון די שעפּער בלייבן אין ניו־יאָרק בלויז די שויפּענצטער, און ארבעט פעלט — איז בערן נאָך ערגער דערמיט, וואָס צוליב זיין קהלן זיך מיט סאָציאַליזם, האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט מיט די קינדער. אנדערע ארבעטער אין זיינע יאָרן האָבן שוין קינדער, וואָס שטיצן אין הויז; ער מוז אויפהאלטן קינדער אין די סקולס. עס געלינגט אים דאָך אריינצוקריגן זיך אין אַ שאָפּ, וואו אלע קענען אים. ער האָט יעדן איינעם פון זיי אַ טובה געטאָן — ביי אַ חתונה, ביי אַ לויה, ביי קראַנקייט. אָבער אַנשטאָט צו דערפרייען זיך מיט אים, דערקלערט גאָר דער שאָפּ קעגן אים אַ סטרייק. עס פעלט זיי אַלייך ארבעט. ער איז אַ פרעמדער, ער געהערט ניט צום שאָפּ. אייגענע זיינען בילכער. דער באָס מוז אים משלח זיין. שאָפּ־אַרבעטער סטרייקן—סקעבן קעגן אייגענעם ברודער ארבעטער! באָס, יוניאָן, ארבעטער — איין שווארץ יאָר!

און דאָס איז דער פינאַל. דער סך הכל פון 50 יאָר ארבעטער־באַוועגונג. מען וועט זיך אָנכאַפּן פאַרן קאָפּ. די, וואָס פירן ביי אונדז מיט דער פען, זיינען דאָך געוואוינט צום גרעסטן דרך ארץ צו יוניאָנס און יוניאָן־לידערס. דאָס איז דאָך דער פונדאַמענט פון אונדזער גאַנצער לעבנס־אָרדנונג. איצט וואָס וועט אונדז בלייבן?

מען מוז מודה זיין, אַז פון דעם צווייטן אַקט אָן ווערט בימקאָ אַלץ מער צד קעגן דער יוניאָן און יוניאָן־לידערס. אין די דריי דערציילונגען פון ערשטן אַקט איז ניטאָ אַזאַ אויסגעשפּראָכענע שנאה צו דער יוניאָן. אָבער קענטיק, אַז די אַלע עסקים מיט דער יוניאָן האָט ער אַליין מיטגעמאַכט און דורכגעמאַכט. און ער ווערט אַלץ מער נוגע בדבר. פאַרקאַכט אין זיין שנאה צו יוניאָן, ווערט ער אַלץ באַוואוסטזיניק־אַגיטאַטאָרישער, פאַרגעסט אָפּטמאָל אָן זיין ראָלע פון דראַמאַטורג און מישט זיך אריין ווי אַן אַגיטאַטאָר. אין דעם „קארל מארקס״ מאַנאָלאָג ווייס מען אָפּט ניט ווער עס רעדט — „קארל מארקס״ צי בימקאָ. אָבער פון דער אנדער זייט איז דאָך ניט צו לייקענען, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ קלאַס פון אומצופרידענע צווישן ארבעטער. עס איז פאַראַן אַזאַ וויכטיקער ענין ווי פּרנסה, וואָס מיר „בורזשויען״,

וואָס קוקן פון אויבן אראָפּ, פאַרקוקן עס. אָבער ארבעטלאָזע ארבע־טער מעגן אומצופרידן זיין. בימקאָ רעדט פון זייערטוועגן. צווישן זיי זוכט ער זיך אויס זיין הויפּט־העלד — אַ סאָציאַליסט, וואָס איז ארויסגעזעצט געוואָרן פון שאָפּ און פון דער יוניאָן.

און ניט צו פאַרגעסן איז אויך, אז בימקאָ שרייבט אַ דראַמע — ער האָט אינסצענירט אַ מעכאנישן פּראָצעס. דאָס ארויספאַלן פון יידישע ארבעטער, בפרט פון די עלטערע יידישע ארבעטער, געהערט אויך צום פּראָצעס, און ער האָט מעשה דראמאטורג זיך ארויסגעשיילט אַ טעמע — די מענטשלעכע זייט פון פּראָצעס — צו דראַמאַטיזירן די מענטשלעכעליידן, וואָס באַגלייטן דעם פּראָצעס. אז זיי זיינען מענטשן, יידן, וואָס אַ חוץ פּרנסה האָבן זיי נאָך אנדערע אינטערעסן — איז זעלבסטפארשטענדלעך. עס איז ניט אמת, אז פון די דער־ציילונגען שטעלט זיך אָפּ דער איינדרוק פון האמעטנער גייסטלאָזיקייט. פאַרקערט, די מענטשן זיינען מענטשלעך־רירנדיק. עס איז ניט בלויז אַ צער בעלי חיים אויף זיי, נאָר עס איז אַ גרויסער רחמנות דערצו. עס איז אַ דראַמע, דאָס האַרץ זאָל פּלאַצן. ווען אויפן סמך פון די דערציילונגען וועט אויפגעבויט ווערן די דראַמע, וועט עס זיין אַ טראַגעדיע. און יעמאָלט וועט בימקאָ זיך קאָנען פאַרגינען צו שטעלן זיך מן הצד — אויפהערן צו זיין אַ נוגע בדבר און לאָזן זיין הויפּט־העלד בעני־בערן באַשטיין פאַר זיך אליין.

אויב מען האָט זיך געערגערט וועגן די זעקס דערציילונגען פון בוך, וואָס האָבן פאַר זייער הויפּט־טעמע פּרנסה — וועט נאָך מער ערגעריש פארשאַפן די לעצטע דערציילונג פון בוך, וואָס איז כמעט אזוי גרויס, ווי די זעקס דערציילונגען צוזאמענגענומען — „איסט־סייד" — אָט די זעלביקע אלטע, באַיאָרנטע איסט־סייד, וואָס מיר, וואָס קוקן פון אויבן אראָפּ, האָבן זי שוין לאַנג פאַרלאָזן. אָבער דאָס רוב מנין און בנין פון דער פאָלקס־מאַסע איז נאָך אַלץ געבליבן שטעקן אין איר. אויב דאָרט האָט דעם אויבן־אָן פאַרנומען פּרנסה מיט אַביסעלע אכילה, פאַרנעמט דאָ דעם אויבן־אָן אכילה מיט אביסעלע פּרנסה. אויב דעם נאַטוראַליזם פון די פּרנסה־דערציילונגען האָבן די אַראָפּקוקער אָנגערופן אכזריותדיק, וועלן זיי דעם נאַטוראַליזם פון דער „איסט־סייד" אָנרופן מגושמדיק, און עס וועט זיין פונקט אזוי פאַלש — אין זייערע אויגן וועט אויסקומען, אז בימקאָ האָט איסט־סייד פאַרוואַנדלט אין איין שטיק פּרעסאַרניע — און דאָס וועט זיין פאַלש געזען. עס איז גאָר קיין נאַטוראַליזם ניט — עס איז אַ שאַרזש,

א קאָמעדיע־גראָטעסק — וואָס גייט צוזאַמען מיט א קאָמעדיע־דראַמע —אַ טראַגי־קאָמעדיע.

איך האָב ווייניק פּלאַץ צו פאַרנעמען זיך מיט א גענויען אַנאַליז פון דער „איסט־סייד״. און עס איז אויך ניט נויטיק. גענוג צו זאָגן, אַז ער האָט דאָ אָנגעווענדט דעם זעלבן פּאָעטיש־דראַמאַטורגישן מעטאָד, וואָס אין זיינע פּרנסה־דערציילונגען. געשריבן אין זעלביקן יאָר, —1938—ווען ער האָט פאַרענדיקט די שלוס־דערציילונג פון דער ערשטער דראַמע — „דער באָס, די יוניע און די אַרבעטאָרער ווי פון איין שטיק״ — איז ער אין זיין מעטאָד נאָך דרייסטער. ניט נאָר איז עס טעקסט פאַר א טראַגי־קאָמעדיע, נאָר אַ סצענאַריא—מיט א צענדליק געשטאַלטן, כאַראַקטעריזירט מיט זייערע פּנימער. — מעשה דראַמאַטורג האָט ער זיך אויסגעשיילט א טעמע פאַר אינסצענירונג; עסן! — און מעשה פּאָעט, וואָס שפּירט עסענצן, וואַריאירט ער די עסענץ פון עסן אויף אַלערליי אופנים. ווי א פּאָעט קאָן שרייבן צוואַנציק וואַריאַציעס אויף איין טעמע, ביז ער קומט צו דער ענדגילטיקער פאָרם פון ליד. איך האָב מורא געהאַט צו ציילן, בימקאָ האָט אפשר דאָ א 50 אינסצענירונגען אויף עסן: מען עסט אין די קיכן און מען עסט אין די רעסטאָראַנען. און ער קוקט אריין מיט הנאה אין די „רעפּרי־דזשערייטאָרס״, וויפיל מינים קעזן און פישן זיינען דאָרט צוגעגרייט. מענער, מיט מאָגנס און אָן מאָגנס, טוען זיך אָן א כוח און עסן. א יונגערמאַנטשיק שלינגט און פּאַשמאַקעוועט זיך. א יונג מיידל ברעקלט זיך און בייסט פּיצעלעך. און קינדער, וואָס ווילן שוין ניט עסן, ווערן געמאַכט צו שלינגען איבער געוואַלד. און איטלעך מאָל עסן איז א סעודה־סצענע פאַר זיך. — די וועלפיש־קעצישע פּרויען פון בימקאָס אַמאָליקע דערציילונגען זיינען דאָ אויף א רפואה ניטאָ. נאָר דאָ זיינען מאַמעס, וואָס זייער מסירת נפש פאַר קינדער האָט דעגענערירט אין דער מידה פון שטאָפּן און איבערשטאָפּן די קליינע קינדער מיט מילכן און פּרוכטן און פאַרגיסן עס מיט לויזע איילעך...

מיינט טאַקע בימקאָ ערנסט, אז עס איז א סכנה די איסט־סייד זאָל זיך ניט איבערפרעסן? ניין, עס איז א שאַרזש, א קאַריקאַטור, א קאַרטון. אז זיין כוונה איז צו שאַרזשירן איז צו זען דערפון, וואָס די דריי העלדישע פּרעסער הייסן ביי אים מר. פלאַכט, מר. פלעכט און מר. פליכט, וואָס אלע דריי באַוואוינען זיי דעם פינפטן שטאָק פון א טענעמענט־הויז. די ערשטע צוויי האָבן זיך שוין אָנגעפרעסן געשווירן אויף די מאָגנס. מר. פלעכט איז זיך מוסר נפש און לאָזט

זיך שניידן דעם מאָגן און ווערט געזונט. מר. פלאַכט אויף אים קוקנדיק לאָזט זיך שניידן און שטאַרבט. און מר. פליכט פאַר שמחה, וואָס מר. פלעכט איז געזונט געוואָרן און כדי צו ווייזן אים אַ ביי־שפּיל, ווי מען עסט, האָט ער אין אַ רומענישן רעסטאָראַן זיך אַזוי איבערגעגעסן מיט צען סאָרטן פליישן, אַז אַ פרישער און אַ געזונטער פאַרן שלאָפן גיין, איז ער אויף מאָרגן שוין ניט אויפגעשטאַנען — אַז עס איז שאַרזש, איז נאָך צו זען דערפון, וואָס די וואָס דאַרפן גיין אונטערן מעסער, האָבן מורא, אַז טאָמער חלילה שטאַרבן זיי, וועט מען ביי זיי צונעמען דעם רעליף. אפשר אנטקעגן הונגער אין נאַצי־פּוילן זיינען די, וואָס לעבן דאָ אויף רעליף, גרויסע פּרעסער.

און ווען בימקאָ וואָלט אריינגעקוקט אין די אַנדערע וואוינונגען פון זעלביקן טענעמענט־הויז, וואו זיינע דריי העלדן, וואָס האָבן אים גע־דינט פאַר קאַרטונס—פלאַכט, פלעכט און פליכט — וואוינען, וואָלט ער אליין צוגעגעבן, אַז אויף רעליף עסט מען זיך איבער...

אָבער צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט? צו וואָס די שאַרזשירטע איבערטרייבונג? און וואו איז די דראַמע וואָס באַגלייט דעם שאַרזש? וואו איז די טראַגי־קאָמעדיע? — דער טראַגישער צענטער פון דער איסט־סייד איז דער „גאָווערניר האָספּיטאַל" — פאַר אַ יאָר אָדער צוויי האָט בימקאָ דעם האָספּיטאַל דורכגעמאַכט. אַ טאָכטער איז אים געשניטן און צעשניטן געוואָרן — ניט צוליבן מאָגן. דאָרט האָט ער זיך אָנגעזען די „פּרעסער", וואו זיי קומען זיך לאָזן שניידן — צום לעבן אָדער צום שטאַרבן. דאָרט קומען זיי וויינען מיט ביטערע טרערן, דאָרט ווערן זייערע הערצער געבראָכן. דאָרט ווערן זיי מענטשן. און דריי טריט פון האָספּיטאַל האָוזן זיי און שמייען און מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ זאָרגלאָז לעבן און לאָזן זיך „וואוילגיין" אויף רעליף. אַ האַלבע יידישע וועלט הונגערט, און זיי דאָ קיין אַנדערע דאגות האָבן זיי ניט, ווי אריינצוכאַפּן דעם אָרימען ביסן. — פון זיין הויך־פּונקט, פון דאַך פון גאָווערניר האָספּיטאַל, זעט ער די איסט־סייד ווי אין אַ קרומען שפּיגל; ער זעט די יונגע לייט, די גראַדואירטע פון די האַי־סקולס און קאַלעדזשעס, וואָס דרייען זיך אויף די סיידוואָקס, אַרום די גאַראַזשן, אויסקוקנדיק אַ באַלוינונג מיט אַ סיגאַרעט פאַר אונטערשטופּן אַ קאַר. גליקלעך איז שוין דער יונ־גערמאַן, וואָס זיין פאָטער, דער שניידער, שטאַרבט אים און ער פאַר־נעמט זיין דזשאָב אין שאַפּ. איך האָב יעדע מינוט דערוואַרט, אַז בימקאָ וועט זיך אָנשטויסן אויף די געגנס, וואָס פּורעמען זיך אויף די סיידוואָקס און פון וועלכע זיי גראַדואירן אויף „לעפקעס".

און דאָס איז דער מוסר, וואָס ער זאָגט צו דער איסט־סייד פון זיין הויך־פּונקט אויפן גאָווערניר האָספּיטאַל. — פאַרוואָס פאַרזעסטו דיין אייגענע טראַגעדיע? פאַרוואָס זעסטו ניט, אז דיין וואוילטיק, רחמנא לצלן, האָט פאַר א באַגלייטונג טויט און אומקום? — און די וואָס זיינען גרייט צו מוסרן בימקאָן, הלמאי ער וויזט די איסט־סייד אזוי מגושמדיק, אזוי פאַרטאָן אין דער אכילה — ביז זיי ווערן אָן זייער מענטשלעך פּנים־פאַרזעען, אז אין צענטער פון דער דערציילונג שטייט דער גאָווערניר האָספּיטאַל. אוודאי ווייסט ער, אז אויף דער איסט־סייד לייענט מען יידישע צייטונגען, און מען גייט אין שול אריין און אויף סאָציאַליסטישע מיטינגען. אָבער פאַר דער טעמע פון זיין טראַגי־קאָמעדיע האָט ער אויסגעקליבן דאָס פּאַסקודעווען מיטן ביסן, וואָס בייסט אריין די צייך פון מלאך המות אין זייער לייב און לעבן. — און אזוי דאַרף מען קוקן אויף דער דערציילונג — ווי אויף אַ טעקסט פאַר א טראַגי־קאָמעדיע. זיינען דאָך זיינע צוויי בעסטע דראַמען — „מויערן" און „מארכביינער" — פאַנטאַסטישע טראַגי־קאָמעדיעס, אויסגעפּירט אויף די פּאַסקודנע פאַקטן פון דער יידישער מלחמה־ווירקלעכקייט אין פּוילן.

און אזוי דאַרף מען קוקן אויפן גאַנצן בוך ווי טעקסטן פאַר לכל הפחות — צוויי דראַמעס, — טעקסטן, וואָס א דראַמאַטורג גרייט צו פאַר זיך איידער ער זעצט זיך זיי שרייבן. און אמאָל לייענט ער אויך זיי פאַר פאַרן רעזשיסאָר, כדי אריינצופירן אים אין די טיפן און צו לאָזן אים אָנטאַפּן די פּרוזשיבעס פון זייערע האנדלונגען.

ווען א דראַמאַטורג בויט א דראַמע פון די פּראָוויזאָרישע טעקסטן, מאַכט ער געוויינלעך אן אָפּקלייב פון זיין מאַטעריאַל, ער דאַרף אויס־מיידן די ווידערהאָלונגען — די וואַריאַציעס אויפן זעלביקן מאָטיוו. זיי זיינען פּרואוו נאָך פּרואוו — אויף אויסצוגעפינען די ווירקזאַמסטע סצענעס, וואָס וועלן פירן צום שטאַרקסטן קלימאַקס. — און ביים איבערבויען א דערציילונגס־טעקסט אין א דראַמע דאַרף ער אויך אויסקעמען זיין שפּראַך פון די צו האַרבע גראָזיק־וואָרצלדיקע פאָלקס־ווערטלעך — כדי דער אַקטיאָר זאָל קאָנען זיין שפּראַך ריידן און דער טעאַטער־עולם הערן און באַנעמען. כאָטש פאַר מאַנכע שאַרף־באַ־טעמטע ווערטלעך וועט אונדז, שרייבער פאַרדריסן. מיר זיינען מקנא דעם פאָלק פאַר זיין פּריווילעגיע פון פרייקייט אין ריידן.

במילא איז שוין פאַרענטפערט דאָס פרעגעניש, וואָס מען פרעגט, צי דאַרף די קונסט געבן דעם אמת ווי ער איז, אָדער דעם אמת ווי ער קאָן זיין? — אין בימקאָס פאַל איז דער אמת ווי ער קאָן זיין

— די דראַמע־פאַנטאַזיע, וואָס ער שטעלט אויף אויף דעם אמת, ווי ער זעט אים דאַרף מען אים לאָזן זען און ווייזן דעם גאַנצן אמת. ווען מען קוקט אויף „פאָלק" פונדערוויטנס, פון נאָבעלן אין דער הויך, זעט מען ניט דעם גאַנצן אמת, זעט מען אים ניט גענוג, זעט מען אים פאַלש — און די פאַנטאַזיע, וואָס מען לאָזט אַנוואַקסן דערויף, איז א פאַלשע, פרוכטלאָזע פאַנטאַזיע.

מיט איין וואָרט דער בעסטער קריטיקער פון בימקאָ דעם דער־ציילער וועט זיין בימקאָ דער דראַמאַטורג.



# פון „שריפטן" צו „המשך"

## דוד איגנאַטאָוו

ליטעראַטור איז בלויז אַ צווייג אין דעם קונסט געביט, פונקט ווי אַ צווייג איז בלויז אַ טייל פון אַ בוים און ווי אַ בוים איז אַ טייל פון זיין וואָרצל. און איך וויל דעריבער אַז איר, וועבער, זאָלט מיר העלפן פאַרפעסטיקן אָט דעם ניט באַשטרייטנדיקן אמת. קומט חברט זיך צונויף מיט די שריפטשטעלער פון אייער פאָלק, איך וועל דרוקן אין די זאַמלביכער „שריפטן", רעפּראָדוקציעס פון אייערע בילדער, אָט ווי איך דרוק דאָרט וואַלקאָוויטש, טאַפּעלס, קאָפּמאַנס, אַניספעלדס און אַנדערע מאָלערס בילדער. מיט אייער צוקומען צו אונדזער גרופּע „יונגע" וועט איר העלפן באַרייכערן אונדזער גרופּע. עס וועט זיך ביי אונדז שאַפן אַ גרעסערער געפיל פון אַנגעבונדנקייט פון איין קונסט־צווייג און דעם צווייטן. דער קינסטלערישער אָטעם פון אונדזער פאָלק וועט דורך דעם ווערן גאַנצער און עכטער. אייערע בילדער אין די „שריפטן" וועלן געדרוקט ווערן ניט ווי אילוסטראַציעס צו עפּעס, נאָר ווי זעלבסטשטענדיקע זאַכן. טאַפּעל האָט מיר אויך געוויזן אַ פּאָר פון אייערע לידער און אייערע „עסעיען וועגן קונסט". זיי זיינען וואונדערלעכע זאַכן. זיי זיינען באַפרוכטנדיקער און אייגנאַר־טיקער קינסטלערישער באַגעם. גיט מיר אזוינע זאַכן אין יידיש פאַר די „שריפטן".

— אָבער אַז איך קאָן דאָך ניט קיין יידיש.

— שרייבט זיי פאַר מיר אין דעם יידיש וואָס איר קענט ניט.

— וואָס מיינט איר? ווי אזוי? — און עס באַווייזט זיך אַ קוים אָנזעעוודיקער שמייכל אויף ווערבערס בלאָסן, בלוטלאָזן פּנים און ער זאָגט — עס געפעלט מיר גראָד אייער זאָג. עס איז אינטערעסאַנט. אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס ווילט איר מיט דעם דערגרייכן?

— עס איז גאָרניט אָפּצושאַצן די גרויס פון דער דערגרייכונג ווען יעדער שאַפנדיקער ייד וועט זיך אָנבינדן אין זיין פאָלק דורך דער שפּראַך וואָס ווערט גערעדט פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פון זיין פאָלק. דאָס איז מיין ווייטסטער חלום פאַר די „שריפטן" — אויפצושטעלן אַ מאָנומענטאַלן וואָגיקן זשורנאַל אין וועלכן עס זאָלן זיך איבערקרייצן אויף דער לעבעדיקער שפּראַך פון אונדזער פאָלק אַלץ וואָס איז גרויס אין אונדזער פאָלק. איך זע אין דעם אַ געוואַלדיק גרויסן, צעמענטירנדיקן און דערלייזערישן פאַקטאָר.

— איך זע אַז איר זענט אַ נאַציאָנאַליסט? נאָר איר זענט אומ־גערעכט. קונסט וויל ניט וויסן פון נאַציאָנאַלע גרעניצן. קונסט איז אינטערנאַציאָנאַל — האָט מיר ווערבער געענטפערט.

איך האָב דערזען אַז איך האָב דאָ אָנגערירט ווערבערס אַן אָנגע־ווייטיקטע סטרונע. מיר איז שוין דעמאָלט גוט באַקאַנט געווען אַט דער „טאַבו" קלאַנג פון דער סטרונע. די מערסטע יידישע מאָלער פון יענער צייט (און אַ טייל פון זיי אויך היינט) האָבן פּשוט מורא געהאַט מען זאָל ביי די גויים געוואָר ווערן אַז זיי זיינען יידן. אויב ניט קיין הונדערט פּראָצענט אַמעריקאַנער, טו זאָל מען זיי רופן: רוסן, דייטשן, פּאָליאַקן, אַבי ניט יידן.

— נו, יאָ, קונסט איז אינטערנאַציאָנאַל — האָב איך געענטפערט — דורך די קונסט־קוואַלן פון יעדן פאָלק וועלן מיר זיך דערגראָבן צו די ליכטיקסטע אמתן פון אַלע פעלקער און דורך דעם וועט קומען די גרויסע לייטערונג פון אַלע פעלקער. אין יענעם אינטערנאַציאָנאַל דאַרף יעדער פאָלק אַריינקומען מיט וואָס מער געלייטערט ליכט. און דער יידישער קינסטלער טראָגט דאָך אין דעם פאַל גרויסע אחריות פאַר דעם ליכט פון זיין אייגן פאָלק. פאַרוואָס פאָדערט איר פון אַ כינעזער, למשל, אַז ער זאָל אייך געבן כינעזישע פיינקייטן, און ווען ער נעמט מאָלן ווי אַן אַמעריקאַנער אָדער פראַנצויז, דערפילט איר גלייך די ניט־אמתדיקייט פון זיין אַרבעט, און אויך אין דעם פאַל שטופּט זיך אַרויס ביי דעם כינעזער, קעגן זיין ווילן, דאָס פאַר־לייקנטע כינעזישע, און ביי דעם ייד, דאָס יידישע און ביים פראַנצויז דאָס פראַנצויזישע. פאַרוואָס בעסער ניט קומען מיט אַן אָפן פּנים

אין דעם היכל פון די פעלקער. דער שטאָלץ פון אונדזער פאָלק איז דאָך אויך מיין און אייער שטאָלץ.

— ניין, איגנאַטאָוו, איר זענט ניט גערעכט. דינען דער קונסט אונטער אלע פאָרמען איז א גרויסע און הייליקע דינסט פאַר דער מענטשהייט און פאַר גאָט. מיט אזוינע רייד ווי אייערע פאַרפירט איר מענטשן. איר זענט ניט גערעכט צו די יידן און ניט גערעכט צו דער קונסט. וואָס ווילט איר מען זאָל אונדז ארויסטרייבן פון די קונסט־גאַלעריעס? מיר האָבן דאָך דאָ אזויפיל אויפגעטאָן פאַר דער אַמעריקאַנער קונסט, זאָלן מיר דאָס אלץ חרוב מאַכן? אָט האָב איך די טעג געהאַלטן אין דער האַנט א בודא געשניצט פון עלפאנטביין, אינגאנצן ווי א פינגער די גרויס איז אָט דער געשניצטער בודא געווען, אָבער מיין גאָט, וויפיל הערלעכקייט, וויפיל שיינקייט. איך האָב אים געהאַלטן אויף מיין אויפגעמאכטער האַנט און זיך געשפיגלט אין אים. איך פאַרמאַך מיין האַנט — ניטאָ דער בודא; פינצטער. איך עפן אויף מיין האַנט און דערזע א וועלט מיט ליכט אין מיין האַנט.

— איין זאַך נאָר, וועבער, אָט דעם בודאַ האָט געוויס געשניצט אַ מענטש וואָס דער דורות־לאַנגער בודיסטישער גלויבן האָט אין אים דערגרייכט אַ גאָר־הויכן ברען־פונקט, און ער האָט קיין מורא ניט געהאַט טאָמער וועט אַ ייד אָדער אַ קריסט הנאה האָבן פון זיין ליכט.

וועבער איז געוואָרן אויפגערעגט איבער אָט דעם צו שטרענגען פאָרוואָרף אויף זיין חשבון און עס האָט געהאַלטן ביי אַ גאָר שאַרפן קריג צווישן אונדז. — ווייסט איר גאָר וואָס, זאָג איך אָפּוועגדעג־דיק צו וועבערן, — שרייבט אָן אַ ליד אין יידיש וועגן אָט דעם ליכט־שפיל פון דעם בודאַ אין אייער אָפענער און פאַרמאַכטער האַנט.

— אויף דעם יידיש וואָס איך קען נישט? — פרעגט ער מיט אַ שמייכל —אָבער ווי אַזוי?

— וואו זייט איר געבוירן געוואָרן, וועבער? — פרעג איך.

— אין ביאַליסטאָק, — ענטפערט ער, — נאָר אַהער קיין אַמע־ריקע בין איך געבראַכט געוואָרן אַלס קינד און פון מיין פערצנטן יאָר איז מיר נישט אויסגעקומען צו נוצן דאָס לשון פון מיין פאָטער.

— און אייער געבורטס־שטאָט ביאַליסטאָק געדענקט איר?

— אָ, יאָ, געוויס. איך געדענק נאָך ווי מיר, קינדער, פלעגן באָרוועסע טאַנצן אין די קאַלוזשעס נאָך אַ זומערדיקן רעגן. איך געדענק דעם רויש פון די רעגנס אויף דער שטאָט, די שנייען אויף די גאַסן און אויף די דעכער פון די הייזלעך. איך געדענק אפילו דאָס לערנענדיקע געזאַנג פון אידן ביי די גמרות אין דער שול, דאָס זייבען

געווען הייליקע פּנימער, אַ הייליקע זעאונג, אַ הייליק געזאַנג. איך בין נאָך ניט זיכער צי דאָס האָב איך טאַקע געזען אין ביאַליסטאָק, צי שוין דאָ אויף דער איסט סייד אין ניו־יאָרק . . . איך ווייסט, אַז דאָ ניט לאַנג צוריק בין איך אַריינגעפּאַלן אין אַן איסט־סיידער יידישן בוך־געשעפט אין אַ קעלער אויף ריווינגטאָן סטריט. מיין גאָט, מיין גאָט! דאָס איז געווען אַן אַנטפּלעקונג. דאָס פענצטער פון דעם קרעמל האָט זיך אַרויסגעהויבן ווי עס וואָלט אַריבער האַלב, האַלב אויסגעוואַקסן פון דעם שמוציקן אַספאַלט פון גאַס. אין פענצטער זיינען געשטאַנען ספרים געבונדן אין אַלערליי פאַרבן. ווי אַ כשופדיקע ראַם אַרום די ספרים זיינען געשטאַנען, געלעגן און גע־האַנגען אַ בשמים־ביקסל, אַ יד, אַ תפילין־זעקל, אַ כתר, אַ מענ־טעלע, אַ טלית און אַ הבדלה, און חנוכה־ליכט, רויטע, גרינע, געלע, בלויע און אינמיטן אַ חנוכה־לעמפּל מיט צוויי אויפגעשפּרונגענע לייבן, וואָס טראָגן בשותפות אַן אויפגעהויבענע קרוין איבער זיך. ווי אַ זון האָט פאַר מיר אויפגעשיינט דאָס פענצטער. פון חורבן האָט זיך דאָ, ווי אַ נס, פאַר מיר אַרויסגעהויבן דער אַלטער יידישער כבוד. ווי אַ פאַנטאַסטישער פּאַלאַץ איז פאַר מיר הויך און כשופדיק אויס־געוואַקסן אָט דאָס קרעמל. און דער אַלטער פרומער סוחר וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ענלעך צו מיין פאָטער, איז פאַר מיר געשטאַנען ווי אַ מלך וואָס פילט די פאַרפעסטיקטע גרויס און די אומענדלעכע מאַכט פון זיין קעניגרייך. איך בין אַריין צו אים אין קראָם, גערעדט צו אים. דאָס איז געווען אַן אַנטפּלעקונג, זאָג איך אייך, אַן אַנטפּלעקונג.

— ווי אַזוי האָט איר גערעדט צו אים? — האָב איך געפרעגט.

— איך האָב געפּרואווט אַרויסלעבן פון מיין זכרון אַזויפיל יידישע ווערטער וואָס איך האָב נאָך געקאָנט. דאָס איז געווען אַ געבראָכענער יידיש געמישט מיט ענגליש און מיט דייטש. איך האָב אין מיין צעטומלעניש אפילו אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר פראַנצויזישע ווערטער. איך בין געשטאַנען פאַר אים ווי אַ פאַרשולדיקטער אונ־טערטאַן און ער האָט מיך באַהאַנדלט, ווי אַ פאָטער און ווי אַ מלך. עס איז אין דעם געווען אַזויפיל גייסט, אַזויפיל ווירדע. אַ שכינה־שיין האָט געלויכטן איבער אונדז. איך ווייס דאָס, איך פיל דאָס נאָך איצט.

איך האָב זיך די גאַנצע צייט גוט איינגעקוקט אין וועבערס רונדן ווייס־בלאַסן פּנים פון וועלכן עס האָבן זיך שוואַרץ געצונדן די אַלץ מער און מער אויפגעלויכטענע טונקל־ברוינע אויגן. אַן אינעווייי־ניקסטע צופרידנקייט האָט זיך מיט אַ גוטן שמייכל אויסגעלייגט אויף

זיין פּנים. דאָס בלוטלאָזע פּנים, די קנייטשן אויף זיין שטערן האָבן זיך געצונדן אין ליכט פון עקסטאַז, אַט ווי ער וואָלט באמת קעגן אַ זון־ליכט זיך געשפּיגלט, קעגן אַ שכינה־ליכט.

— וועבער, — האָב איך אַ גערייצטער זיך אָנגערופן: — דעם יידישן א"ב קענט איר?

— יאָ.

— פאָדער איך פון אייך, אַז מיט אָט דעם געבראָכענעם יידיש, מיט וועלכן איר האָט גערעדט צו דעם מוכר ספרים, זאָלט איר פאַר מיר אָנשרייבן אַ ליד וועגן אָט דער דערפאַרונג אייערער, און ווי עס פעלט אייך אויס אַ יידיש וואָרט שרייבט אַן אַן ענגליש וואָרט, און איך זאָג אייך צו אַז אָפּגעדרוקט אין די „שריפטן" וועט דאָס ליד זיין אין דעם יידיש פון אייער טאַטן.

אָט דער אָפּמאַך איז נאָך דעם צווישן אונדז געשלאָסן געוואָרן. איך פלעג דערנאָך אָפט האָבן גרויסע קאָפּ־דרייעונישן צו טרעפן וואָס וועבער מיינט דאָ און דאָרט, אָבער זיינע לידער און עסייען האָבן נאָכדעם גענומען דערשיינען אין די „שריפטן". די נייקייטן וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט זיינען נאָך דעמאָלט געווען צו ניי, אַז מען זאָל זיי קאָנען לייכט פאַרדייען, און טאָמער האָט שוין אָלגין איינמאָל זיך פאַנאַנדערגעלאָזט מיט לויבגעזאַנגען אויף וועבערן, האָט ער אָפּגע־טאָן אַזאַ קלייניקייט: — עס איז פונקט געווען די בלי־צייט פון דער קוביסטישער קונסט. וועבער איז אין אַמעריקע געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון קוביזם און ער האָט אויך דורך וואָרט געוואָלט איבערגעבן דעם אמת פון דעם קוביזם, האָט ער אין אַ ליד „ניו־יאָרק" באַשריבן אַז די גאַנצע שטאָט איז ווי אַ וואונדער־לעכער געשטעל פון קובן און ער האָט אָנגעהויבן:

קובן, — קובן, — קובן, — קובן.
הויך, נידעריק, און הויך, און העכער, העכער,
ווייט, ווייט אַרויס, אַרויס, אַרויס, אַרויס, ווייט,
פלאַכן פלאַכן, פלאַכן.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אויגן, אויגן, פענצטער־אויגן, אויגן, אויגן,
נאָזלעכער, נאָזלעכער, קוימען־נאָזלעכער,
אאַז"וו.

קונסט־טערמינען און פלאַסטישע קונסט־באַגריפן האָבן זיך אין יענע טעג נישט שטאַרק געמישט מיט יידיש, איז ביי אַלגינען אויס־

געקומען אַז דאָס זיינען ניט קוביסטישע „קובן", נאָר עפּעס אַזאַ מכשפהדיקער „קוקס" (אַלגין איז געווען שטאַרק קורצזיכטיק), און אַז דאָס האָט וועבער איבער דער שטאָט ניו־יאָרק אַוועקגעשטעלט אַ מכשפה וואָס שעלט די שטאָט מיט אַזאַ מאָדנעם, גוט־צוגעטראַכטן שפּרוך: „קוקס, קוקס, קוקס" און ער האָט זיך נאָך דערביי גאַנץ ברייט פאַנאַנדערגעשפּרייט מיט אָפּטייטשונג פון די קללות, און מיט אָפּמאָלן די צעפּאַטלטע האָר און אויך די אויסגעשטרעקטע דאַרע האַנט פון דער מכשפה מיט וועלכער זי טייטלט איבער דער שטאָט אַאַז"וו. עס איז געווען אַ וויטיק און אַ בזיון. וועבער איז שוין אין יענע טעג געווען פאַררעכנט צווישן די געציילטע פאַר בעסטע מאָלער אין אַמעריקע. זיינע בילדער ווי אויך זיינע געציילטע לידער און עסייען האָבן מיט קיין זאַך ניט אַרויסגעגעבן אַז ער איז אַ ייד. מיין פריינט י. טאָפּעל איז דאָס געוואויר געוואָרן און איז אַליין געווען איבערראַשט פון דעם. איך האָב זיך נאָכדעם אָנגעזעצט אויף וועבערן און גענומען מאָנען ביי אים ייִדישקייט און אָט, נאַדיר איגנאַטאָוו אַביסל ייִדישקייט און האָב הנאה . . .

פאַר אומגעפער אַ יאָר צייט האָבן מיר זיך נאָכדעם ביידע ניט געזען. פריער פאַר דעם פלעגן מיר זיך פון צייט צו צייט דורכ־שרייבן מיט בריוולעך. דאָס אָבער האָט דאָ אויך אויפגעהערט. ביי מיר האָט דאָס געהייסן, אַז וועבער האָט אויף מיר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. צוליב וואָס דאַרף ער דאָס אינגאַנצן? דערצו נאָך פלעגן אונדזערע אָפטע דיסקוסיעס וועגן ייִדישקייט כמעט שטענדיק אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ פאַרביסענעם קריגן זיך און דאָ איז נאָך צוגעקומען אָט דער נאַרישער „קוקס". איך פלעג זיך פון צייט צו צייט דערמאָנען אָן וועבערן מיט אַ געפיל פון איינעם וואָס האָט פאַרלוירן עפּעס וואָס ער האָט געהאַלטן אין געפינען. איך האָב אויך געבענקט נאָך וועבערס בילדלעכן און בליציקן מעטאָד פון רעדן.

וועגן דעם פראַנצויזישן מאָלער פון 18טן יאָרהונדערט קאָראָ, פלעגט איך וועבער למשל קענען אַ זאָג טאָן: — קאָראָ איז ריין און אומשולדיק ווי אַ קינד. דאָס איז די נשמה פון אַ פּאָעט מיט ריינע הענט און קלאָרע אויגן. וועגן אַל־גרעקאָ, דעם שפּאַנישן מאָלער פון 16טן יאָרהונדערט פלעגט ער אייך קאָנען אַ זאָג טאָן אַזוי: — אַל־גרעקאָ האָט אין אַ צייט פון פינצטערניש אָנגעזאָגט דער וועלט, אַז דער מענטשלעכער גייסט רייסט זיך צו דערהויבונג, צו ליכט. זיינע מענטשן האָבן אַזוינע זשעסטן אין זייערע הענט, אַז איר פילט ממש ווי זיי שפּאָרן פאַר אייך די האַריזאָנטן פאַנאַנדער, מיט זייערע אויגן

און שטערנס הייבן זיי פאַר אייך די הימלען אויף. — אָדער: —
וויליאַם בלייק ווייזט דער וועלט די שיינקייט פון שרעק, אאַז"וו.

איבער אַט דעם אַרט ריידן און איבער זיין גרויסן ווייסן וועגן קונסט פלעגן זיינע לעקציעס וועגן קונסט אין דער „אַרט סטודענט ליג" זיין די מערסט באַזוכטע.

אָבער אַט ווען איך האָב שוין געהאַט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז צווישן מיר און מאַקס וועבער איז שוין אַלץ פאַראיבער, איז וועבער געקומען צו מיר אין האַיאַס. איך האָב זיך באמת דערפרייט:

— וועבער, וועבער, דאָס איז דאָך זייער גוט פון אייך!

און ער ענטפערט מיר:

— איך בין געוועזן אייך זען אין רעסטאָראַן וואו איר עסט, אָבער איר האָט ווייזט אויס אויפגעהערט אַהין אַריינצוקומען. איר ווייסט, איך פאָר מיט אייך אַהיים. מיין פרוי איז מיר אַוועקגעפאָרן אויפן דאָרף, בין איך איצט אַ פרייער מענטש. וועלן מיר זיך קאָנען קריגן אַביסל, זיך שוין לאַנג ניט געקריגט.

— גוט, וועבער, זייער גוט. אַ ביסל וועלן מיר זיך קריגן, אַ ביסל וועלן מיר ריידן, אַ ביסל וועט מיין ווייב אייך שפּילן אויף דער פּיאַנאָ. עס איז זייער גוט וואָס איר זיינט געקומען.

וועבער האָט שוין, פאַרנדיק מיט מיר אַהיים, מיך גלייך אַריינגע־צויגן אין אונדזער ידישקייט־קריג. איך האָב מיט מיין גאַנצן ברען געטענהט, צום ווער ווייסט וויפילסטן מאָל, אַז די יידן האָבן אַ רעכט צו מאָנען, אַז די ידישע קינסטלער זאָלן אַרויסברענגען פאַר דער וועלט די עכטע ידישע ווערטן, און ווער אויב ניט אַ ידישער קינסטלער קען זיי אַזוי דערזען אין זייער ריינעם, אויפגעלויכטענעם אמת. און ניט נאָר דאָס. — די גויאישע וועלט האָט אַ רעכט צו מאָנען ביים ידישן קינסטלער: ברענג מיר די פון דורות אויסגעטראָגענע אייגנ־אַרטיקע ניואַנסן פון דיין פאָלק, באַרייכער אונדזער קונסט דורך די אויפלויכטן וואָס בלויז דו קענסט דערזען אין דיין פאָלק. אַ ידישער קינסטלער דאַרף ניט קומען ווי אַן אָפּגעריסענער סתם־מענטש. איר זייט אַ זון פון אַ פאָלק וואָס איז שטאָלץ און ווירדיק צום טראָגן פון דער פיינטלעכער דרויסנדיקער וועלט. עס איז אייער חוב צו ברענגען צו דער וועלט דעם ידישן שטאָלץ און די ידישע ווירדע. איר זייט דאָס שולדיק אייער פאָטער, איר זייט דאָס שולדיק דעם שטילן ידישן מוכר ספרים, אין וועלכן איר אַליין האָט אַט די ווירדע דערזען. איר זייט דאָס שולדיק אַט די יידן ביי די גמרות, וואָס האָבן אייך באַגייסטערט ווי אַ הייליקע דערשיינונג. ווער זאָל דאָס טאָן פאַר אייך?

איר ווילט דאָס לאָזן צו טאַלאַנטלאָזע מענטשן וואָס מאָלן יידן מיט בערד כדי צו ווערן „יידישע“ מאָלער, כדי מיט דער יידישער באָרד צו פאַרדעקן זייער טאַלאַנטלאָזיקייט; קויפט אויס אַט די יידישע שאַנד מיט אייער פיינעם באַגריף פון אַ זשעסט, וואָס קען צעשפּאָרן האַריזאָנטן. מיט אייער וואונדערלעכן פאַרשטיין די פאַרהעלטענישן, די נשמות פון פאַרבן.

און נאָך אַ זאַך, וועבער, אין דער ביבל ליגט פאַר אייך אַן אמת וואָס איז אייביק ווי די ביבל אַליין. דאָרט שטייט געשריבן:
— ווען פּרעה און די מיצרישע הארן האָבן זיך דערוואוסט אַז יוסף האָט אַ משפּחה, אַז ער האָט אַ פאָטער, אַז ער האָט ברידער, איז אַ פרייד געקומען אויף דעם הויז פון פּרעה.

וועבער האָט דאָ מיטאָמאָל אַ קוק געטאָן אויף מיר ווי אַן אויפּ־געבליצטער. אַלע זיינע קריגערישע האַרטקייטן און בייזקייטן זיינען מיטאָמאָל אַוועקגעפאַלן. פאַר מיר איז דאָ, פאַר אַ רגע בלויז, גע־שטאַנען אַ גאַנץ און גוט שמייכלענדיקער מענטש וועמען איך האָב איבער אַ גליקלעכן צופאַל אַזוי ווי געכאַפּט ביי דער האַנט און האָב אים אַזוי ווי אַרויסגע׳גנב׳עט פון אים אַליין אַרויס.

— וועבער, — האָב איך צו אים אַ דערנעענטערטער און אַ שמייכלענדיקער צוגערופן, — פאַרוואָס פאַרגינט איר ניט די גויאישע וועלט אַ ביסל פרייד?

אונדזערעביידנס שמייכלען האָבן זיך דאָ אַזוי ווי אַרומגענומען פאַר אונדזערע אויפגעלויכטענע אויגן. אַ האָפענונג האָט דאָ אויפּ־געפלאַלט. אָבער דאָס איז געווען פאַר אַ רגע בלויז. וועבער האָט זיך גיך אָפּגעקילט און איז צוריק בלאַס געוואָרן. מיר האָט דאָס וויי געטאָן.

דעם אייגענעם פאַרנאַכט, שטיי איך מיט וועבערן אין מיין גערטל.
— איר האָט דאָ אַריינגעלייגט אַ סך אַרבעט, איגנאַטאָוו.
— עס איז גוט צו זען וואַקסן די מי פון דיינע הענט, וועבער.
— וועבער, זעט אָט דעם רויזן־שטוירד, דאָס זיינען טיי־רויזן. זעט ווי כוחדיק ער ברעכט אויף זיינע קנאָספּן. דאָס עפּל־ביימל פון איין זייט און דאָס ביסל טרויבן פון דער אַנדער זייט וועלן זיך אָבער דעם זומער צעוואַקסן גרעסער און וועלן פאַרשטעלן די זון פון אים. געדאַרפט געווען אים איבערזעצן צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן, איצט אָבער זיינען שוין די וואָרצלען צו סענסיטיוו פאַר דעם.

— גייט שוין, גייט, — זאָגט וועבער, — אַט וועל איך אים איבערזעצן פאַר אייך און ער וועט אפילו ניט וויסן וועגן דעם.

און וועבער האָט ווי אַ געניטער גערטנער גענומען די לאַפּעטקע און אַרויסגעהויבן דעם שטוירדך אינאיינעם מיט דער גאַנצער ערד אַרום זיינע וואָרצלען. ער איז דאַכט זיך געווען גאָר שטאַרק פאַרנומען מיט דעם, אַז דער שטוירדך זאָל אפילו ניט וויסן וועגן דעם. נאָר אַט בלייבט וועבער פאַר מיר שטיין מיט דעם שטוירדך אויף דעם אויפֿ־געהויבענעם רידל וואָס אין זיינע הענט.

— איגנאַטאָוו, אַט די מעשה מיט יוספֿן . . . די ביבל, די גרויסע אייביקע אמתן . . .

אַן אויפגעלויכטענע וואָרעמקייט איז אין דעם פאַרנאַכט אַ פאַל געטאָן צווישן אונדז. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: דאָ טראָגט וועבער, ניט נאָר מיינע טוי־רויזן, נאָר אויך זיך אַליין צו מערער און גרעסערן זון־ליכט.

און איך האָב זיך דערלעבט. וועבער האָט אין 1918 דאַכט זיך געהאַט זיין ערשטע גרויסע „איין־מאַן" אויסשטעלונג אין דער דעמאָלט באַוואוסטער „מאָנטראָס־גאַלערי". איך קום אַהין צו גיין און גלויב מיינע אויגן ניט. זאָל דאָס אמת זיין, זאָל דאָס אמת זיין? וועבער איז לעבן מיר, וועבער שטעלט מיך פאָר. וועבער זאָגט: — דאָס האָט איר געזיגט, איגנאַטאָוו, דאָס איז אייער אויסשטעלונג.

אַט די מאָנטראָס אויסשטעלונג איז אויך געווען וועבערס גרעס־טער קינסטלערישער טריאומף. און דאָס שיינע דערביי, די קריטיקער לויבדיק זיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען און אָנגעבנדיק אַז ער איז אפשר דער גרעסטער מאָלער אין לאַנד, האָבן אים באַזונדערס שטאַרק געלויבט פאַר דעם וואָס ער האָט זיי אַזוי פיין אָנטפּלעקט די יידישע ספּיריטועלקייט. דאָס איז געווען אַ ספּעציעלער אָנטפּלעקע־רישער צוגאָב צו דער מאָנומענטאַלקייט פון זיינע קינסטלערישע קאָנ־צעפּציעס. איבערהויפּט האָט זיך פון דעם ניט געקאָנט אָפּלויבן דער גרעסטער אַמעריקאַנער קונסט־קריטיקער מעק'ברייד (אַ קריסט). ער האָט דאָס וועגן אים דעמאָלט געזאָגט, אַז ווען מען זאָל וועלן אויס־רעכענען פינף אָדער זיבן פון די גרעסטע מאָלער וואָס לעבן איצט אין דער וועלט, וועט מען מוזן אַריינרעכענען צווישן זיי דעם נאָמען מאַקס וועבער.

אַן ענלעכע געשעעניש איז פאָרגעקומען ביי דער „איין־מאַן" אויסשטעלונג וואָס וועבער האָט לעצטן יאָר געהאַט אין דער רייכער גאַלעריע פון „אַסאָשיאייטעד אַמעריקען אַרטיסטס". די גרויסע גאַ־לעריע איז געווען פול מיט באַזוכערס. וועבערס אויסשטעלונגען זיינען שטענדיק אַ געשעעניש אין דער קינסטלערישער אַמעריקע. וועבער

איז געוואָרן עלטער, בלאַסער, אָבער קינסטלעריש נאָך רייפער. זיינע אויגן האָבן נאָך אַלץ דעם יוגנטלעכן גלאַנץ, און די ווערטער פון זיין מויל קומען נאָך אַלץ אַרויס בילדעריש און בליציק. „שטיל לעבנס״ לאַנדשאַפטן און יידן (מענער און פרויען) אויף די ווענט.

אַט אַ בילד אין וועלכן ער וויל איבערגעבן דעם באַגריף פון „עבודת פרך״. די מענטשן וואָס אַרבעטן ביי עבודת פרך זיינען אין מאַסקעס. די מאַסקעס פאַרדעקן און דעקן עפּעס אויף. דאָס בילד ווערט אַ סימבאָל, אַן עבודת פרך וואָס ציט זיך פון מצרים ביז צו די יידן, וואָס ווערן איצט געצוואונגען צו טראָגן שטיינער אין די היט־לערישע קאָנצענטראַציע קעמפּס: פאַרמוטשעטע מענטשן אונטער מאַסקעס, טראָגן אַן אייביקן אוממענטשלעך־מענטשלעכן עבודת פרך. עס איז דאָ דאָס טיפע מיטפילן פאַר מענטשן וואָס ווערן דערנידעריקט צו פאַרמוטשעטע חיות און דער ביטערער כעס קעגן מענטשלעכער דערנידערונג. דאָס בילד איז אור־ביבליש לויט דער קאָנצעפּציע, לויט דעם געשטעל און לויט דעם כאַראַקטער פון די פאַרבן. און דער אמת וואָס עס ברענגט אַרויס האָט אין זיך עכטע ביבלישע זיכער־קייט. איך וויל דאָ ברענגען אַ פּאָר ווערטער וואָס דער חשובער מעק׳ברייד האָט געזאָגט וועגן אָט דער נייסטער אויסשטעלונג פון מאַקס וועבער. ער פאַררופט זיך דאָ אגב טאַקע אויך אויף דער דערמאָנטער „מאַנטראַס״ אויסשטעלונג.

I recall that in his first New York exhibitions I got out my Bible in order to find suitable adjectives for the Biblical harmonies that found their way into Max Weber's best group of pictures dealing with the ideas that Henri Rousseau, Pablo Picasso and Henri Matisse were fighting for, occurred these strange still lives that were painted in the colors and in the language that King David himself would have perfectly understood. It was a remarkable case of atavism.

וועבער האָט אויך אין די בית־מדרש־יידן ניט פאַרגעסן. דאָס איז אַ בילד וואָס ציט צו אייער אויג מיט דער ביזאַרקייט און שפּי־לעוודיקער פרייקייט פון קאָמפּאָזיציע. דאָס איז אַ מין געמיש פון פּשוטע דרויסנדיקע בית המדרש ווענט מיט אַרכיטעקטאָנישן בית־המקדשדיקן „אינווייניק״ און מיט קעפּ פון יידן ביי גמרות: — יידן ביי גמרות אין די פענצטער, יידן ביי גמרות אין דער לופט, יידן

ביי גמרות אַרום אַ טיש צווישן מאַסיווע זיילן. די זיילן שפאַרן אונ־
טער פיין־געבויגענע אַרקן. יידישע לומדות לויכט דורך די פנימער,
שוועבט און הייבט, בינדט און פאַרפעסטיקט די וואָגיקייט פון די
אָרעמע דרויסנדיקע בית המדרש ווענט, וואָס האַלטן אָפגעהיט די
פאַרחורבנדיקע, מאַיעסטעטישע בית המקדשקייט — און איבער אַלץ,
וועבערס זיכערקייט און פעאיקייט צוצוגעבן וואָג און אָטעמדיקייט צו
די פאַרב־גראַדירונגען.

און אָט אַ דראַמאַטיש בילד פון אַן אַרבעטער, אַ מויערער. ער
בויט. ער קלעטערט איינאיינעם מיט דער געביידע צום הימל, שטייט
אימפעדיק אויף צוויי אויבערשטע ווינקל־שטיינער פון דער געביידע
און טראָגט אין די הויך־פאַרריסענע הענט אַ דריטן ווינקלשטיין קעגן
דעם הימל. דראַמאַטיש זיינען אויך געמאָלן די וואָלקנס אַרום אים.
זיין רעאַליסטיש איינפאַכע אַרבעטער־קליידונג איז פונדעסטוועגן, דאַכט
זיך אויך, ווי פון וואָלקן־שטיקער געמאַכט. זיין געשפאַנטער דראַמאַ־
טישער אימפעט, איז אַזאַ, ווי ער וואָלט דאָ געהאַלטן אין סאַמע מיטן
פון זיין פאַרמעסט צו באַהערשן און פאַרפעסטיקן דעם הימל פאַר
דער וועלט.

און אָט אַ גרויס אַנזעעוודיקע לייוונט, זי פאַרנעמט דעם אויבנאָן
פון דער אויסשטעלונג: צוויי יידן שטייען אויף דעם לייוונט. איינער
פון זיי געמאָלן מיט מאַסיווע פאַרבן און כמעט רעאַליסטיש. ער
טראָגט אַן אַלטע גמרא אין דער האַנט, ער גייט. קעגן אים, אַ צווייטער
ייד, געמאָלן אין אַ סטיליזירטן ראַפינירטן מאַניער. ער איז דורכ־
זיכטיקער. ער באַגעגנט, ער שטעלט אָפ: — „וואוהין?" עס ווערט
דאָ סובלימירט די איצטיקע און אייביקע ביטערע יידישע טראַגעדיע.
די וועלט, די ערד אַליין ברעכט זיך אין שטיקער אונטער זייערע פיס.
מען דאַרף לויפן, מען דאַרף גייך, גייך. אָבער וואוהין? עס שטייען
דאָ פאַר אייך צוויי אויפגעלויכטענע און פון דער אומענדלעך גרויסער
יידישער טראַגעדיע דורכגעלויכטענע יידן. דאָס גרויסע אומגליק
ברענט דאָ אַזוי ווירדיק פאַר אייערע אויגן. איר דערפילט ממש ווי
אַ ליכט־קרייץ וואָלט אַרומגענומען דאָס בילד. אָט די צוויי יידן זיינען
איבער אַ קאַפריז פון דעם קינסטלער און אפשר וועט זיין ריכטיקער
צו זאָגן, איבער אַ געזונטן קינסטלערישן אינסטינקט אַזאַ, געמאָלן
געוואָרן אַזוי, ווי זיי וואָלטן אַרויסגענומען געוואָרן פון צוויי גאַנץ־באַ־
זונדערע לייוונטן. צוויי באַזונדערע קאָנצעפציעס, דאַכט זיך. אַנדערש
איז די מאָלערישע באַהאַנדלונג פון יעדער פיגור. דער גייער און
דער פרעגער צעטיילן כמעט די גרויסע לייוונט אויף צווייען. אָבער

דאָס זיינען בלויז צוויי האַלבע פון אַ גאַנצער יידישער טראַגעדיע. און איר בלייבט שטיין פאַר דער לייוונט, ווי פאַר אַן עפּאָפּייע. כאָטש בלויז צוויי פיגורן שטייען פאַר אייך אויפן לייוונט.

און וועבער שטייט לעבן מיר, לאָזט זיך מיר ניט קאָנצענטרירן ווי געהעריק איז. ער איז איבערגליקלעך מיט מיר. ער רעדט און רעדט אַלץ אין עקסטאַז צו מיר און ווערט ניט מיד אָבער און ווידער־אַמאָל מיך הויך פאַרצושטעלן פאַר די באַזוכער ווידערהאַלנדיק אָן אויפהער: דאָס איז מיין רבי, דאָס איז מיין רבי.

# פאַרן בית דין

(דערציילונג)

## ש. איזבאַן

צוואַנציק שמאָלע טרעפּ האָבן געפירט אַרויף, צום הילצערנעם הייזל, וואו ס׳האָט געוואוינט אין דחקות דער מאַראָקאַנער חכם ר׳ עמנואל ביי, א רב, אַ דיין, א רודף־צדק.

אונטן, פאַרן ארויפגאַנג האָט זיך געשפּרייט אַ שוואַרצער סאַמע־טענער טעפּיך, וואו אינדערמיט זיינען געווען אויסגעהאַפטן מיט רויטע פעדים די צען געבאָטן. אויבן, אויף דער לעצטער טרעפּ איז גע־שטאַנען אַ גרויסע צדקה־קערה פון ר׳ שמעון בר יוחאי און האַרט ביים פירהויז — צוויי טירן מיט מזוזות, אויסגעהאַמערט פון מעש און פון קופּער.

יוכבד, א צפתער אלמנה, א סאַרווערין אויף חתונות און בריתן, האָט זיך געהויבן איבער די טרעפּ מיט א שוואַכקייט אין די פיס. דאָס איז זי געגאַנגען אָנקלאָגן דעם צפתער טעפּיך־הענדלער סעיד פאַרווילי פאַרן מאַראָקאַנישן בית־דין. יוכבד איז געקומען אויסגע־שטראַצלט אין איר גאַנצער צירונג. דאָס גרינע שפּיצן־טיכל, וואָס האָט פאַרדעקט די קנוילן האָר, איז געפאַלן אין א דריי־עק איבערן שטערן. דאָס שוואַרצע קלייד, געניית אין פאַלדן און אין גלאָקן ווי א רבנישע מאַנטילאַ, איז געווען פאַרהעקלט ביזן האַלדז. אויף איין האַנט האָט זי געטראָגן אַן אָרעם־באַנד, אויף דער צווייטער — אַ קנויל מיט רינגען און איבערן מויל — אַ שווערער אָטעם פון הויבן זיך אויף צוויי שטאָק טרעפּ.

איידער יוכבד האָט אַ קוש געטאָן אַ מזוזה, האָט איינע פון די

טירן זיך געעפנט און ס׳איז ארויסגעקומען דער שמש אין אַ לאַנגן אויסגעריבענעם כאַלאַט. אַרום דעם ווייבערישן פּנים — אַ האלדז־באָרד. דורך דער ווייסער, דורכזיכטיקער יאַרמעלקע, האָט זיך ארויסגעזען דער שפּיץ קאָפּ, אויסגעגאָלט, גלאַנציק, ווי דער דנאָ פון אַן אויסגעשייערטן קעסל.

דעם חכמס שמש ברכיהו, וואָס איז גרייט געווען צו טרייבן פון אַלע טרעפּ די שטאָטישע שנאָרערס און די בכבודיקע נדבה־קלייבערס, האָט אויפגענומען די סאָרווערין מיט אַ ווייך שמייכעלע:

— פאַר אלמנות האָט ר׳ עמנואל ביי שטענדיק אַן אָפענע טיר, אַן אָפן אויער, ס׳טאָר זיך ניט געפינען קיין עושק אלמנות צווישן די בני עמנו. און דו קומסט שוין ס׳צווייטע מאָל אַנקלאָגן דעם טעפּיך־הענדלער, וואָס לייקנט, אז ער האָט פאַרבאַהאַלטן דיין געלט־פּקדון... אויב דו ביזט גערעכט, וועט אים דער חכם רודפן, ער וועט אים ארויסטרייבן פון צפת... אויף ווען ווילסט דו באַשטעלן דעם בית־דין?

— אויף דריי טעג שפּעטער. אויפן מזלדיקן דינסטיק. ס׳איז דעמאָלט דער יאָרצייט נאָך מיין גאָטזעליקן מאַן. אַן אָרעמע אלמנה קען ניט געפינען קיין באַשיצער צווישן לעבעדיקע... און כ׳וויל, אַז זיין פרומע נשמה זאָל זיין א צד און א הילף אין מיינע טענות.

דער שמש האָט ארויפגערוקט די שפּיציקע יאַרמעלקע איבערן שטערן און געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— ס׳קען ניט זיין! ס׳קען ניט זיין! דינסטיק פאַלט אויס די ערשטע סדר־נאַכט. און אַלע זיצן אין די הייזער און וואַרטן, אליהו הנביא זאָל אריינקומען. קיין שטרייט, קיין געפעכט אין דער הייליקער נאַכט... אָבער וואָס שטייסטו אויף יענער זייט שוועל, יוכבד?

מיט שווערע אַנגעלאָדענע טריט האָט יוכבד אריבערגעשפּרייזט די שוועל.

דאָס שטיבל איז געווען גרויס ווי א קאַמער. מיט אַן אויסגעקרימטער סטעליע, פאַרשפּיצט אין א טורעם, ווי דער דאַך פון א טויבן־שלאַק.

דער חכם אליין, טונקל ווי אַ מאַראָקאַנער מדבר־רייטער, אין זיין ברייטער רבנישער גלימאַ,*) אויפן קאָפּ — אַ געלן טורבאַן און איבער ביידע אויערן שווערע, געוויקלטע פּאות ביז צו די אַקסלען, איז געשטאַנען איבער אַ שטענדער. ער האָט געהאַלטן א גענזענע פעדער אין דער רעכטער האַנט, א שמאָל בייגעלע פּאַפּיר אין דער לינקער און

---

* מאַנטילאַ.

אַ פאַרטראַכטער גערעדט שטיל, ווי ער וואָלט געפירט מיט זיך אליין אַ חשבון: — אַ מטבע פאר דעם כולל, א מטבע פאר דער צדקה־קערה, א מטבע פאַר דער צפתער תלמוד־תורה — און דער בית־דין וועט צונויפגערופן ווערן. דאָ האָט ער זיך איסגעדרייט צו דער אריינגעקומענער — יוכבד מויאל — דו ביזט דער ערשטער צד. אין וואס קלאָגסט דו אָן דעם צווייטן צד, סעיד פאַרווילי, אין גנבה?

— היילעקער חכם, רוף עס ווי דו ווילסט. גנבה צי באַטרוג. כ׳בין א וויסטע אלמנה, אַ סאַרווערין. שוין דרייסיק יאָר ווי כ׳באַדין צפתער שמחות, חתונות און בריתן, ניט בלויז ביי אונדזערע מאראָקאַנער ברידער, נאָר אויך ביי די ספרדים וואס קומען פון שפּאַניע און פון טערקיי... מען קען מיך אין צפת, די יראַ־שמימניקעס קענען מיך. זעסט די קאָרבן אויף מיין פּנים? היילעקער חכם! דאָס האָב איך קיינמאָל ניט געלייגט גענוג שפּייז אויף מיין גומען. כ׳האָב געקאַרגט פונעם ביסן און געשפּאָרט אַ מטבע צו א מטבע — טאָמער וועד איך שלאָף אויף דער עלטער — און כ׳האָב עס געגעבן צו האַלטן פאַר אַ פּקדון דעם טעפּיך־הענדלער. ווער האָט אלץ ניט גוט געזאָגט פאר סעידן? אַלע האָבן אים געקענט פאר א נאמן. און איצט, אז כ׳בין געקומען אָפּנעמען מיין שפּאָר־שיסעלע, לייקנט ער דעם פּקדון... היילעקער חכם, ליגן און באַטרוג קומט פון זיין מויל.

דער חכם ר׳ עמנואל ביי האָט ארויסגעלייגט די גענזענע פעדער, דאָס בייגעלע פּאַפּיר און געפרעגט:

— און קבלות האָט ער דיר געגעבן ביים נעמען די מטבעות?

— ניין, היילעקער חכם! כ׳קען ניט די חכמה פון שריפט און כ׳האָב ניט פאַרלאַנגט פון אים קיין קבלות...

— און א שבועה האָט ער דיר געגעבן?

— ניין, היילעקער חכם! א בושה וואָלט צוגעדעקט מיין פּנים צו פאָדערן א שבועה פון אַזאַ נאמן.

— און עדות האָבן צוגעקוקט, ווען דו האָסט צו אים געטראָגן די מטבעות?

— כ׳בין ניט דרייסט געווען צו פירן אַהין עדות, היילעקער חכם! נאָר אויב שטומע וועגט קענען זיין עדות, האָבן זיי געהערט דעם קלימפּער פון די מטבעות, וואס זיינען געפאלן אין דעם שפּאָר־שיסעלע...

ר׳ עמנואל ביי האָט געשוויגן. ער האָט געעפנט א זייטיק טירל פונעם שטיבל און איז דאָרט פאַרשוואונדן. באלד איז ער צוריק אריינגעקומען מיט א בלעכענעם טעלער אין איין האַנט און א צדקה־

ביקס אין דער צווייטער האַנט. דאָס האָט ער אונטערגעטראָגן דער סאַרווערין. יוכבד האָט געקרעכצט, זי האָט געעפנט אַ פּאַרבאַ־האַלטענע טאַש אין אַ לויזן פאַלד פון איר ברייט קלייד, ווי אַ געהיימע טיר און אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר זילבערנע קלימפּערס. איין מטבע האָט זי אַריינגעוואָרפן אין דער צדקה־ביקס, אַ צווייטע אין דעם בלעכענעם טעלער. די דריטע מטבע האָט זי געשטופּט אין דעם חכמס נדבה־בייטל, וואָס איז געווען צוגעבונדן צום בויך־באַנד.

דער שמש, ווען יוכבד האָט ביז איצט ניט געזען אינעם ענגן שטיבל, האָט מיטאַמאָל זיך אַרויסגעהויבן פון אַ ווינקל, ער איז ניט איינגעשטאַנען. ער האָט זיך גענומען דרייען אַרום דער אלמנה, ווי ער וואָלט געהאַט ווערים אין געזעס. די סאַרווערין האָט ווידעראַמאָל אַ קרעכץ געטאָן און אַרויסגענומען אַ פערטע מטבע און דערלאַנגט דעם שמש.

אַן אונטערטעניקער האָט דער שמש איינגעצויגן דעם קאָפּ. די האַלדז־באָרד איז פאַרשוואונדן הינטער דעם כאַלאַט־קאַלנער, און אַ ווייך, ווייבעריש פּנים האָט תמעוואַטע געלאַכט. ער האָט באַלד זיך געווענדט צום חכם:

— ווען וועט מען צענויפברענגען דעם בית־דין, ר׳ עמנואל ביי?

דער מאַראָקאַנער חכם האָט זיך געשטעלט פאַר דער אלמנה און מיט אַ האַריקער האַנט זיך געשטורכעט אין האַרצן אַריין.

— מיטן ווילן פון הימל, מיטן גוטן ווילן, וועט דער בית־דין זיך זעצן דעם ערשטן טאָג חול־המועד. איך דאַרף אויסהערן ביידע צדדים און כ׳וועל זוכן צדק... אַ דיין און אַ באַשיצער פון אַלע מאַגראַביער — דאַרף דער חכם זיין! ביי מיר וועט אַ מאַן, אפילו אַ שפּאַניאָלער קיין עושק אלמנות ניט זיין. כ׳וועל אים מחרים זיין, כ׳וועל אים אָפּשטעלן דעם האַנדל. ער וועט מיר אָפּגעבן חשבון פאַר יעדער קופּערנער פּרוטה...

די רייד זיינען געווען ווי באַלזאַם פאַר דער סאַרווערין. די שוואַכקייט פון די פיס איז איר אוועק. ס׳האָט געלוינט צו הויבן זיך אויף צוויי שטאָק טרעפּ, צו הערן אַזוינע גערעכטע רייד. מיט בטחון אינעם אייגענעם האַרצן, האָט זי זיך געגרייט אַרויסצוגיין. ביי דער טיר האָט זי אַ הויב געטאָן צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט צו דער מזוזה, דערנאָך האָט זי לייכט אונטערגעהויבן דאָס פאַלדן־קלייד און אין אַ פּאַזע, ווי זי וואָלט זיך געקליבן אַריבערצוגיין אַ וואַסער־גרוב, האָט זי גענומען אַרויסשפּרייזן. באַלד האָט זי געמאַכט אַ שריט צוריק און נאָכאַמאָל דערמאָנט דעם שמש.

— ברכיהו, פאַרגעס ניט אז מען האָט מיר, אַן אלמנה אַן עולה געטאָן!

— כ׳פאַרגעס ניט. חול המועד, מיטן הימלס ווילן וועל איך אַהין טראָגן דעם בית־דין־צעטל צום טעפיך־הענדלער.

— כ׳וועל דיך באַלוינען, שמש. כ׳האָב אָנגענומען א נייע סאַר־ווערשאַפּט.

— קיין באַלוינונג! קיין אונטערקויף! — האָט דער שמש שטרענג אַ זאָג געטאָן — כ׳וועל סיי ווי שטעלן די צדדים. כ׳וועל ברענגען גוט־זאָגערס, כ׳וועל רופן אַ נאמן. זיי וועלן טענהען פאַר דיר...

— גאָט דער אלמעכטיקער זאָל מיך באַשירעמען! — האָט יוכבד הויך אַ זאָג געטאָן און ארויסגעשפּריצט.

— דער צדק וועט זיין אויף דיין זייט, ווייב! האָט דער שמש פאַרמאַכט הינטער איר די טיר.

**
*

איצט איז יוכבד געגאַנגען צו איר שוועסטער זאַהאַראַ זאַלאַכי אָנצוזאָגן איר די בשורה, אז סעיד וועט גערופן ווערן צום בית־דין. זאַהאַראַ האָט געוואוינט אין דער הינטערשטאָט. די פריידע, וואָס יוכבד האָט אראָפּגעטראָגן פון די צוויי שטאָק טרעפּ, האָט זי איינגאַנצן צענומען. דער גאַנג איז געוואָרן לייכטער און די שוואַכע פיס האָבן ניט געשפּירט די משא פונעם וויבערישן באַלייבטן גוף.

דער פאַרנאַכט האָט זיך געשטעלט איבער צפת. פלאַמיקע זון־שטרייפן האָבן געצונדן דעם הימל און א ווינט האָט געיאָגט פון די נאַקעטע בערג אַרום.

זי איז דורכגעגאנגען א געמויערטן, אויסגעוועלבטן טויער און האָט זיך געלאָזט מיט אַן ענגן וועג, וואָס פירט צו דער אַלטשטאָט. פון ביידע זייטן וועג, האָבן זיך געצויגן נידעריקע, ליימיקע מויערן. דער וועג האָט זיך געקאַלערט אראָפּ, אראָפּ, צווישן פלאַטשיקע הייזלעך און אָפּגעשונדענע פאַרקאַנס, וואָס אמאָל טיפער, ווי אין א שאול־תחתיה. און צפת, וואָס איז באַרגיק, וואָס ליגט צעוואָרפן איבער בערג־שפּיצן, האָט איצט אויסגעקוקט, ווי זי וואָלט זיך אראָפּגעשאָטן אין א טאָל.

וואָס נענטער יוכבד איז געקומען צום הייזל, וואו איר שוועסטער זאַהאַראַ האָט געוואוינט, אלץ מער האָט די פריידע פון איר זיך אָפּגע־טאָן, און קאַרבן מיט זאָרג האָבן זיך געלייגט איבערן פנים. זי האָט ניט געוואָלט אריינקומען אין דער אָרעמער שטוב, אַן אויסגעצירטע. דאָס גאַנצע הויזגעזינדל וועט אויפשפּרינגען: „מיר זיינען מחותנים — אָבער אָן מזומנים.״ און אין גאַנג האָט די אויסגערעכנטע סאַר־

ווערין גענומען אויסטאָן צוערשט דעם אָרעם־באַנד פון דער רעכטער האנט, דערנאָך דעם קנויל מיט רינגען פון דער לינקער האַנט. דאָס צירונג האָט זי פאַרשטעקט אין א פאַלד־טאַש פון ברייטן גלאַקן־קלייד. דאָס האָט זי געטאָן, אום אָפּצוויאָגן פון זיך א בייז אויג. דער מענטש בויגט זיך פאַר איידלשטיינער וואָס פינקלען. דעם חכם גייט מען אַנטקעגן מיט תכשיטים און דעם געמיינעם מאן — מיט אן אויס־געקנייפּט לייב.

און איר שוועסטערס שטוב איז פול מיט געמיינע לייט. זי אליין, זאַהאַראַ פליקט פעדערן אין שלאכטהויז. איר מאן בעטלט ביי די הייליקע קברים. און פרומקייט און גאָטפאַרכטיקייט טראָגט זיך ניט צווישן די ווענט פון זייערע חדרים.

זי איז פאַרבייגעגאנגען א הויכע וואַנט, באַוואַקסן מיט מאָך און גראָז און אריינגעטאָפּטשעט אין א מאַרק צווישן קופּקעס הייזער. עטלעכע שטיינערנע טרעפּ האָבן אראָפּגעפירט צו א נידעריקן הויף ווי א קעלער. דאָס טירל מיטן אייזערנעם הענטל פון הויז איז גע־שטאַנען האַלב אָפן.

יוכבד האָט זיך אראָפּגעלאָזט מיט די טרעפּ.

א זקנה מיט א קאָפּ גרויע צעפּלעך איז געזעסן אויף א שטיין און געהאַלטן צווישן די קניען אן אָפּגעצופּט עוף. זי האָט אויפגע־הויבן א פּאָר שטייפע ברעמען.

— קומסט פון א ברית־מילה, יוכבד ?

— וואָס רעדסט דו זאַהאַראַ ? האָסט פארגעסן די ישראלישע דינים ? — איז יוכבד ריידנדיק אַראָפּ פון דער לעצטער טרעפּ — ווייסט דו דען ניט אז אין די פאַרנאַכטן קענען זיין בלויז אירוסין*) און חתונות אָבער ניט קיין ברית־מילה. דאָס באשניידן א זכר איז תמיד אין דער פרימאָרגן־שעה.

זאַהאַראַ האָט אָפּגעמאָסטן איר שוועסטער פון קאָפּ ביז פיס.

— קוקסט ניט אויס אין די קליידער צו קומען פון א חתונה־אָרט. וואו זיינען די גאָלדענע קלימפּערלעך און רינגען ? וואו זיינען די געצוקערטע פייגן און טייטלען ?

— פרעגסט ביי מיר אויף גאָלדענע קלימפּערלעך און רינגען ? ווייסט דאָך, שוועסטער, אז כ׳האָב א גאנץ לעבן ניט פאַרגונען זיך איינצוקויפן קיין צירונג. כ׳האָב געשפּאָרט פונעם גומען און געטראָגן יעדע צוגעציילטע פּרוטה צו סעיד פארוויליך. איצט לייקנט ער אַלץ... ער האָט גאָרנישט געזען, ניט קיין קעמלען און ניט קיין מדבר...

*) תנאים.

כ׳קום טאָקע איצט פון דעם הייליקן חכם. ער וועט סעידן רופן צום בית־דין. וועסט אויך קומען, שוועסטער, וועסט זיין א באַגלויבטע זאָגערין!

ביי די ווערטער האָט זאַהאַראַ זיך אויפגעשטעלט אַן אָנגעצונדענע און אַ וואָרף געטאָן דאָס אָפּגעצופּטע עוף אויפן שטיין:

— איך זאָל אויך קומען? איך זאָל זיין א באַגלויבטע זאָגערין? ווי קען איך פאר דיר גוטזאָגן, יוכבד אז דו האָסט מיר קיינמאָל ניט דערציילט, אַז דו שפּאָרסט געלט ביי דעם טעפּיך־הענדלער. אבער כ׳האָב געוואוסט. הינטן־ארום האָב איך עס געוואוסט... גוטע שכנים, מאַגראַביער האָבן מיר דערציילט פון דיין שפּאָר־קניפּל. ביזט דאָך מיין אייגן בלוט און פלייש. ניט בחינם איז דיין זעליגער מאַן אראָפּ־געגאַנגען יונג אין קבר... האָסט פאר אים אויך געלייקנט... כ׳וועל ניט קומען יוכבד, כ׳וועל ניט זיין פאר דיר קיין זאָגערין.

— באַזינג מיך ניט זאַהאַראַ, באַקלאָג מיך ניט! דאָס וואָס עס קומט דיר ביי מיר, וועל איך דיר אָפּשיקן אויף א מויל־אייזל. קיין דרשה־געשאַנק בין איך דיר ניט שולדיק געבליבן און קיין גמילת־חסד האָסט דו מיר ניט אקעגן געטראָגן. קום ניט! קום ניט!

יוכבד האָט זיך געקליבן שוין ארויסגיין פון הויף, ווי פון גאָס איז איר אַקעגן געקומען אַן עלטערער פאַרשוין אין אַן „אַבאַיע", צונויפ־געלאָטעט פון זעק און די פיס באָרוועס. פון דער גאַמבע האָט אראָפּ־געשלאָמפּערט אַן אויסגעגעסענע שטרייף באָרד און די קליינע אויגן, רויטע, אָנגעצונדענע, ווי ער וואָלט געליטן אויף טראַכאָמע. דער פאַרשוין האָט צוגעלייגט א באַוואָקסענע האַנט, צוערשט צום שטערן, דערנאָך צום האַרצן און זיך באַגריסט:

— אַן אורח האָב איך! א גאַסט האָב איך! ווי איילסט דו שוין ארויס, יוכבד?

— מען דאַרף מיך ניט דאָ! דיין ווייב דאַרף מיך ניט! — האָט יוכבד געעפנט דאָס אייזערנע טירל.

— זי דאַרף מיך אויך ניט! זי פאַרטראָגט ניט קיין אייגענע מענטשן — האָט דער פאַרשוין זיך באַקלאָגט — הינערישע העלדזלעך דאַרף זי! געגנזענע בייכער דאַרף זי! אפילו מיט מיר טוט זי זיך שעמען... זי האָט אַן איידעלע פּרנסה, א פעדערן־פליקערין, און איך, נסים, בעטל ביי די קברים...

ביידע האָבן זיך געלאָזט צו דער גאָס. זאַהאַראַ האָט זיך אַ ריס געטאָן, און איז נאָכגעלאָפן איבער דער טרעפּ. דאָס פאַרפלאַמטע פּנים ביי איר האָט זיך געקילט און זי האָט גערעדט שטיל:

— טומל ניט נסים! פאַרטרייב ניט מיין שוועסטער. און אַז איך האָב איר אויסגערעדט אַ חטא, איז דאָס איר געקומען. זי האָט די שטראָף־רייד פאַרדינט. מען דאַרף פאַר מיר גאַרנישט אויסבאַ־האַלטן. זאַהאַראַ זעט אַלץ. זאַהאַראַ ווייס אַלץ. און כ׳וויל ביי קיינעם ניט קיין חלק.

אויף דער גאַס האָט נסים, דער מאַנצביל זיך געשטעלט צווישן ביידע ווייבער. זאַלבעדריט האָבן זיי געשפּרייזט. נסים האָט אויס־געטאָן דעם טורבאַן, האָט אים גוט אויסגעשאָקלט, דערנאָך האָט ער געהויבן די שוואַרצע, באַרוועסע פּיס און גערעדט:

— און זי פאַרגינט קיינעם ניט, מיין ווייב זאַהאַראַ! איידעל־שטיינער און צירונג זוכט זי בלויז אַ גאַנץ לעבן. גיב איר אַ שנירל פּערל מיט אַ בייטש קרעלן, וועט זי פאַרגעסן דאָס אייגענע הויזגעזינד און צוריק אַנטלויפן נאָך מאַראָקאָ!

זאַהאַראַ האָט אַ צי געטאָן דעם מאַן פאַרן בויך־באַנד, ער זאָל פאַרקלאַפּן די ציין. און ווען אַלע דריי זיינען צוגעקומען צו אַ בערגל, וואו ס׳האָט זיך געקרייצט אַ שייד־וועג, האָט יוכבד זיך אָפּגעזעגנט און ווידעראַמאָל דערמאָנט איר שוועסטער:

— וועסטו קומען צום בית־דין!

— אין דעם חכמס הויז? — איז זאַהאַראַס מויל פול געווען מיט שלום־רייד — ווען וועט ר׳ עמנואל ביי זיך זעצן צום טיש?

— דעם ערשטן טאָג חול־המועד, מיטן באַשעפערס ווילן, דעם ערשטן טאָג.

— מען וועט קומען, מען וועט קומען! — האָט נסים גערעדט פאַר זיך און פאַרן ווייב — איינצושטילן צדדים אין אונדזערע גאַסן זיינען מיר שטענדיק גרייט. מען וועט קומען!

**
*

דעם ערשטן טאָג חול־המועד, גלייך אין פרימאָרגן, האָט יוכבד זיך געלאָזט גיין צום באַזאַר פון די טעפּיך־הענדלער. זי איז געגאַנ־גען דורך אַ שמאָלן וועג, וואָס קלעטערט איבער צפת צווישן אָפּגע־שונדענע דעכער און קאַלטונעוואַטע בערג. יוכבד האָט זיך געאיילט צו באַגעגענען דעם שמש, וואָס דאַרף אָפּטראָגן דעם בית־דין־צעטל צו סעיד פאַרווילין.

זי האָט אריינגעדרייט אין אַן אויסגעוועלבטן טויער און איז פאַר־בייגעגאַנגען די אַלטע צפתער „מצודה" — אַ זכר פון אַ פעסטונג.

מאַכיקע בערגלעך האָבן געפירט אַרויף צו אַ חורבה. די חורבה, ווי אַן איינגעפאַלענער טעמפּל איז געווען אונטערגעשפּאַרט פון דריי

איינגעבראָכענע זיילן. הינטער די זיילן — רעשטלעך ווענט. פון די אָפענע לעכער האָבן ארויסגעקוקט שפּיציקע, אָפּגעקרישלטע שטיינער, ווי ארויסגעזעצטע ציין. ארום איז געווען שטיל. בלויז איינזאַמע וואָנעס האָבן געקראַקעט צווישן צווייגן־געפלעכטן. און די „מצודה", אַ פאַרלאָזענע, האָט געדראָט מיט איינגעדרימלטער גבורה.

יוכבד האָט זיך געלאָזט באַרג־אַראָפּ.

דאָס געסל, אויסגעלייגט מיט טרעפּ וואָס האָט געפירט צו אַלט־צפת איז געווען אַזוי שמאָל, ווי דער אַראָפּגאַנג אין אַ קעלער. די טרעפּ פון שטיין, די נידעריקע מויערן פון שטיין און דער ווינט וואָס האָט געבלאָזן פון די נאַקעטע בערג, האָט זיך געשטעלט אין דער נידער צווישן די צונויפגעקייטלטע ווענט. דער גאַנג ביי יוכבדן איז אויך געווען לייכטער, גיכער. ווייל איידער זי האָט באַוויזן רעכט אַ הייב צו טאָן אַ פוס, האָט זי שוין זיך אָנגעשטויסן פאַר אַ בויד מיט טעפּיכער.

דער הענדלער אַ צעבאַקענער אַראַבער, אָנגעטאָן אין אַ געלער אַבאַיע, פול מיט ריסן און לעכער — האָט אַ שטויס געטאָן זיין בויד, וואָס איז געגאַנגען אויף רעדלעך. די בויד איז פאַרפאָרן אָן אַ זייט און פאַר יוכבדן האָט זיך געעפנט אַ טונקעלע גאַס. פון ביידע זייטן גאַס האָבן זיך געצויגן, ווי הייל־עפענונגען, טונקעלע, אויסגעוועלבטע קלייטן. אין פראָנט פון די קלייטן, אויף די ביישטידלעך, אויף די קאַרניזן פון די דעכלעך זיינען געווען צעהאַנגען קאָפּ־טיכער, אָקסל־פאַטשיילעס, טורבאַנען, פעסקעס און אַבאַיעס פון אַלערליי קאָלירן.

צווישן די הילצערנע בוידן האָבן זיך געדרייט טעפּיך־הענדלער. אַראַבער און ספרדים, אַזוי באַלאָדן מיט סחורות אז מען האָט קוים די קעפּ ארויסגעזען. זייערע אָקסלען און אָרעמס האָבן אויסגעזען ווי ווענט, באַהאָנגענע מיט טעפּיכער און סוטאַנעס. זיי האָבן פוילע געשפּרייזט, לענג אויס די בוידן און מיט גאָרגלדיקע קולות געלאָזט וויסן וועגן די מציאות.

אין געדרענג, צווישן די שפּרייזנדיקע הענדלער, האָט יוכבד גע־זוכט סעיד פאַרוויילין. דאָס וואָס זי האָט אינעם טעפּיך־באַזאַר ניט באַגעגנט דעם שמש, האָט איר ניט אָפּגעהאַלטן צו בלאָנדזשען אין דעם געפּילדער. זי האָט שטאַרק געוואָלט אָנכאַפּן סעידן, אריינ־קוקן דעם שונא אין פּנים אריין, אים אָנזאָגן אז ס'וואַרט אויף אים אַ בית־דין־צעטל, אַז ס'איז נאָך דאָ אַ דין און אַ דיין ביי ישראל. זי האָט ניט געוואוסט, וואו אים צו זוכן און איצט האָט זי שוין אָנגע־הויבן צו גלויבן אז אזא פּוחז קען מען טרעפן אין אַן אַראַבישע קלייט,

ציען א נאַרגילע, אָדער אין א טרונק־שטוב איבער א טיש מיט וועפל... און אז ער וועט זיך אָפזאָגן צו קומען? — איז ביי יוכבדן דורכגעלאָפן א חשד — אז ער, סעיד, א שפּאַניאָלער, וועט זיך ניט לאָזן משפטן פון א מאַראָקאַנער חכם? ער וועט זיך אויסבאַהאַלטן פון דעם בית־דין?

פון צווישן די טומלדיקע הענדלער האָט זיך אַרויסגערוקט א אָנגעקרעפטער מאַן מיט א פּאָר גאָבעלינעז אויפן רעכטן אַקסל. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן יוכבדן. פון צעטראָגנקייט האָט ער אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ מיט די ברוינע בייטשן באָרד, ער האָט ברייט אויפ־געריסן די אויגן אויף איר, ווי אויף אַ ניט־גוטן און זיך גערוקט אויף צוריק. יוכבד האָט זיך א פּאַטש געטאָן אין די הענט אַריין:

— דערקענסט מיך, סעיד?

— יוכבד די סאַרווערין? כ׳דערקען דיך, כ׳דערקען שטענדיק מענטשן וואָס טראָגן א ברכה אויף די ליפּן — האָט סעיד געזוכט אַן אויסוועג — אָבער אז דו ווילסט זיך שעלטן מיט מיר, ווייס איך ניט ווער דו ביזט.

— נאָר שעלטן וויל איך? כ׳וועל דיך שלעפּן צו אונדזער חכם ר׳ עמנואל ביי. וועסט שטיין פאר א בית־דין!

— מיך וועסט דו שטעלן פאר א בית־דין? מיך? — האָט סעיד אָנגעשטעלט א פּנים ווי א צדיק תמים.

— יאָ, האָסט מיך באַרויבט!

— און אַז כ׳וועל ניט גיין?

— וועסט ניט גיין? — איז יוכבד שרייענדיק גרייט געווען אויס־צורייסן זיינע בייטשן באָרד — דער שמש וועט דיך שלעפּן. רבנים וועלן דיך אויפרופן. כ׳בין א באַרויבטע אלמנה!

סעיד האָט אַריבערגעוואָרפן די פּאָר גאָבעלינעז פון רעכטן אַקסל אויפן לינקן, פון כעס זיך פאַרשטאָפּט די אויערן, ניט צו הערן די געשרייען און דאָס יראַ־שמים־פּנים וואָס איז צוריק מיט א רגע געווען ווייך, צוגעלאָזן, איז איצט געוואָרן שטרענג און פרעמד.

— איך דערקען דיך ניט!

יוכבד האָט געזען ווי ער ציט אָפּ, אויס מורא, זי זאָל אים ניט פאַרלירן פון אויג. האָט זי זיך גענומען פלאָנטערן דורך די אָנגע־שטאָפּטע בוידן און וועגעלעך. סעיד איז פאַרשוואונדן צווישן אַ מענגע קאָפּ־טיכער און רויטע פעסקעס. און אז יוכבד האָט זיך געקליבן אויפצוהויבן א געשריי ווי נאָך א גנב, איז איר אנטקעגן געקומען דער שמש ברכיהו. דער שמש האָט פון חידוש אויסגעוויקלט א פּאה

און אַריינגעשטאָכן אין יוכבדן דאָס רעכטע אויג, ווי א שפּיז.

— דו פאַרלויפסט מיר דעם וועג, יוכבד, וואָס טוסטו אין דעם מאַרק פון די ישמעאלים?

— כ'יאָג זיך נאָך סעידן — האָט יוכבד ריידנדיק דערשפּירט ווי דאָס אייגענע האַרץ פּלאַטערט.

— און איך האָב געטראַכט, אז דו גייסט איינהאַנדלען א טעפּיך, אַ געשאַנק פאר מיר — האָט ברכיהו געשמייכלט.

— איך האָב סעידן געפּאַקט! — איז יוכבד ניט געווען גרייט אויסצוהערן דעם שמשס ווידלען זיך.

— און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט?

— כ'האָב אין אים אַריינגעשריגן.

— און ער האָט דיך אויסגעהערט?

— ער האָט געזאָגט, ער דערקענט מיך ניט.

— דערפאַר וועט ער אָט דעם כתב יאָ דערקאָנען! — האָט דער שמש אַרויסגענומען פונעם בויך־באַנד א צעוויקלטע מגילה, באַדעקט מיט א געצירקלטן כתב — ער וועט עס דערקענען. ס'איז געשריבן מיט א געגנזענער פעדער און ס'איז געחתמעט ניט מיט קיין געליימ־טער האַנט.

יוכבד האָט געפלאַמט און אָנגעכאַפּט ברכיהון פאר א פאָלע:

— דאָס איז דער כתב? דאָס איז דער בית־דין־צעטל? קום, וועסט אים נאָכיאָגן, ער שטעקט אודאי צווישן די אַראַבישע בוידן.

— קיין פאַרדעכטיקן יאָגט מען ניט נאָך, יוכבד, נאָר מען גייט אויף זיינע שפּורן. און דאָס לאָז איבער פאר מיר. דערלאַנגען א בית־דין־צעטל — געהערט ניט צו קיין ווייבער. דערויף בין איך שמש ביים חכם עמנואל ביי.

— פאַרהאַלט מיך ניט, ברכיהו. כ'וויל דיר גיכער וויזן דעם באַטריגער!

דער שמש האָט צו איר זיך צוגעבויגן.

— זאָגסטו, ער שטעקט צווישן די בוידן?

— אהינצו האָט ער געאיילט.

— און איך וועל אים גאָר זוכן אין א טרונק־שטוב.

— האָלסט אים פאַר א זויפער?

אַ געבויגענער אַראָבער מיט אן אָנגעפּולטן לאָגל איבער די פּלייצעס האָט זיך פאַרבייגערוקט.

ברכיהו האָט א שטויס געטאָן יוכבדן און אָנגעוויזן מיט א פינגער אויפן לאָגל־טרעגער:

— זעסט ווי דער לאָגל איז אָנגעפּילט מיט וואַסער? אזוי איז סעידס בויך פול מיט וויין.

— כ׳זע, דו קענסט אים גוט, דעם שפּאַניאָלער! — האָט יוכבד געזאָגט.

— כ׳קען אַלע עזות־פּנימער פון צפת. און ניט בלויז די גע־מיינע לייט קען איך. כ׳ווייס אויך פון די מיוחסדיקע יהודים, די „פּרענקן״. כ׳קען די פּקדון־נעמערס און ציבזן־קלייבערס. כ׳קען די שינדערס און די אָפּגעשונדענע...

זיי האָבן זיך געלאָזט איבערן באַזאַר. דער דורכגאַנג צווישן ביידע זייטן באַזאַר פון אויבן איז געווען צוגעדעקט מיט א דאַך און פינצטער געמאכט דעם וועג. אלערליי געוואנטן, טוך־שטיקער, פאַר־ביקע לייוונט־העפטערייען, האָבן געפלאַטערט איבער די שוועלן. דער באַזאַר געדרייט און געוויקלט — האָט זיך געצויגן לאנג און טונקל ווי א טונעל.

פאַר אַן אָפענער טרונק־שטוב, וואו אין דער טיר איז געווען ארויסגעשטופּט אן אומגעלייגט וויין־פאַס מיט א מעשענעם קראַן, האָט ברכיהו אָפּגעשטעלט זיינע פיס. א רגע האָט ער אריינגעשטעקט דעם קאָפּ ווי ער וואָלט זיך געשיבוצט: יאָ אריינקריכן אין דעם טומאה־הויז? ניט אריינקריכן? דערנאָך האָט ער אריינגעשפּרייזט. יוכבד איז אים נאָכגעגאנגען.

אויף נידעריקע בענקלעך זיינען געווען אויסגעזעצט ספרדישע יידן פון אלערליי ווייטע לענדער. זייערעברייטע גופים געהילט אין אַבאַיעס, אין כאַלאַטן, און אויף די קעפּ טורבאַנען, פעסקעס און שקאַר־מעצן. פאַר טייל בענקלעך זיינען געווען צעשטעלט נאַרגילעס. טייל האָבן געבריט די ליפּן מיט טעפּלעך טערקישע קאַווע. אַנדערע האָבן געזופּט פון ברייטע כוסות וויין. די ווערפל־שפּילער, וואָס זיינען געזעסן אין די ווינקלען האָבן געפּילדערט און גערויכערט, און די גע־דיכטע קנוילן האָבן פאַרוואָלקנט די נידעריקע סטעליע.

דער באַלעבאָס פון דער טרונק־שטוב האָט ארויסגעלייגט פון האַנט דעם שיטערן קאַנטשיק, וואָס ער האָט געהאַלטן אָפּצוטרייבן די פליגן. ער איז אָפּער פון הינטערן באַנק און אריינווישענדיק די נאַסע הענט אינעם ברייטן בויך־באַנד, האָט ער זיך דערפרייט אויף א קול מיטן שמש.

— וועמען זע איך ביי מיר? טאַקע ברכיהון אליין? מסתמא זוכסטו דאָ א זויפער, א מאַגראַביער וואָס טיילט מטבעות דעם שענ־קער און קלעפּ—דעם וויב... און די אָ — האָט ער אָנגעוויזן אויף יוכבדן — דעם זויפערס וויב?

— ווען דו טרעפסט אזוי אַנצופילן אַ ווײַן־כוס, ווי דו האָסט איצט געטראָפן, וואָלסטו דאָס טרונק־הויז שוין לאנג פאַרמאַכט און דײַנע פאַלשע צײַן געלייגט אפיקומן.

— טאָ וועמען זוכסטו ?

— כ׳זוך א טעפּיך־הענדלער.

— פון די בני־עמנו ?

— וואָס דען ? פון די בני ישמעאל ?

— כ׳וועל שווערן אַז דו מיינסט סעיר פאַרווילי ?

— יאָ.

— קיין אורח, קיין בענקל־זיצער איז ער ביי מ׳ר קיינמאָל ניט, אָבער א קונה, א פּדיון־געבער, דאָס איז ער דווקא יאָ! און מיט א מזומנע מטבע אויך! אָט האָט ער מיט א חודש פריער צוגענומען א דריי טוץ קרוגן ווײַן און א צען קוואָרט ביר.

— אויף א שמחה ?

— וואָס דען, אויף א לויה ?

— סעיד איז אַן אלמן, ער לעבט אָן קינד, אָן רינד, טאָ ווער קען ביי אים פאַרזוכן פון ווײַן־געטראַנקן ?

דער שענקער האָט זיך צוגעבויגן צו ברכיהון, אים איינצורוימען א סוד:

— דאָס האָט ער חתונה געמאכט זיינע א שוועסטערס טאָכטער, אַ יתומה, אַ בעלת־מום. די שמחה איז געווען מיט טאַצן און מיט פּויקן. דער חתן, א קאַרדאָוואָער שערער האָט געגומען זיין באַשערטע מיט פאַר־מאַכטע אויגן און מיט אָפענע צײַן... און די שפּאַניאָלער שמועסן, אַז ער האָט דעם חתן אוועקגעגעבן אויך א נדוניאַ, א קניפּל מיט מזומנים...

ברכיהו האָט זיך א קלאַפּ געטאָן מיט א פינגער איבער די ליפּן, ווי עפּעס וואָס מען דערכאַפּט ניט מיט די אויערן, נאָר מען דער־שמעקט מיט דער נאָז — וואָלט פאַר אים קלאָר געוואָרן. ער האָט פאַרפלאָכטן דריי פינגער ווי א פייג, און די געשטופּט דעם שענקער אין פּנים אריין.

— ווייסט דו, צי ער זיצט איצט אין זיין מקום ?

— דאָס קענסטו ביי מיר ניט דערגייין. אָבער דאָ זיצט א קלעזמער, א ווערפל־שפּילער, וואוינט ער אין דער מערבים־גאַס. שמועס מיט אים!

ער האָט דעם שמש צוגעפירט אין דעם ווינקל, וואו אויף ראָ־גאָזשעס זיינען געזעסן מיט פאַרלייגטע פיס הינטער זיך, ביינדלעך־

וואָרפּערס און ווייך־זויפּערס. ער האָט הינטערווילעכץ א שטויס געי־טאָן אַ ברייטן פאַרשוין מיט א האַלב־אָפּגעדעקטן לייב. וועמעס פּלייצעס און קאַרק זיינען געווען פאַרגאָסן מיט פאַלדן פעטס. דער שענקער האָט גערעדט צום שמש:

— זעסט דעם קאַרק זיינעם?... ווי דער האָרב פון א קעמל...

דער פאַרשוין האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו זען, ווער עס שטייט איבער אים און ער האָט זיך צעבייזערט:

— ווילסט טרייבן ליצנות אויף א שפּאַנישן קלעזמער? טרייב! אָבער ווייס, כ'בין ניט קיין פּוחז. און צו מיין קאַרק טוסט דו אויך גאָרניט דערלייגן.

— דאָס רעדסטו זיך איין, דו שפּאַנישער אָקסן־טרייבער! — האָט דער שענקער ארויסגעלאָזט א בויך־געלעכטער — זינט איר ווערפל־שפּילער האָט זיך דאָ צעלייגט, שטעלט ניט אריין קיין פוס, קיין איין פורמאַן, קיין איין ערלעכער הענדלער. פון די אשכנזים איז אָפּגערעדט! און דערצו האָט מען פון אייך ניט קיין כזית פרנסה. ווי זאָגט דער שפּרוך: „כ'בין אויף דער הייליקער שטאָט חס, וואָס אַזאַ ערב־רב שטייט איין אין צפת"...

דער פעטער פאַרשוין האָט אָפּגעמאָסטן דעם שענקער מיט אַזאַ שנאה, ווי מען מעסט אָפּ אַן איינגעשפּאַרטן קאַראַאימער. מיט די האַריקע הענט האָט ער זיך פאַרשטאָפּט בײַדע אויערן.

— צעדול מיך ניט! כ'וויל גאָרנט הערן די ליצנות־רייד, נאָר אויב ווערסט דאַרפן א פידל־געוויין אויף א חתונה, א פויקן־קלאַפּעריי אויף א שמחה, לאָז מיר וויסן, כ'בין דאָ, צדוק איז דאָ!

יוכבד האָט געמאַכט א טריט פאָרויס. זי האָט אָנגעקוקט דעם שמש מיט א צאַפּל אין די אויגן און געהאַט א חשד, אַז ער האָט אַזוי שטייענדיק, ארײַנגעצויגן א כוס ווייך... וואָס דען מאַכט ער זי צום נאַרן? וואָס רעדט ער פון וועג? זי האָט אים א שאָקל געטאָן:

— ברכיהו, מאַגראַבּיער שמש! האָסט פאַרגעסן נאָך וועמען דו ביזט געקומען?

— כ'האָב ניט פאַרגעסן, יוכבד, דער קלעזמער זיצט אויך אין דער מערבים־גאָס. ער ווייס, וואו ס'שטעקט סעיד. ער וועט מיך פירן צו אים.

— כ'וועל קיינעם ניט פירן! — האָט דער קלעזמער אויפשטייענ־דיק אָפּגעשטריטן — כ'בין ניט קיין מלשין! כ'בין א קלעזמער און אַז דו, א שמש, זוכסט פאַרווילּיך, מסתמא האָט ער צרות, האָט ער א שטרייט אדער א בית־דין. ניין, ניט צדוק וועט דיך פירן. כ'בין ניט קיין מוסר...

— ווילסט אויסבאהאלטן א באטריגער? — איז יוכבד אים אקעגן געשפרונגען — ווילסט אויסבאַהאלטן סעידן פון גערעכטיקייט?

צדוק האָט אָנגעוויזן מיט א פינגער אויף יוכבדן.

— ווער איז דאָס ווייב?

— דערקענסט ניט יוכבד, די סאַרווערין? — האָט דער שמש געפרעגט — זי גייט זיך לאָדן מיט סעידן. מען דאַרף איר העלפן אים אָפּזוכן.

— ניט מיין געביין! — האָט דער קלעזמער זיך אָפּגעטרייסלט. אויף שטום־לשון האָט ברכיהו א וואונק געטאָן צו יוכבדן. זי האָט באַשטעלט ביים שענקער א קוואָרט ווײַן. אַז דאָס קריגל איז שוין געשטאַנען אויפן טיש און דער קלעזמער האָט זיך געכאַפּט אָנצוגיסן דאָס ערשטע גלאָז, האָט דער שמש פאַרשטאָפּט מיט א פינגער דעם האַלדז פונעם קריגל.

— פריער רייד! וואו געפינט מען דעם טעפּיך־הענדלער?

— אין דער מערבים־גאַס.

— אין וואָסער מויער?

—ביי די בוימאייל־הענדלער.

— איצט מעגסטו טרינקען, דו לוט איינער!

בשעת יוכבד איז געשטאַנען און געגאַפט אויפן קלעזמער וואָס זויפט פאר איר געלט, האָט ברכיהו מיט פלינקע שריט זיך געיאָגט צו דער גאַס. ביים ארויסגאַנג האָט ער איבערגעלאָזט א האנט־פאָך פאַרן שענקער און א זידל־וואָרט פאר די אורחים, די עובר־בטלניקעס.

ער איז כמעט אריבערגעשפרונגען די שוועל.

איצט האָט ברכיהו זיך ארומגעקוקט, אז ער האָט פאַרשפּילט צייט און פאַרלאָרן דרך. ווען ניט די טרינק־שטוב, האָט ער שוין געקענט האָבן אָפּגעגעבן דעם בית־דין־צעטל, און מיט גדולה אויך! און דאָס וואָס יוכבד רעדט, אז סעיד וועט ווייכן פונעם בית־דין, לייגט זיך אויך ניט אויף דער פאה. דער שפּאַניאָלער טעפּיך־הענד־לער וועט ניט מעיז־פּנים זיין. ער וועט אָננעמען דעם צעטל אפילו ווען ער אליין איז פון טאָלעדאָ. און דער בית־דין וואָס דאַרף פּוסק זיין באַשטייט פון א מאַראָקאַנער חכם און דיין.

דער וועג צו דער מערבים־גאַס איז ניט געווען קיין מרחק. דאָס געסל האָט זיך געבערגלט. די אויפגעשפּאָלטענע ערד איז געווען שיטער ברוקירט מיט שטיינער, און צווישן די שטיינער האָבן ארויס־געשפּראָצט מאָך און ביטלעך גראָז.

אויסגעפּעטסטע סקאָלעס האָבן זיך געוואָלגערט פאר די פיס.

נאָך די סקאָלעס אַ רינשטאָק פאַרגאָסן מיט עיפּוש. ברכיהו האָט דער־קענט נאָך די פלעקן אויף די שטיינער, דאָס ער איז נאָענט צום הויף פון די בוימאייל־הענדלער. ער האָט א הייב געטאָן די רגלים. ער האָט בלויז באַוויזן פארבייצושפּרייזן א פּאָר הייזער, איז ער שוין געשטאַנען פאַר אַ הויף מיט א צעעפנטן טויער.

צוויי אַראַבער אין שווארצע אָנגעבלאָזענע פאָלע־הויזן, ווי די געזעסן וואָלטן ביי זיי געווען אָנגעשוואָלן זיינען געווען באַשעפטיקט מיט אויסקוועטשן פעטן בוימאייל, אויף איבערגעדרייטע פעסער זיי־נען געשטאַנען רונדיקע בלעכענע פאַנען. איין אַראַבער האָט אָנגע־שאָטן אויף די פאַנען פון א זאַק ארויס, פולע איילבירטן. דער צוויי־טער האָט מיט צוויי שווערע שטיינער געשטויסן און געקלאַפּט די איילבירטן, אזש א געדיכטע פעטקייט האָט גענומען ארויסרינען. און ווען די איילבירטן זיינען שוין געווען צעמאָלן ווי אויסגעקוועטשטע בלעטלעך, האָט דער ערשטער אַראַבער צוגעטראָגן צו איטלעכער פאַן אַ דינע בלעכענע רער און דורך געהיימע געעפנטע לעכלעך האָט דער בוימאייל גענומען רינען אין די אונטערגעשטעלטע קרוגן אריין. אזוי האָבן די אַראַבער געקוועטשט בוימאייל. בוימאייל פאַר הענדלער, בוימ־אייל פאַר גאַרקיכן, בוימאייל צו בראָטן פליישן און געפעפערטע מאכלים.

— סאָלום אַלייקום*) פאַבריקאַנטן! — האָט ברכיהו באַגריסט די בוימאויל־קוועטשערס.

— אַלייקום סאַלאַם**) עפענדי! — האָבן די אַראַבער פאַרוואונ־דערט אויפגעהויבן די קעפּ — וואָס טוסטו דאָ? דו, א מוגראַביער יאָהוד, וואָס טוסטו אין אונדזערע ערטער? ווּעסט דאָ אין גאַנצן מאַרק ניט געפינען קיין מאַדראַסע.***)

— כ׳וויס, קיין מאַדראַסע וועל איך דאָ אין דעם טמא־אָרט ניט אָראָפּברענגען, אָבער ארויסשלעפּן א יאָהוד פון דעם עיפּוש און אים פירן צו א מאַדראַסע, דאָס וועל איך יאָ טאָן...

— זוכסטו עמיצן? — האָט איינער פון די אַראַבער, ארויפגע־רוקט דעם טורבאַן און גענומען ווישן דעם שווייס פון שטערן.

— יאָ, סעיד, דעם טעפּיך־הענדלער.

— וואָס? א שווינדל? — האָט דער צווייטער אַראַבער געפרעגט

— ווילסטו אים פירן צו דיין חכם?

---

*) שלום עליכם.
**) עליכם שלום.
***) שול.

— מיינע זאַכן! — האָט ברכיהו געהיימניספול געוויזן אויף זיינע פאַרשלאָסענע ליפּן — דו ווייז מיר בלויז זיין הויז.

דער אַראַבער איז נענטער צוגעקומען צו ברכיהון, ער האָט אין דערזעלבער צייט אי געאַרבעט מיט די הענט, אי געגאַרגלט מיט א מענה־לשון.

— דריי אריין רעכטס. הינטערן וואנט, דאָרט שטייט א מויל־אייזל מיט א קעמל. שטופּ אַוועק דעם אייזל, ווייל ער איז איינגעשפּאַרט און גיב א גלעט דעם קעמל, ווייל ער' פּאָלגט, וועט ער מיט זיין קני א שטויס טאָן דאָס טויער פון הויף. אין הויף ליגן זאָטלען, געשפּאַן, אייזנס און הינטער דעם אלעם — סעידס שטיבל.

ברכיהו האָט געפּאָלגט. ער האָט אוועקגעשטויסן דעם אייזל. ער האָט א גלעט געטאָן דעם קעמל. און ווען דאָס הויף־טויער האָט זיך געעפנט, איז ער געקראָכן ביז איבער די קני צווישן אַלטן געשפּאַן, צעפּאָרענע זאָטלען און אייזן־ברוכוואַרג. א פאַרגאַפטער האָט ער זיך ארומגעקוקט צווישן חורבות און געזוכט א לעבעדיקן ייד. פון אָנהויב האָט ער א טראכט געטאָן אז דער אַראַבער האָט אים אָפּגענאַרט, געמאכט „מאַסחאַרא" און שוין גענומען זיך פּלאָנטערן אויף צוריק, אום מסלק צו זיין, דעם ליגנער. מיט אַמאָל האָט ער דערבליקט פון דערווייטנס א ווייס שטיבל מיט אן אָפן פענצטער. צוקומענדיק צום שטיבל, האָט ער קיינעם ניט געטראָפן. ער האָט זיך איבערגעבויגן ביז אין דער העלפט, איבערן פענצטער, און געזוכט א פּנים.

סעיד, א צעיאַכמערטער, אין א רויטן כאַלאַט פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען, איז געשטאַנען איבער א שטויס טעפּיכער, מיט דער פּלייסיקייט און געדולד פון אן אַנטיקוואַר האָט ער איבערגעקוקט יעדן טעפּיך, געזען צי ס'איז ניטאָ קיין איבערגעריסענע דרימען, קיין דורכגעלאָזענע „אויגן". נעבן אים אויף א באַנק איז געלעגן אַן אָפענער בוך מיט חשבונות, וואו ס'זיינען געשטאַנען די נעמען פון די קונים, די סומען, וואָס זיי האָבן איינגעצאָלט. סעיד האָט געטראָגן די טעפּיכער פון גאַס צו גאַס, פון שטוב צו שטוב. די סחורה האָט ער אוועקגעגעבן אויסצוצאָלן ראַטעסווייז, איינמאָל א וואָך, איידער ער האָט זיך ארויסגעלאָזט מיט א זאַק פרישע טעפּיכער אויף די אַקסלען, האָט ער תמיד בודק געווען יעדעס שטיק, ווי מען איז בודק אן אתרוג, צי ער איז ניט פּסול. דער קאָפּ איז ביי אים געווען פול. וויפיל פּעדים אינעם שטיק טוך — אזויפיל חשבונות אין קאָפּ. און פאַראַן צאָלערס וואָס מען דאַרף אונטערהעצקען, ווי מען העצקעט אונטער אַן

אייזל, ער זאָל ניט אָפּשטיין אינמיטן וועג, ער זאָל דערציען ביזן לעצטן שפּרייז. אַזוינע צאָלערס האָט ער, סעיד גאַנצע מנינים. ער האָט ארויסגענומען א שטיק קרייד און געצייכנט אויף דער באנק די צאָל נעמען וואָס זיינען הינטערשטעליק. ס׳איז אויסגעוואַקסן א גאַנץ בינטל. סעיד האָט געמעקט די נעמען און ווידער אמאָל געצייכנט. און ווען ער איז פארטיק געוואָרן, האָט ער אריינגעלאָזט די הענט אין די אָרבל פונעם רויטן כאלאַט. ער האָט אָנגעלייגט אויפן אָקסל די טעפּיכער, גרייט ארויסצוגיין און דערזען אין אָפענעם פענצטער ברכיהון מיט א מגילה אין האַנט.

פון איבערראַשונג האָט סעיד ארומגעוויקלט מיט צווי פינגער א בייטש פון זיין ברוינער באָרד. ברכיהו האָט געפרעגט:

— דאָס איז דיין מקום מנוחה? דו באַהאַלטסט דאָך זיך אויס, גלייך דו וואָלסט עמיצן א בעל־חוב געווען!

— א בעל־חוב? — האָט סעיד אויפגעהויבן די הענט — אָבער דיר קום איך גאָרנישט? שוין! און וואָס ווייסט דו, א מאַגראַביער שמש פון בעלי־חובות?

— ס׳איז מיר גענוג אז דו ווייסט — האָט ברכיהו אונטערגעטראָגן דעם צעוויקלטן צעטל — און אז דו ביזט יאָ אזא בר־תנא, קוק אריין אין אָט די קליינע נקודות.

— כ׳וועל ניט קוקן! — האָט סעיד אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— לייען!

— כ׳וועל ניט לייענען!

— אָבער מעגסט דאָך איינגראָבן דיינע אויגן אין דעם כתב.

— כ׳וויס וואָס דו ווילסט.

— איך וויל? דער מאַראָקאַנער חכם ר׳ עמנואל ביי וויל!

— כ׳וויס וואָס אין דעם כתב שטייט.

— טאָ וואָס זאָגסטו?

— כ׳וועל ניט קומען.

ברכיהו האָט צוריק איינגעוויקלט די מגילה. ער האָט געקוקט ווי צווישן אים און סעידן שטייט א מחיצה — א פענצטער. וואָלט סעיד געווען א הדיוט, וואָלט ער אים דערלאַנגט. און מיט דער גראָבער האַנט אויך. סעיד איז אבער אן איידעלער ישראל. ער קען זיך אויף א נקודה און אויף א דגוש, ער האָט געוואָלט זיין געלאַסן און זיך געבייזערט.

— אַז אַ חכם רופט, סעיד, דאַרפסטו יאָ קומען!

— ווער רופט מיך? א מאַראָקאַנער חכם? א מאַגראַביער?

— אַ מאַראָקאַנער צי אַ שפּאַניאָלער. אַ ישראַלישער חכם איז אַ חכם!

— ביי אונדז הייסט אַ מאַראָקאַנער חכם אַ פּושקע־קלייבער!

— כ׳רוף דיך צום בית־דין, סעיד פאַרווילי!

—כ׳וועל ניט קומען! כ׳וועל ניט קומען! — האָט דער טעפּיך־הענדלער זיך צעשריגן.

מער איז ברכיהון גאָרניט געבליבן צו זאָגן. ער האָט צוריק אַרויסגעשלעפּט דעם קאָפּ פונעם פענצטער. פון יענער זייט האָט סעיד פאַרהאַקט אַ לאָדן. דער שמש האָט פאַרשטעקט דעם בית־דין־צעטל. דורך אַ הינטער טויער איז ער אַרויס פון דעם הויף. ער האָט זיך געאיילט. ער איז געגאַנגען אָנזאָגן דעם חכם עמנואל ביי, אַז דער שפּאַנישער טעפּיך־הענדלער, וויל זיך ניט שטעלן פאַר דעם מאַראָקאַנער בית־דין.

**
*

דער מאַראָקאַנער חכם איז געווען פאַרנומען מיטן אויסליידיקן די צדקה־ביקס פון זיין שוועל, ווען דער שמש איז צוריקגעקומען פון די באַזאַר־געסלעך. דער חכם האָט געציילט די מטבעות געלאַסן, מיט ישוב־הדעת. אויך דער שמש האָט גערעדט אָן געאייל, אַזוי אַז דער קלאַנג פון יעדן גרוש איז אויסגעפאַלן צוזאַמען מיט איטלעכן וואָרט וואָס האָט זיך אַרויסגעשאָטן פון ברכיהוס מויל. דער חכם האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַ מאַנטל־פאַלד אַ לייוועגטן זעקל. ער האָט אַריינגעוואָרפן די ניקעלנע מטבעות מיט אַ קלימפּער און דאָס זעקל באַהאַלטן אין דער טיש־שופלאַד.

אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צום שמש, האָט ער מיט אַ פינגער אויסגעראָלט אַ לאַנגע פאה ווי אַ לאָק:

— זאָגסט דו אַז ער וויכט פון אונדז? ס׳שטייט אים ניט אָן צו קומען אויף אַ פאַרהער?

— יאָ, חכם. ער וויכט. דערצו האָט ער מבזה געווען אונדזער בית־דין.

— ס׳וועט אים ניט העלפן, דעם שפּאַנישן אָקסן־רייצער.

— ווי זאָגסטו חכם? — האָט דער שמש צוגעלייגט אַ האַנט צום רעכטן אויער.

— כ׳זאָג אַז צווישן דער אלמנה און דעם טעפּיך־הענדלער וועט די געזונטע פעדער זיין דער פּוסק!

— מיינסטו חכם, אַז מען וועט אַרויסגעבן אַ פּסק הינטער זיינע אויגן?

— ניט הינטער די אויגן, גיט! ער וועט זיין דערביי. ער וועט שטיין פאר מיר, ער וועט שטיין פארן דיין. ער וועט אויך שטיין פארן שפאניאלער חכם.

— פארן שפאניאלער חכם? — האט ברכיהו ניט באנומען דעם מיין.

— יא, כ׳וועל רופן דעם שפאניאלער חכם צום טיש. אז דער ענגדלער וויל ניט מיר זאלן זיין די פוסקים, וועט דער שפאניאלער חכם אויך זיין א פוסק און ביי אים וועט ער מקיים פסק זיין. כ׳וועל טאקע איצט פאר מנחה אריבערגיין צו אים. גיב מיר די גלימא און דעם טורבאן.

פונעם צווייטן חדר האט דער שמש אריינגעבראכט די גלימא דרבנן, א צעקנאדערטע, מיט פלעקן און קנייטשן. ניט נאר האט די גלימא ניט דערמאנט קיין פאראד־בגד, נאר ס׳האט אויסגעזען ווי א בעטלער־זשופיצע. דער חכם האט אונטערגעהויבן די הענט. דער שמש האט ארויפגעווארפן אויף אים די גלימא ווי א פעלערינע. פון דער וואנט האט עמנואל ביי אראפגענומען דעם טורבאן. פון א ווינקל האט ער ארויסגענומען דעם שטעקן. ביידע האבן געפירט מיט די פינגער צוערשט איבער דער מזוזה, דערנאך איבער די ליפן און זיך ארויסגעלאזט אין גאס.

גייענדיק איבער די טרעפ האט דער חכם אריינגערעדט אין זיין שמש.

— מען וועט זיי צונויפרופן ביי איין טיש. א שפאניאלער, א מאראקאנער, ביטא קיין מיוחסים. די דינים זיינען דינים און די חוקים זיינען חוקים. און וועלכער צד ס׳וועט זיין חיב, דער וועט מקיים פסק זיין!

— אין אלזשיר ווייס ניט דער חכם פון אזוינע בזיונות — האט ברכיהו זיך אנגענומען פאר זיין דיין און פוסק — מען הערט זיך צו אים צו, ווי צו א געבאט־געבער. ס׳איז דא איין עדה מיט יהודים, איין אמונה, פונקט ווי ס׳איז דא איין גאט פון ישראל!

— זאג עס נאכאמאל — האט דער חכם זיך צעשמייכלט — ברכיהו, אין אלזשיר ווייס מען ניט דערפון, און דווקא אין ארץ ישראל איז א פירוד־הלבבות. דער שפאניאלער חכם מיינט ער זיצט אויף דער אויבערשטער דיוטא... א ליגן! אין דער אמתן גייט אן די גאנצע פלוגתא צווישן די חכמים איבער זייערע מאגנס... דער שפאניאלער פילט אן דעם בויך א גאנצע וואך מיט פעטע עופות און דער מאראקאנער מיט א קאלבס־ביין און א סך מאל מיט א טרוקענע פיטע אויך...

— דו רעדסט וועגן ר׳ יצחק שאלתיאל?

— יאָ. און צו אים גייען מיר איצט אין דער ספרדישער שול. ס׳איז די מנחה־שעה, אז מען וועט אים דאָרט טרעפן — בין איך בטוח, אָבער צי ער וועט מסכים זיין אויף דעם „טיש״, ווייס איך ניט.

— ר׳ יצחק שאלתיאל איז ניט קיין נושא־פנים. ער וועט אָננעמען דעם בית־דין־שטול.

זיי זיינען שוין געווען אויף דער גאס, ווען דער חכם האָט געגעבן צו פאַרשטיין זיין שמש:

— ר׳ יצחק שאלתיאל האלט פון פולע צדקה־פושקעס, פון כבוד און פון ווייבער. און מיט ווייבער וועט ער זיך קיינמאָל ניט איינ־רייסן צוליב די צדקה־פושקעס. די שפּאַניאָלער ווייבער האָבן ליב זיך איינצושטעלן פאר זייערס א בן־עיר, א רשע, צי א צדיק. זיי קענען נאָך אָפּשטעלן דאָס וואַרפן די פדיונות...

זיי האָבן אריינגעשפּרייזט אין מארק, א שערענגע איזלען, באַ־לאָדענע מיט פאַרפלאָכטענע בינטלעך קאָקאָס־ניס האָבן געשפּאַנט פאַרביי דעם ברונים. א פאַרחושכטער אַראַבער, אָנגעטאָן קרועה־בלועה האָט איילנדיק אונטערגעטריבן די איזלען. אינמיטן מארק האָט געקניט אַן אָפּגעשונדענער קעמל און געשמאַק געקייט די שאָלעכץ פון א צעקוועטשטן וואַסער־אַרבוז. פון די זייטיקע געסלעך האָבן זיך ארויס־געדוקט אשכנזים אין טונקעלע קאַפּאָטעס מיט ברייטע שטריימלען, ספרדים אין קאָלירטע זשופּיצעס מיט טורבאַנען. אַנטקעגן איבער דעם מארק האָט זיך ארויסגעזעצן די ספרדישע שול מיט בלויע שויבן־טירן.

דער מאַראָקאַנישער חכם מיט זיין שמש האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גיין. דער שמש האָט אויסגעשטרעקט א האַנט אין דער ריכ־טונג פון דער שול.

— ער גייט! ער גייט!

ר׳ עמנואל ביי האָט א קוק געטאָן פאר זיך. פון אנטקעגן איז אָנ־געקומען דער שפּאַניאָלער חכם ר׳ יצחק שאלתיאל. ער האָט געשפּרייזט אין זיין שוואַרצן, געפּרעסטן גלימאָ דרבנן, אויפן קאָפּ א סאַטעטענעם טורבאַן, פאַרשפּיצט מיט א רויטע פעדער. און אויף די פיס ברייטע, גלאַנציקע קאַמאַשן — נאָר צום אָנשפּיגלען זיך.

דער שפּאַניאָלער חכם האָט געשטעלט ברייטע, זיכערע טריט. א שטאָלצער, דעם קאָפּ געהויבן. קיין פּגם אויפן בגד, קיין קנייטש אויפן פּעטן, אויסגעגלעטן פּנים און קיין איין גרויע האָר אין דער קאַנטיקער אַשורישער באָרד. פאַר אים האָט געשפּרייזט זיין שמש, דער „קאָוואַס״ אין א זיידענעם כאַלאַט, באַנייט מיט גאָלדענע און זילבערנע טאַשמעס.

אויפן קאָפּ — א פעסקע מיט א טראָלד און ביי די לענדן א שווערד. אין דער רעכטער האַנט האָט דער קאַונאַס געהאַלטן אַ הויכן שטאָק מיט א זילבערנעם קאָפּ. שפּרייזנדיק פּאָרויס, האָט ער געקלאַפּט מיט דעם שטאָק אָן די שטיינער, געבנדיק אָנצוהערן, די דורכגייער, אז דער שפּאַניאָלער חכם ר׳ יצחק שאלתיאל, גייט דורך דעם צפתער מאַרק.

און אנטקעגן, א געבויגענער, אין זיין אָרעמען, צעקנאָדערטן בגד, האָט געשפּאַנט דער מאַראָקאַנער חכם מיט דראָבנע טריט. זיין שמש, ניט פאָרויס ווי אן אָנזאָגער, נאָר נעבן אים, ווי אַ גלייכער באַגלייטער. דער מאַראָקאַנער האָט זיך אונטערגעאײַלט און געוואָלט זיך שטעלן פּנים אל פּנים מיטן שפּאַניאָלער.

דער קניענדיקער קעמל איז געלעגן צווישן זיי, ווי א מחיצה.

דער קעמל האָט אויפגעהערט צו קייען די שאָלעכץ. דאָס רעכטע אויג, א טעמפּס האָט באַטראַכט דעם שפּאַניאָלער חכם, זיין רייכע הלבשה און דאָס לינקע — האָט געשיקלט צום מאַראָקאַנער, צו זיין צעקנייטשטן הילוך. דער קעמל האָט זיך גענומען איינקאָרטשען, דער האָרב איז עטוואָס איינגעלאָפּן. און דער לאַנגער האַלדז האָט זיך געצויגן צו דער ערד.

דער מאַראָקאַנער האָט אריבערגעשפּרייזט דעם האַלדז פון קעמל און איז האַסטיק געבליבן שטיין נאָענט צום שפּאַניאָלער חכם. דער שפּאַניאָלער האָט זיך צוריקגעצויגן אויף א שריט.ביידע ספרדישע רבנים האָבן זיך אָנגעקוקט, ניט ווי חכמים פון צוויי עדהס, ווי ראשים פון איין אמונה, נאָר ווי צוויי דערווישן, פון באַזונדערע מאַכמעדאַנישע מעטשעטן.

ר׳ עמנואל ביי האָט ארויפגעלייגט די רעכטע האַנט אויפן האַרצן און זיך באַגריסט:

— שלום, שפּאַניאָלער חכם!

— שלום, מאַראָקאַנער חכם! — האָט ר׳ יצחק שאלתיאל מיט א האַנט אַ מאַך געטאָן צום קאַונאַס, ער זאָל אָפּטרעטן.

— ווייסט דו, צוליב וואָס איך גיי דיר אַנטקעגן? — האָט דער מאַראָקאַנער חכם געפרעגט.

— כ׳ווייס ניט.

— א ישראלישע פאַר דאַרף מאָרגן קומען צום בית־דין.

— ווילסטו מיין הילף? — האָט דער שפּאַניאָלער חכם פאַר־קנייטשט דעם קלאָרן שטערן — מיינסט צו זאָגן, אז דו קענסט אליין ניט פאַרטיק ווערן מיט א דין?

— פאַרגעס ניט, שפּאַניאָלער חכם, אין יעדן בית־דין דאַרפן זיך שטעלן צוויי צדדים.

— כ׳פאַרגעס ניט.

— און די בני־עמנו זיינען געטיילט ניט בלויז אויף שבטים, נאָר אויך אויף עדהס.

— אַלץ איינס — האָט דער חכם אָפּגעפּסקנט — די דינים און די חוקים זיינען גילטיק פאַר יעדן שבט און פאַר יעדער עדה, פאַר כל ישראל!

— די צדדים וואָס איך גיי משפּטן — האָט ר׳ עמנואל ביי ווייטער גערעדט — באַלאַנגען אין צד דער מאַראָקאַנער עדה, דער צווייטער צד צו דער שפּאַניאָלער עדה.

— דאָס דאַרף ניט אָפּהאַלטן דיך, מאַראָקאַנער חכם, פון פּוסק פּסק צו זיין.

— ווי איז אָבער דער מנהג, אַז איין צד, דער שפּאַניאָלער, האָט די עצה צו זאָגן, ער וועט זיך ניט לאָזן משפּטן פון מיר, דעם מאַראָקאַנער. ווי איז דער מנהג, שפּאַניאָלער חכם?

ר׳ יצחק שאלתיאל איז געבליבן שטיין מיט א פינגער אויף די פליישיקע ליפּן. א סימן, אז ער איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט. דאָס ווייכע, פולע פּנים האָט זיך געוואָלקנט און די דינע קאַרבן, וואָס האָבן דאָ און דאָרט זיך פאַרצויגן, ווי שנירלעך, האָבן דערציילט פון ספקות. ער האָט א הייב געטאָן די הענט מיט די ברייטע אַרבל און פאַרשטעלט מיט זיין רבנישער גלימאָ, דעם קאַונאַס. ער האָט געפרעגט:

— ווער זיינען די צדדים?

— זי איז אַן אלמנה, און ער — א פּקדון־נעמער.

— מיינסט צו זאָגן, ס׳גייט דאָ וועגן אַן עושק־אלמנות?

— כ׳קען גאָרניט זאָגן, איידער די צדדים וועלן זיך ארויסריידן פאַר מיר.

—און דו באַשטייסט, כ׳זאָל זיך אויך זעצן צום בית־דין טיש?

— כ׳באַשטיי חכם, און כ׳וואַרט אויף דיין הסכמה.

— כ׳וועל קומען, כ׳וועל ניט לאָזן מבזה זיין א ישראלישן בית־דין.

— כ׳וועל דיך לאָזן רופן, שפּאַניאָלער חכם!

— ווי דו באַשטייסט, מאַראָקאַנער חכם!

ר׳ יצחק שאלתיאל האָט זיך גענומען דערוויטערן. דער קאַונאַס מיטן שטאָק, מיט דער נאָכהענגענדיקער שווערד, ווי א לייב־וועכטער

איז געגאַנגען אויף א פריער. זיי האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער ספרדישער שול.

ר׳ עמנואל ביי מיט זיין שמש זיינען געבליבן שטיין פאַרן קניענ־דיקן קעמל. זיי האָבן נאָכגעקוקט מיט חידוש דעם שפּאַניאָלער חכם וואָס איז מותר אויף זיין כבוד, גייט זיך זעצן מיט זיי צום בית־דין־טיש און איז גרייט צו באַשטראָפן אן אייגענעם בן־עיר, אַן עושק־אלמנות.

***

אין דעם הילצערנעם הייזל פונעם מאַראָקאַנער חכם איז געווען גרייט דער בית־דין־טיש.ביידע צדדים זיינען שוין געווען פאַר־זאַמלט. אויפן טיש איז געלעגן אויסגעשפּרייט א גרין פּרוכת, אויפן פּרוכת—אַ גענזענע פעדער און צוויי פאַרמעטענע בויגנס. פון איין זייט זיינען געווען אויסגעזעצט יוכבד מיט אירע עדות, איר שוועסטער זאַהאַראַ, די הינער־פּליקערין, איר מאַן נסים, דער בעטלער ביי די הייליקע קברים. פון דער צווייטער זייט טיש איז געזעסן סעיד, דער טעפּיך־הענדלער. ביי סעידס זייט איז קיין עדות ניט געווען.

דער מאַראָקאַנער חכם האָט זיך געדרייט פון אויבן אָן, ארום זיין אייגענעם שטול. הינטער זיינע פּלייצעס איז נאָכגעגאַנגען דער שמש. דער חכם איז געווען צעקעמט, צעגאַרטלט, די האַנט־פלאַכן אפענע — צוויי אויפגעהויבענע וואָג־שאָלן — אויף וועלכע מען דאַרף וועגן צדק און משפט. נעבן אים איז געווען צוגעגרייט א ליידיקע שטול פאַרן שפּאַניאָלער חכם, וואָס דאַרף אָנקומען.

און בעת דער מאַראָקאַנער האָט געשפּרייזט א צערודערטער און געוואָרט אויף זיין גאַסט, האָט איין צד געזוכט מיט די אויגן צו באַגעגענען דעם צווייטן צד. די בליקן האָבן געגומען פירן מלחמה.

און ווען דער מאַראָקאַנער חכם איז ארויס פון חדר, האָט יוכבד זיך אויסגעבויגן, האָט געזוכט אויפצוכאַפּן סעידס ארונטערגעלאָזטע בליקן און א זאָג געטאָן:

— קענסט מיר אפילו ניט קוקן אין די אויגן אריין, סעיד!

זאַהאַראַ, מיט אירע גרויע צעפּעלעך, צעקעמט, צעראַלט, וואָס האָט זיך געפילט ביים טיש ניט ווי אויף א משפט, נאָר ווי אויף א שמחה, האָט אריינגעלאָכט אין יוכבדס אויערן:

— אפילו די באָרד איז ביי אים ניט צעקעמט, דאָס בגד ניט גע־טוישט. ווי אַן אבל זיצט ער...

נסים, אין א געלאַטעטע אַבאַיע האָט ניט פאַרטראָגן דעם איבער־רייד און מיט א יראת שמים פּנים געוואָרנט:

— שטיל ווייבער, שטיל. ס׳גייען ארום צווישן אייך חכמים, ס׳גייט ארום א שמש, מען וועט נאָך הערן! מען וועט נאָך הערן!

— ער מיינט דאָך, ער זיצט אויפן טעפּיך־מאַרק — האָט יוכבד אויף דאָס ניי אָנגעהויבן.

— קוק ווי ער שווייגט, דער לאָם! ווען ניט דער שפּאַניאָלער חכם, וואָלט ער צום בית־דין ניט געקומען.

— דער באַגלויבטער פקדון־נעמער!

— דער נאמן!

— ער מיינט, ער וועט באַטריגן אלמנות? — האָט זאַהאַראַ אויף א קול זיך אָנגענומען דער שוועסטערס קריוודע.

ברכיהו דער שמש האָט דערהערנדיק דאָס געשריי אריינגעאיילט מיט צענומענע הענט און זיך געבייזערט:

— פּסקנט ניט! איר זיצט פאַר א בית־דין! איר זיצט אין דעם חכמס הויז.

א ווילע איז געווען שטיל, דאָס האָט אבער יוכבדן ניט געשטערט זיך אויסצוטענהן מיט די שטומע ווענט. אזויפיל תרעומות האָט זי געהאַט, אז זי האָט גענומען אויסרעכענען די חסדים און מעשים טובים פון אירע אבות. נסים, פול מיט צאָרן האָט געשוואוירן, אז ער וועט ארויסגיין פון חכמס שטוב, ניט גוט זאָגן פאַר יוכבדן. שווערנדיק זיך, האָט ער זיך געקלאַפּט מיט פינף שפּיצן פינגער אין האַרצן אריין. ער האָט זיך געריסן צו דער טיר. דאָס ווייב זאַהאַראַ האָט אים גע־שלעפּט פאַר די פּאָלעס פון דער אַבאַיע. ער האָט געזאָגט:

— איר ווייסט ניט! איר ווייסט ניט ווי זיך אויפצופירן אין א חכמס שטוב. איך זיץ איבער די קברים. כ׳זע ווי מען איז עולה רגל. זאָג איך, פּונקט ווי מען טוט איינרייסן ביים קבר פון א טויטן הייליקן מאַן, אזוי דאַרף מען זיצן און שווייגן אינעם הויז פון א לעבעדיקן הייליקן מאַן.

דער שמש איז צוגעקומען מיט א האַנט־פּאַטשעריי:

— דער חכם ר׳ יצחק שאלתיאל גייט!

אלע האָבן זיך אויפגעשטעלט.

דורך דער געעפנטער טיר האָט זיך באַוויזן דער שפּאַניאָלער חכם, אַן אויסגעגלייכטער, א שטאָלצער. ער האָט געשטעלט געמאָס־טענע טריט. אין גאַנג האָבן די ברייטע אַרבל פון דער טונקעלער זיי־דענער פּעלערינע זיך געוויגט ווי פליגלען. און איידער דער שמש האָט באַוויזן אים צו פאַרלויפן דעם וועג און אַרויסרוקן א שטול, האָט הינטער זיינע פּלייצעס זיך ארויסגעהויבן דער מאַראָקאַנער חכם.

ביידע חכמים האָבן זיך איבערגעקוקט און שוויגנדיקע פארנומען זייערע ערטער.

הינטער זיי איז נאָכגעקומען דער שלוש ר. יששכר, א קיילעכדי־קער, פעטלעכער ספרדי, מיט א ווייך, אויסגעגלעט פנים. די הערויה ארום די דינע ליפן האָט אָנגעזאָגט אי פרייד, אי טרויער. אונטער דער גאָמבע, ארום האלדז האָט זיך געצויגן א ווייך קרענצל באָרד.

דער שמש האָט א קלאַפּ געטאָן מיט א הילצערנעם העמערל אי־בערן טיש.

— דער בית־דין איז דאָ!

דערנאָך האָט ער אריינגעשטאָכן א בליק אין דעם שלוש, דער שלוש האָט גענומען א צעוויקלטן פּאַרמעט־בויגן פון טיש און אויפן קול גענומען ארויסלייענען:

— יוכבד מויאַל, די סאַרווערין פון צפת רופט צום בית־דין סעיד פּאַרווילי, דעם טעפּיך־הענדלער פון צפת. יוכבד קלאָגט אָן סעידן, אַז זי האָט פאר יאָרן געטראָגן צו אים מטבעות און געזאָמלט א פקדון, און אַז ס׳איז געקומען די צייט דעם פקדון אָפּצונעמען האָט ער מסרב געווען עס אָפּצוגעבן. די אָנקלעגערין שווערט ביי די הייליקע קברים, אַז אירע טענות זיינען אמת, די אָנקלעגערין פרעגט צי ס׳קומט א משפט צדק פאר א באַטריגענער אלמנה און צי ס׳איז דאָ א דין און א דיין ביי ישראל.

דער שלוש האָט איינגעוויקלט דעם בויגן און זיך צוגעזעצט.

ר׳ עמנואל ביי האָט געפרעגט:

— יוכבד מויאַל, וואָס זיינען דיינע טענות?

יוכבד די סאַרווערין האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט א צערו־דרעטע. זי האָט זיך א נויג געטאָן מיט יראת הכבוד אויף רעכטס — צום מאַראָקאָנער חכם, אויף לינקס — צום שפּאַניאָלער חכם און אָנ־געהויבן:

— הייליקע חכמים! שוין פופצן יאָר ווי כ׳בין אן אלמנה און כ׳טו זיך דערנערן פון סאַרווערן אויף צפתער שמחות. דאָס איינציקע וואָס מיין גאָטזעליקער מאַן האָט מיר איבערגעלאָזט איידער ער איז אראָפּ אין קבר איז געווען: א צעריסענער קיטל, א גאַרטל און א קאָפּ־טוך... כ׳האָב קיינמאָל ניט געטראָגן קיין טענות צום הימל פאר מיין אָרעמקייט. אבער אַז דער באַשאַפער האָט מיר געהאָלפן און כ׳האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינען אין די הייזער פון די צפתער עשירים, האָב איך יעדע אָפּגעשפּאָרטע מטבע, יעדן גרוש, געטראָגן צום טעפּיך־הענדלער סעיד פאַרווילי, ער זאָל דאָס האַלטן פאר א פקדון... גע־

רעכטע מענטשן האָבן פאַר אים גוטגעזאָגט און איך אַליין האָב אים פאַר א נאָמען געקענט. כ׳האָב מיר געגרייט א קניפּל אויף שפּעטער, ווען די עלטער וועט אָנרוקן. און אַז שוין איצט, הייליקע חכמים, האָט מיך גאָט געשטראָפט און כ׳פיל אַ שוואַכקייט אין די פיס, א שוואַכעניש אויפן האַרץ, בין איך געגאַנגען צו סעיד פּאַרוויילי אָפּנעמען דעם פּקדון און סעיד זאָגט זיך אָפּ. ער לייקנט... דערפאַר האָב איך אים גע־לאָזט רופן צום בית־דין, הייליקע חכמים, און כ׳וויל א משפּט, א משפּט פון דין און פון צדק!

יוכבד איז געבליבן שטיין מיט אן אָפן מויל ווי א קנויל ניט דער־זאָגטע רייד וואָלטן איר געבליבן אויף דער צונג. ר׳ עמנואל ביי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט זי זאָל זיך זעצן. א ווײַלע האָט ער זיך פאַרטראַכט, דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— יוכבד מויאל, האָסט דו אויך עדות, וואָס ווילן רעדן פאַר דיר?

— מיין שוועסטער זאַהאַראַ און איר מאַן נסים ווייסן עפּעס צו זאָגן וועגן מיר — האָט זי אָנגעוויזן אויף די בייזיצנדיקע.

זאַהאַראַ האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט פעסטער פאַרצויגן די גרינע טאַשמע ארום אירע גרויע צעפּלעך און זיך פאַרנויגט.

— הייליקע חכמים! כ׳ווייס פון מיין שוועסטער מער ווי פון זיך אַליין. ווען דער רחום וחנון האָט געעפנט א גרוב פאַר איר זעליקן מאַן האָט ער אויך געעפנט פאַר איר א קוואַל פון יסורים... זי האָט זיך אָנגעליטן פאַר אלע געמיינע לייט און אַליין איז זי א גוטע נשמה... זי איז פול מיט מעשים טובים... זי לעבט ווי א פרומע און טוט גוטס ווי א צדיקת...

— עדות! — האָט ר׳ עמנואל ביי איר איבערגעשלאָגן — דער בית־דין וויל וויסן וואָס קענסט דו דערציילן וועגן דעם אוועקגעגע־בענעם פּקדון?

— וועגן דעם פּקדון? — האָט זאַהאַראַ זיך געכאַפּט אַז זי שטייט פאַר חכמים, ניט פאַר מאַראָקאַנער שענק־אביונים—וועגן דעם פּקדון? כ׳האָב אפילו ניט געוואוסט אַז יוכבד קלייבט א מטבע צו א מטבע... אַז דאָס האָט זי זיך געהיט פאַר מיר זיך אויסצובאַהאַלטן מיטן אמת... איז דאָס ניט א חרפּה צו דערציילן, אַז אן אייגענע שוועסטער האָט זיך ניט פאַרטרויט פאַר מיר? ניט געזאָגט אַז זי זאַמלט אַ קניפּל? וואָס וואָלט זי דען פאַרלאָרן? כ׳וואָלט איר בלויז מיינע ווינטש־ברכות מיט־געגעבן און צו מיין חלק עולם־הבא וואָלט דערפון גאַרניט צוגעקו־מען... איצט ברענגט זי מיך צום בית־דין כ׳זאָל פאַר איר גוטזאָגן.

מסתמא ווייס דער רחום וחנון פארוואָס ער באַשטראָפט... אבער וואָס פלוידער איך? — האָט זאַהאַראַ זיך דערמאָנט, אז די צונג איז ביי איר פאַרדרייט — כ׳רייד אויס אויף אַן אייגענער שוועסטער? כ׳שפּריי נאָך פעפער אויף די בלאָטערס? אז די ליפּן מיינע דאַרפן פאַרשטומט ווערן! און אז זי איז ניט געווען געריכט צו מיר, דאַרף א שפּאַניאָלער, א פקדון־נעמער זי באַטריגן? א משפּט! פרומע לייט און חכמים! אַ משפּט! — — —

דער שלוש האָט זיך אויפגעשטעלט האַסטיק. די העויה ארום די ליפּן איז געוואָרן אויס פריידן, אויס טרויער, נאָר בלויז רוגזה. ער האָט אָפּגעשטעלט זאַהאַראַס רייד מיט א געבייזער:

— זעץ דיך, עדות. נסים! וואָס קענסט דו דערציילן וועגן דעם אוועקגעגעבענעם פקדון?

נסים האָט אויפשטייענדיק געהאַלטן אין איין איבערבינדן דעם בויך־באַנד. דער בלויזער יראת הכבוד, אַז ער דאַרף ענטפערן א תלמיד־חכם האָט אים צערודערט:

— צופיל לשון־הרע ווערט דאָ גערעדט. צופיל בייזע רייד, מען פאַרשעמט א ברודער, א ישראלי. כ׳קען ניט הערן! בנאמנות, בהן צדקי, כ׳קען ניט הערן! ווייבער האָבן ווייכע הערצער, אָבער פאַר יעדער עולה זיינען זיי זיך נוקם ונוטר! הייליקע חכמים! וועגן דעם פקדון ווייס איך גאָרניט, פּונקט ווי דאָס ווייב זאַהאַראַ ווייס גאָרניט. נאָר צוליב וואָס האָט זי מיך געשלעפּט אהער? מיין אביונישע פרנסה איז צו שפּרייזן ארום די קברים. כ׳טרעט איבער דעם הייליקן שטויב. איך האָב דרך ארץ פאַר א חכם. כ׳האָב אמונה אין אייער צדק, און וואָס איר וועט פּסקענען, וועט זיין גוט...

דער מאַראָקאַנער חכם האָט צעפירט די הענט. ער האָט געלאָזט הענגען א פּאָר אויסגעשטרעקטע עלנבויגנס אין דער זייט פונעם שלוש און די בליקן האָבן געטענהעט: וואָס פאַר א פאַרהער? ווער דאַרף די דבורים? די צדדים דאַרפן שווייגן און ריידן דאַרף דער בית־דין!

די בליקן זיינען פאַרקראָכן צום שפּאַניאָלער חכם. דעם שפּאַניאָלערס אויגן — די אויגן פון א קלוגן תנא — האָבן גערוט אויף א פאַרמעטענעם בויגן. אויפן מאַראָקאַנערס טענה האָט ער פאַרצויגן די ברעמען און איבער זיין קלאָרן שטערן זיינען אויפגעלאָפן געציילטע קנייטשן, ווי ס׳לויפן אָן שיטערע וואָלקנדלעך אויף א ריינעם הימל. ער האָט צוריקגעשיקט א קעגן־טענה, וואָס האָט געמיינט צו זאָגן: „בית־דין, לאָז דיך הערן! דעם אָנגעקלאָגטן קומט דאָס וואָרט!״

דער שלוש מיט א העויה, ווי ער וואָלט אויפגעכאַפּט דעם חכמס פאָרשלאַג, האָט אויפגערופן דעם טעפּיך־הענדלער:

— סעיד פאַרווילי! דער בית־דין וויל דיך הערן!

סעיד האָט זיך אויפגעהויבן עטוואָס א דערשלאָגענער. מיטן זעלבן אַראָפּגעלאָזטן בליק ווי ער איז פריער געזעסן, מיטן זעלבן בליק איז ער איצט געשטאַנען. א פיר מיט דער רעכטער האַנט איבער דער ברוינער באָרד, א פיר מיט דער לינקער האַנט איבערן גאַרטל, און אויף די טונקעלע ליפּן א פּרעפּלען, ווי ער וואָלט געפירט מיט זיך אליין חשבונות.

מיטאַמאָל האָט ער זיך צעשאָקלט:

— הייליקער בית־דין! כ׳מוז דאָ ארויס מיט דבורים כלו אמת. כ׳בין טאַקע חיב, אבער ניט קיין פושע. יוכבד די סאַרווערין קען איך נאָך, ווען זי איז געזעסן אויף דער שומרונים־גאַס... מיט אַכט יאָר צוריק איז זי געקומען צו מיר און געזאָגט: „סעיד פאַרווילי, צפת האַלט דיך פאַר א בטוח און פאַר א נאמן. איך בין אַן אָרעמע אלמנה, כ׳טו סאַרווערן אויף שטאָטישע שמחות, אבער אליין טראָג איך אויף זיך זעק מיט טרויער... כ׳וועל ווערן אלט, סעיד, און ס׳קען זיך אָנרוקן א שוואכקייט, א חולאת, דעריבער וועל איך ברענגען צו דיר יעדן אָפּגעשפּאָרטן גרוש, זאָלסט עס זאַמלען פאַר א פקדון.״

איך האָב יוכבדן צוריק געזאָגט: „קענסט זאַמלען ביי מיר אוצרות... ברענג א קופּערנעם באַשליק*) און כ׳וועל עס דיר רעכענען פאַר א דינאַר... אזוי באַגלויבט בין איך ביי זיך געווען. איך האָב געטאָן האַנדל מיט גאַנץ צפת. ניט נאָר האָט מען צו מיר געטראָגן פקדונות, נאָר איך אליין האָב צעלייגט טוך, לייוונט, לעדער איבער אַלע ארעמע הייזער. וויפיל רוחים ס׳האָבן אויף מיר געוואַרט, אזויפיל היזיקות האָבן מיך ניט אויסגעמיטן... אלץ האָב איך אוועקגעטראָגן אויף באַרג. כ׳האָב אָבער ניט אָנגערירט דעם פקדון. יעדע מטבע וואָס איז צוגע־קומען איז געהיט געוואָרן ווי א גאָלדענע קמיע... כ׳האָב געטראַכט: „א מטבע צו א מטבע און ס׳וועט אָנוואַקסן אַן אלף מיט א מאה״... איך אליין בין אַן אלמן, כ׳האָב ניט קיין התחיבותן צו אייגענע משפחה, אָבער צדקה און מעשים טובים האָבן ביי מיר געזוכט ווייטע און נאָענטע קרובים. איז איינער א קרוב אוועקגעפאַלן אויף א חולאת: „סעיד פאַרווילי, העלף א געשטראָפטן!״ איז איינער ארויס ערום ועריה פון מסחר: „סעיד, זיי א מלוה ברבית״... פון גאַנץ צפת איז

*) טערקישע מטבע.

מען צוגעשטאַנען. מיין פינגער האָט אבער ניט אָנגערירט קיין פרעמדע עשירות. ווען כ׳האָב יאָ געהאָלפן און וועמען כ׳האָב געטריבן... ביז איינמאָל איז צו מיר געקומען מיין שוועסטער, אן אלמנה, א מאַמע פון א געליימטער טאָכטער און זיך צעוויינט: „סעיד, קענסט דאָך מיין געליימטע ברוריה. אירע לאָמע פיס וועלן מיך טרייבן אין דר׳ערד אריין. און אז כ׳וועל זיין אין קבר, אויף וועמען לאָז איך זי איבער? סעיד ברודער, א קאַרדאָווער שערער וועט זי נעמען פאַר א ווייב, אויב ס׳וועלן זיין מזומנים. סעיד ברודער, טו העלפן דיין אייגן בלוט און פלייש. לאָמיר אויסלייזן די קאַליקע. ס׳איז מער ווי פדיון שבויים״... איך האָב דעמאָלט קיין אייגענע מאה מזומנים ניט געהאַט. אלץ איז געווען פארשטעקט אין מסחר, אין טעפּיכער, אין גאָבעלינען. כ׳האָב אויסגעהערט דאָס געוויין פון מיין שוועסטער און דאָס הארץ מיינס האָט געפלאַטערט צווישן רחמנות צו איר און התחייבות צו יוכבדן. יעדן טאָג האָט די שוועסטער געוויינט און יעדן טאָג האָט מיין הארץ געשניטן וואָס כ׳קען ניט העלפן, ביז איין טאָג איז דאָס אויג געפאלן אויף יוכבדס באהאלטענעם זעקל מיט מטבעות און כ׳בין נכשל גע־וואָרן... כ׳האָב זיך איינגערעדט כ׳וועל עס אויסבאָרגן... און די חתונה איז געווען בצנעא און בשתיקה, ניט אויפצורייצן פרעמדע מיי־לער און צינגער. אין צוויי טעג נאָכדעם ווי די שמחה איז פארביי, איז יוכבד געקומען אָפּנעמען איר פקדון... איך האָב ניט געהאַט צו געבן. איך זאָג עס מיט אמונה און מיט א שבועה. איך האָב ניט דעם פקדון אָפּצוגעבן. איך קען אים אָבער האָבן אַ פּאָר יאָר שפּעטער. כ׳בין חיב! אבער די מצוה פון הכנסת כלה דארף פאַר מיר א זכות זיין. אויב כ׳האָב געטאָן א פאַרברעכן, האָט מיך דאָס רחמנות צו דעם פאַרברעכן געטריבן, ווייל כ׳האָב געהאָלפן מזווג זיין אַן אָרעמע ישראלישע יתומה, א בעלת־מום...

אז סעיד פאַרווילי האָט אויפגעהערט ריידן, האָבן ביידע חכמים זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער — א צייכן אז דער פאַרהער איז געענדיקט און מען דארף ארויספירן די צדדים. דער שלוש האָט באַטראַכט דעם טעפּיך־הענדלער מיט אן אָפּן מויל. ער האָט באַטראַכט יוכבדן מיט אירע באַגלייטער וואָס זיינען געזעסן צעטומלטע און ער האָט אויסגערופן:

— אָנגעקלאָגטער און אָנקלעגער! גייט אריין אין צווייטן חדר, דער בית־דין דארף זיך באַראַטן.

ברכיהו דער שמש האָט פארויס געאיילט און געעפנט די טיר פונעם זייטיקן חדר. ווען אלע פיר פאַרשוינען זיינען געווען אויף

יענער זייט וואַנט, האָט דער שפּאַניאָלער חכם גערעדט צום טיש:

— דער אָנגעקלאָגטער איז טאַקע חיב, דער צוגענומענער פּקדון איז אַ גזלה, אָבער דער באַשולדיקטער האָט אַ זכות.

— וואָס מיינסטו שפּאַניאָלער חכם? — האָט ר׳ עמנואל ביי גע־פרעגט — מיינסט מען קען מכפּר זיין אַזאַ חטא? מיינסט, די אלמנה האָט ניט געליטן קיין באַטרוג?

— דאָס יאָ! אָבער דער אָנגעקלאָגטער איז זיך מתחייב דעם באַ־טרונג גוט צו מאַכן. ער איז גרייט צו נעמען אַ שטראָף.

— כ׳זע ניט איין קיין מילדקייט פאַרן אָנגעקלאָגטן — האָט דער שלוש זיך אָנגערופן.

דער שפּאַניאָלער חכם ר׳ יצחק שאלתיאל האָט באַטראַכט זיינע נעגל, ווי בשעת הבדלה און געטענהעט:

— שוין בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט געטאָן די מצוה פון הכנסת כלה, קומט אים אַ מילדער פּסק. איין מצווה איז שקול קעגן צען עבירות!

— ביזט אַ מקיל, שפּאַניאָלער חכם! — האָט ר׳ עמנואל ביי זיך געוואָלט אויפשטעלן.

— און דו ווילסט זיין אַ מחמיר? — האָט ר׳ יצחק שאלתיאל זיך אויך אַ הייב געטאָן פונעם זיץ־אָרט—מיר זיצן דאָ אָפּצואווישן סכסוכים און ניט אָנצוהאַלטן אַ שטרייט צווישן ישראלים...

— אָבער איך האַלט פון דין, און ביי מיר איז דער אָנגעקלאָגטער אַן עושק־אלמנות.

— בשעת הדחק איז דער ישראלישער דין ווי אַ דראָט וואָס מען קען בייגן און קנייטשן...

דער שלוש איז געזעסן צווישן ביידע חכמים ניט ווי צווישן דיינים, שופטים, וואָס דאַרפן משפטן, נאָר ווי צווישן אָנגעקלאָגטע. דער שפּאַ־ניאָלער חכם האָט גענומען אין האַנט אריין די גענזענע פעדער. ער האָט אויסגעקריצט איבער אַ בויגן פּאַסיקלעך און פיגורן. דער מאַראָ־קאַנער חכם האָט אַ צערודערטער זיך מפלפל געווען, יעדעס מאָל גע־זוכט הינטער די פּלייצעס דעם שמש און שטום געמאָנט ביי אים אַן עצה.

דער שפּאַניאָלער חכם האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז אפּער פון הינטערן בית־דין־טיש, אַ הויכער, אַ ברייטער. ער האָט גענומען שפּרייזן און פון זיינע פולע ליפּן האָבן זיך געקייקלט ווערטער איבער די אויערן פונעם מאַראָקאַנער חכם, פון זיין שמש און פון שלוש:

— פון די ארויסגעזאָגטע רייד איז באַוויזן געוואָרן, אז דער אָנגע־קלאָגטער איז אינגאַנצן חיב און די אָנקלעגערין איז זכאי, אמת, בית־דין?

— אמת, שפאַניאָלער חכם! — האָבן ביידע, אי דער מאַראָקאַנער חכם אי דער שלוש, אונטערגעכאַפּט.

— און דערפאַר דאַרף דער אָנגעקלאָגטער קריגן זיין שטראָף, אמת, בין־דין?

— אמת, שפאַניאָלער חכם!

— אָבער אַזוי ווי ביידע צדדים זיינען ישראלים, הגם פון פאַר־שיידענע עדהס, דאַרף די שטראָף זיין אַזאַ, אַז ס'זאָל אָפּגעווישט ווערן די שנאת־חנם און שנאת־דמים צווישן די צדדים. און אום ארויסצו־ברענגען אַזאַ פּסק, דאַרף דער אָנגעקלאָגטער ווערן א שותף צום בעל־זכות, און די אָנקלעגערין — א שותף צום בעל־חוב...

דער שלוש האָט געגאַפט. דער מאַראָקאַנער חכם האָט פון חידוש גענומען אויסוויקלען די רעכטע פאה.

ר' יצחק שאלתיאל האָט ווייטער גערעדט:

— כ'וועל נעמען אויף זיך דעם כח־הרשאה און כ'וועל אויס־שרייבן אויף א בויגן דעם פּסק. און אז דער שלוש וועט זיין אויף מיין זייט דער מכריע, וועל איך זיין דער פוסק. אויב ניט וועט דער מאַראָ־קאַנער חכם זיין דער פוסק.

ר' יצחק שאלתיאל האָט זיך צוריקגעזעצט צום טיש. ער האָט א נעם געטאָן די גענזענע פעדער. ער האָט זיך צוגערוקט צו דעם בויגן פּאַפּיר און גענומען שרייבן. און בשעת ער האָט געשריבן, האָבן ביידע אי דער שלוש, אי ר' עמנואל ביי נאָכגעפאָלגט יעדן קריץ פון דער פען, ווי מען טוט נאָכפאָלגן א פרעמדן טריט.

ר' עמנואל ביי, וואָס האָט געמאָנט א האַרבן עונש, האָט זיך אַלץ מפלפל געווען מיט זיך אליין. דער שלוש האָט פאַרקייטלט די פינ־גער פון ביידע הענט אין א געפלעכט און זיי אָנגעשפּאַרט אויפן גרינעם טוך.

ר' יצחק שאלתיאל האָט פאַרענדיקט די לעצטע שורה. שטומערהייט, ס'זאָל ניט געהערט ווערן פון יענער זייט וואַנט, האָט ער דעם פּסק איבערגעגעבן דעם שלוש דורכצולייענען בלחש.

דער שלוש האָט געפירט מיט די אויגן איבערן כתב און ס'איז קענטיק געווען, אז פון גרויס חידוש האָט א בינטל קאַרבן זיך אוועק־געשטעלט אין דער מיט שטערן. צו זיין זיכער אז דער חכם גיט די פולע הסכמה אויף זיין אייגענער שריפט, האָט ער ווידער אַמאָל ארויפ־געשיקט צו אים זיין בליק. ס'האָט געהייסן, ער פרעגט אָן. דער חכם

האָט געענטפערט מיט א קאָפּ־שאָקל, דעמאָלט האָט דער שלוש א רוק געטאָן דעם כתב צום מאַראָקאָנער חכם.

דער מאַראָקאָנער האָט ניט דערלייענט ביז דער לעצטער שורה און אוועקגעשטופּט פון זיך דעם בויגן. יעדע תנועה, יעדער אַקסל־צוק האָט אויסגעגעבן אז ער איז קעגן דעם פּסק. מיט ראיות האָט ער אויפגעוויזן אַז דער פּסק איז קיין עונש ניט. דערצו האָט ער געדאַרפט צונויפפירן א בית־דין, נאָר צו זוכן שלום על ישראל? מיט רייד אויף די ליפּן, מיט העוית אויף די גערונצלטע באַקן, האָט ער געוואָלט אריבערגעווינען דעם שלוש אויף זיין זייט. דער שלוש איז אבער געשטאַנען מיטן שפּאַניאָלער. א דערשלאָגענער, מיט צוריקגעצויגענע הענט האָט דער מאַראָקאָנער חכם געגעבן זיין הסכמה.

דער שמש האָט אריינגערופן די צדדים.

דער צד פון דער אָנקלעגערין האָט זיך אויסגעשטעלט אין איין זייט, דער אָנגעקלאָגטער האָט זיך געשטעלט אין דער צווייטער זייט, און דער שלוש, אין דער פּאָזע פון א מסדר קידושין האָט ארויסגעלייענט דעם פּסק:

— דער בית־דין האָט אויסגעפונען אז דער אָנגעקלאָגטער סעיד פּאַרווילי, דער אלמן, איז חיב און די אָנקלעגערין יוכבד, די אלמנה איז רשאי אָפּצונעמען איר פּקדון. און אזוי ווי דער אָנגעקלאָגטער איז צוליב דער גרויסער מצוה פון הכנסת כלה, וואָס ער האָט געטאָן, ניט אומשטאנד אומצוקערן דעם חוב צו דער אָנקלעגערין במזומנים, און אזוי ווי די טענות און מענות פוןביידע צדדים דאַרפן תיכף אָפּגעווישט ווערן — דעריבער איז דער בית־דין פּוסק, אז דער אָנגעקלאָגטער זאָל נעמען אויף זיך די זכויות פון דער אָנקלעגערין און די אָנקלעגערין זאָל נעמען אויף זיך די חובות פונעם אָנגעקלאָגטן — דעריבער איז דער בית־דין פּוסק, אז סעיד פּארווילי זאָל נעמען פאר א ווייב יוכבד מויאַלן און יוכבד מויאַל זאָל נעמען פאר א מאַן סעיד פּאַרווילין... כן יהי רצון!

ווי דער שלוש האָט ארויסגעלייגט דעם בויגן פון האנט, איז סעיד פּאַרווילי מער ניט געשטאַנען פאַרן בית־דין־טיש. ער האָט זיך גע־רוקט פון די רבנים ווי פון א געפאַר. יוכבד האָט זיך א וואַקל געטאָן. איר צד, זאַהאַראַ און נסים האָבן זי אָנגענומען פאַר ביידע הענט און ווי אונטערפירערס, זי גענומען שטופּן צום בית־דין־טיש. און איידער סעיד האָט געהאַט צייט נאָכצוקלערן, צי דער ארויסגעגעבענער פּסק איז א גזר, צי בלויז א רצון, האָט יוכבד א צעטומלטע זיך געלאָזט פירן אים אַנטקעגן.

## צווייטע אָפּטיילונג

י. קיסין
בעריש ווײַנשטיין
ע. פֿערשלייסער
אבֿרהם ביק
מענדל עלקין

בעריש ווײַנשטיין

# בעטהאָווען

## פּאָעמע



(משהלען און אבֿרהמלען מיט ליבשאַפֿט)



אַרײַנפֿיר פֿון
י. קיסין

# בעריש וויינשטיינס פּאָעמע

# וועגן לודוויג וואַן בעטהאָווען

## י. קיסין

וועגן בעטהאָווענס לעבן איז לייכט צו דערציילן פון אָנהייב ביזן סוף אין וויפיל ווערטער איר ווילט. אין דער ריזיקער ליטעראַטור וועגן דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר קאָנט איר לייכט געפינען אין אַ לערביכל פאַר קינדער אַ פיינע דערציילונג וועגן זיין לעבן אין עטלעכע זייט־לעך; און ראָמען ראָלאַן האָט אויף דער זעלביקער טעמע, — בעטהאָ־ווענס לעבן, — אָנגעשריבן ביכער. פאַר דעם פּאָעט אָבער איז אַזאַ טעמע זייער שווער.

בעטהאָווען איז געווען איינער פון יענע גרויסע מענטשן, וועמען דער גורל האָט דורך זייער גאַנץ לעבן כסדר געשטעלט פאַר תוך־פראַגן פון דעם מענטשלעכן זיין אויף דער ערד. בעטהאָווענס לעבנס־גאַנג איז פּשוט, זיין גייסטיקע גבורה איז זייער גרויס, אָבער פאַר־שטענדלעך. און אויב דער פּאָעט וויל אין אַ ביאָגראַפיע פון בעטהאָווען זיך האַלטן ביי די פּשוטע רעאַלע פאַקטן פון אָט דעם גרויסן לעבן, מוז ער דאָס טאָן אויף אַ דורכאויס אייגענעם וועג. דאָס האָט געטאָן בעריש וויינשטיין אין דער פּאָעמע „בעטהאָווען".

איינע פון די גרונד־סתירות פון קונסט: די וויטיקדיקסטע דערפאַרונג איבערגעבן, מיטטיילן אין אַזאַ נייער האַרמאָנישער באַ־קליידונג, אַז דער נייער באַשאַף זאָל איינהאַלטן דעם גאַנצן וויטיק און אין דער זעלבער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין עפּעס, וואָס איז גאָר דער היפוך פון וויטיק, וואָס גיט אייך דערביי גאָר אַ מין באַפרידיקונג, באַ־רואיקונג, אַ באַזונדערן מין לויטערן תענוג.

אָבער דאָס איז אויך אַ גרונט־סתירה פון לעבן גופא: דער לעצטער וויטיק לייזט זיך אויף אין עפּעס, וואָס איז פון אים דער היפוך; און איינהאַלטנדיק דעם וואָרצל פון פיין, פלאַצט ער אַרויס אין בלעטער פון פרייד און לעבן.

אַזעלכע ריזן פון שאַפונג, ווי דער מעכטיקער בעטהאָווען, מיט אַ גורל אויף דער ערד, וואָס שטעלט נאָכאַנאַנד פאַר זיי אַזעלכע גרויסע נסיונות, אַז שוואַכערע וואָלטן דאָס קיינמאָל ניט אויסגעהאַלטן, האָבן אַלעמאָל געהאַט פאַר זיך דעם פּשוטן אמת: פרייד דורך טרויער, לעבן דורך טויט; אַז זיי וועלן אויסטרינקען דעם גאַנצן ביטערן בע־

כער, וועט פון דעם אין זיי אויפגיין אַ גרויסע ליכטיקייט, וואָס וועט זיי אויסלייזן. דערבײַ דאָס באַוואוסטזיין: ווי זייער פּיין איז אַזוי גרויס, אַז ער פאַרברידערט זיי מיטן גאַנצן מענטשלעכן מין, אַזוי וועט זייער אויסלייזונג ווערן די אויסלייזונג פון דעם גאַנצן מין מענטש. אַזוי קאָן מען רעזומירן די גאַנצע הערֹאָאישע לעבנס־פילאָזאָפיע פון דעם פּראָמעטעאוס פון מאָדערנער טאָן־קונסט, לודוויג וואַן בעטהאָווען, וואָס האָט געזוכט באַפרייאונג פאַר זיך, באַפרייאונג פאַר דער קונסט און באַפרייאונג פאַר מענטשן אין לעבן דורך דער גרויסער פרייד, וואָס קומט דורך גרויסן טרויער.

דורך גרויסן טרויער צו גרויסער פרייד — בעטהאָווען איז פאַר אונדז אַ קלאַסישער בײַשפּיל פון דעם געניאַלן מענטשן, וועמעס לעבן און לעבנס־אַרבעט זײַנען אַן אומאונטערבראָכענע פּאַנאָנדערוויקלונג פון אָט דער פאָרמול: פרייד דורך טרויער.

בעריש ווײַנשטיין האָט אויפגעבויט אַ פּאָעמע פון בעטהאָווענס לעבן. ווײַנשטיין איז ניט קיין מוזיקער. מיר ווייסן אַלע, ווי טויט עס קאָן אָפּטמאָל זײַן מוזיק פאַר דעם פּראָפעסיאָנאַל, און ווי פריש און ווירקנדיק זי קאָן זײַן פאַר דעם ניט־מוזיקער. נאַטירלעך, ווײַנשטיין האָט זיך ניט פאַרנומען איבערצוגעבן אויף אַ וועלכן עס איז אופן בעט־האָווענס מוזיק, — אַ זאַך, וואָס מען קאָן דאָך ניט איבערזעצן אין קיין שום אַנדערן לשון. נאָר פילנדיק טיף די מעכטיקע מוזיק פון בעט־האָווען, האָט ווײַנשטיין זיך פאַרנומען צו איבערזעצן אין פּאָעטישע שורות דאָס, וואָס קאָן אין פּאָעזיע ווידערגעשאַפן ווערן — לעבן. ווײַנשטיין האָט זיך פאַרנומען איבערצוגעבן אין פּאָעזיע דאָס לעבן פון דעם געניאַלן מוזיקער גופא. ווײַנשטיינס פּאָעמע איז אַ פּאָעטישע ביאָגראַפיע פון דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר, און זי איז אים דורכאויס געראָטן.

אָבער בעטהאָווען, דער באַפרייער פון מוזיק, האָט זײַן קונסט גלײַך אָראָפּגענומען פון דעם ברייטן וועג, וואָס זײַנע גרויסע רביים, היידן און מאָצאַרט, האָבן פאַר אים אויסגעטראָטן. בעטהאָווען האָט פון זײַן קונסט געמאַכט דאָס, וואָס זי האָט דערנאָך געמוזט ווערן — דער באַזונדערער קול פון לויטערן מענטשלעכן פילן און דענקען. דעריבער גייט בעטהאָווענס לעבן דורך יעדע באַדייטנדיקע מוזיק־שאַפונג זײַנע, בעת מאָצאַרט האָט געקאָנט שרײַבן וואונדערלעכע פרײדיקע מוזיק, ווען ער אַליין האָט טיף געווייטיקט און איז געווען אויפן ראַנד פון פאַר־צווייפלונג.

דער וועג צו פרייד איז ביי בעטהאָווענען געווען אַ שווערערער, איידער ביי מאָצאַרטן, און דער דאָזיקער וועג האָט זיך געצויגן אין איין גראַדער ליניע דורך זיין לעבן. אין זיין מוזיק האָבן מיר בלעטער פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, מיט זיינע גוואַלטיקע נשמה־ראַנגלענישן, מיט אַראָפּפאַלן אין טיפע תהומען פון טרויער; בעת ביי מאָצאַרטן זיינען די אייגענע ליידן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשלאָסן פון זיין מוזיק.

בעריש וויינשטיין האָט דאָס אַלץ ריכטיק פאַרשטאַנען און דערשפּירט, און זיין צוגאַנג צו בעטהאָווען איז אַ ריכטיקער. ער האָט איינגעזען, אַז בעטהאָווענס גרויסע קאָמפּאָזיציעס זיינען געשאַפן געוואָרן פון נויט, ווי אָפּרופן פון דער נשמה פון דעם גרויסן מענטשן אויף זיינע טיטאַנישע פּיינען און ראַנגלענישן. די פּאָעמע פירט אייך דורך זיבן הויפּט־עפּיזאָדן פון בעטהאָווענס לעבן און דורך איניקע פון זיינע גרעסטע שאַפונגען, וועלכע זיינען דאָך אויך עפּיזאָדן פון דער זעלביקער וויכטיקייט און רעאַליטעט פאַר זייער באַשאַפער. וואָרעם בעטהאָווען האָט פון זיין לעבן און פון זיין קונסט געמאַכט איינס.

די זיבן קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע הייבן זיך אָן און לאָזן זיך אויס מיט טויט, — מיט דעם אָנהייב און סוף פון אַלצדינג אויף דער ערד. אין ערשטן קאַפּיטל האָבן מיר שאַרף געצייכנטע פּאָרטרעטן פון זיין שיכורן טאַטן און פון זיין מאַמע דער פּשוטער פאָלקס־פרוי, דער דינסט און וועשין, דער הייליקער קראַנקער מאַמע זיינער, וועלכע ער האָט אַזוי טיף געליבט, ווי נאָר אַזאַ זון קאָן ליבן אַזאַ מאַמע אין אַזאַ תהום פון עלנט און פּיין. דער סוף פון ערשטן קאַפּיטל איז דער טויט פון דער מאַמען און דער ערשטער גרויסער שטויס פאַרן ייִנגל אין דעם נאָך טיפערן תהום פון עלנט, וואָס וואַרט אויף אים אין דער גרויסער וועלט.

באַלד האָבן מיר בעטהאָווענס ערשטע ליבע צו אַ פרוי, און שפּעטער אַ צווייטע ליבע. נאָך שפּעטער — די ליבע צו אַ ייִנגל, זיין פּלימעניק. די אַלע פאַרשיידענע ליבעס נעמען אָן ביי אים וואָג און טיפקייט. בעטהאָווען פילט זיי, און בעטהאָווענס פילן איז ניט אַזוי לייכט. אַלע ליבעס בעטהאָווענס האָבן אַ גרונט־טאָן פון טרויער. זיינע ליבעס צו פרויען זיינען צו גרויס און צו ריין, אַז זיי זאָלן ניט זיין קיין אומגליקלעכע. אונטער רגעס פון גליק, אונטער צייטן פון שטילער רו, ווען זיין ליבע לויכט אַזוי לויטער און ניט־ערדיש, גייט דער אָפּגרונטיקער אונטערשטראָם פון זיין גורל. די אַלע לייכטנדיקע רגעס פון גליק און רו זיינען צו שוואַך צו קאָנען לאַנג זיך אויפהאַלטן אויף דער אויבערפלאַך פון אַזאַ פינצטערן אונטערשטראָם. זיי זינקען אין

די צעשטורעמטע טונקעלע וואַסערן, אין וועלכע עס צאַפּלט זיך זײַן גאַנץ לעבן, זײַן נשמה און זײַן גוף. זיי זינקען אין דעם ים פון עלנט און חושך, אין וועלכן דער אומגליקלעכער גרויסער מענטש איז זײַן גאַנץ לעבן געשוואומען. אים איז געגעבן געוואָרן דאָס שווערסטע פון אַלע אומגליקן, — ער, דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, האָט געמוזט ווערן טויב, אַרויסברענגען אַ טויבער זײַנע גרעסטע שאַפונגען און ניט הערן ניט זיי, ניט קיין קול פון אַ מענטשן, ניט קיין קלאַנג פון דער נאַטור, וועלכע ער האָט ליב געהאַט מיט זײַן בעטהאָווענישער לײַדנ־שאַפט.

מיט איבערמענטשלעכן כוח האָט ער אין דעם ים פון חושך און פּײַן געפונען רגעס פון בלענדיקן עקסטאַז. מיט טיטאַנישער גבורה האָט ער געפונען אַ גײַסטיקע פאַרגיטיקונג פאַר אַלץ, וואָס דער גורל האָט בײַ אים צוגענומען. און בעטהאָווען האָט מעכטיק און טיף גע־קאָנט דורכגיין די גאַנצע גאַמע פון מענטשלעכן פילן, פון מענטשלעכע לײַדנשאַפטן. ביז צולעצט, אויפן 57טן יאָר, איז זײַן לעבן אויפגע־לייזט און אויסגעלייזט געוואָרן.

דאָס איז דער לעצטער קאַפּיטל פון דער העראָאישער בעט־האָווען־פּאָעמע. אָבער אומקומענדיק, האָט ער געזיגט, און דער לעצ־טער קאַפּיטל אין ווײַנשטיינס פּאָעמע רופט זיך „נצחון״. אַ סך יאָרן האָט בעטהאָווען געזוכט אַ פּאַסיקע פאָרם פאַר אַ געזאַנג וועגן דער גרויסער פרייד, צו וועלכער זײַן לעבן האָט זיך געצויגן, און די ווער־טער האָט ער געפונען אין שילערס אָדע. ערשט אַ פּאָר יאָר פאַר זײַן טויט האָט ער די פאָרם געפונען, און עס איז פאַרטיק געוואָרן זײַן גרויסע כאָראַלע סימפאָניע.

פון דער ערשטער שורה אָן און ביזן סוף פון דער פּאָעמע פילט איר, אַז בעטהאָווענס לעבן איז פאַר ווײַנשטיינען ניט קיין צופעליקע טעמע: עס איז אים אייגן, און דעריבער האָט ער זיך פאַר אַזאַ טעמע געמוזט נעמען. און זײַן גאַנצער קרעפטיקער און פאַרביקער סטיל איז פאַר אַזאַ טעמע זייער גוט צוגעפּאַסט. ער האָט פאַר דעם די מיטלען, און ער האָט זיי גוט אויסגענוצט. די פּאָעמע איז עפּיש־גלײַך אין אַ געהויבענעם טאָן. יעדע שורה איז נויטיק, און זייער אָפט ווערט איר פון באַזונדערע שורות דערפרייט אָדער אויפגעטרייסלט. נאָר עטלעכע מאָל מאַכט ער פון זיך אַליין באַמערקונגען, — קורצע, אויף איין שורה. פאַראַן בײַ אים דער אויסרוף „אָ״, אָבער ער באַ־נוצט דאָס אויף זײַן אייגענעם אופן, אַלעמאָל מיט אַזאַ נייקייט און פרישקייט, אַז דאָס איז אַ פרייד פאַרן געהער.

ווײַנשטײַנס קונסט איז אויסגעהאַלטן־רײַן אין די טראָפּן, אין די ווענדונגען, אין דעם שווערן לשון און סינטאַקסיס, וואָס וואָלטן אין פּשוטער פּראָזע געווען אַ חסרון, אָבער וואָס מאַכן דאָ, אין דער באַזונדערער בעטהאָווען־פּאָעמע, די שורות פול אָנגעלאָדן מיט פרישן בילד און עכטער עמאָציע.

ווײַנשטײַנס סטיל פּאַסט זיך דאָ אַזוי גוט מיט דעם, וואָס דאָס איז אַ שטענדיקע דערמאָנונג דורך דער גאַנצער פּאָעמע אָן דעם געטלעכן מאַן, פאַר וועמען זײַן קונסט איז געווען די העכסטע עבודה, און וועמעס מאָטאָ איז געווען „גאָט איבער אַלעס״; אָן דעם פּראָמעטעאוס פון מאָדערנעם מענטשלעכן גײַסט, וואָס איז געווען דורכגעווייקט אין דער עסענץ פון פּאָעזיע, וועמעס אײַנפּאַכסטע שאַפונג איז געווען ניט פּשוט לויטער, נאָר אָן אויפלייטערונג, נאָכדעם ווי עס איז דורכגענומען געוואָרן מיט דונערן פון הויכער לײַדנשאַפט, מיט בליצן פון טיפן געדאַנק. וואָרעם אַזאַ איז געווען לודוויג וואַן בעטהאָווען, וואָס האָט ניט צו זיך אין זײַן גרויסער קונסט קיין גלײַכן.

לײַכט אויף די שפּיץ פינגער, האָט דער געניאַלסטער קינסטלער מאָצאַרט געקאָנט אַריבערקוקן צו ווײַטע אויפגעשײַנטע האָריזאָנטן פון זײַן קונסט. בעטהאָווען אָבער האָט הילכיק געשפּרייזט פון באַרג־שפּיץ צו באַרג־שפּיץ, בעת ער האָט, ווי משה, זיך געפונען אין פולן אָנגעזיכט פון זוניקן לאַנד, פון דער נײַער מוזיק פון נײַנצענטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און דאָ איז געווען בעטהאָווענס נצחון.

# בעטהאָווען

ווער עס דרינגט דורך דעם מהות פון מיין מוזיק,
דאַרף זיך באַפרייען פון דעם גאַנצן עלנט . . .
עס איז נישטאָ קיין שענערס,
ווי צו קאָנען זיך דערנעענטערן צו גאָט . . .
ל. וו. ב.

**ערשטער קאַפּיטל**

## ערשטע טריט

אַלט־פאַרברוינטע דעכער פון לאַנגע דורות.
אויף געזימסן קילט גרין־פאַרלעגענער מאָך,
און גראָ שאָטענען די מויערן פון באָן
מיט פאַרבענקטן טרויער איבער שטיבער.
אַזאַ בלאָנדע שקיעה רוקט זיך אויף פענצטער
און צעברעקלט פלאַמיק די הייסע שויבן
פון דער צעבויגענער שטאָט באָן.

אַ מענטש פון אַ שטאָט ביים ריין.
אַ יינגל לודוויג מיט אַ שטיל האַרץ.
אין זיין שטוב ברעכן זיך פייכט די ווענט
פון אַ קראַנקער מאַמעס באַליע וועש —
און עס ווייעט מיט ריח פון אַ שיכורן טאַטן.

לודוויג האָט דעם ברייטן וואוקס פון פלעמישן זיידן;
דאָס שווערע געזיכט מיט די גרויסע גראָע אויגן,
וואָס האָבן שטענדיק אויף אים מיט תפילה געקוקט
און אים געלערנט פאַרשטיין דער מאַמעס געוויין;
איר טרויעריקע גוטסקייט צו זיין בייזן טאַטן.
אינעם יינגל — שלאָגט דעם זיידנס בלוט.

אַ מענטש פון אַ דור.
ער וואַקסט ווי בראַנדז — נידעריק און ברייט
מיט טונקל־האַרטע האָר איבער די אויגן,
און מיט שווערע הענט צו געבן געניאָד.

אין די נעכט ווײַנט אַרײַן אין אים די גאַס
פונעם ייִנגלישן אַרומגײן איבער די בירהאַלן;
אויפֿצוזוכן דעם פֿאַרשלעפּטן שיכורן טאַטן.

אַלע נאַכט אין געשריי און אין רויך,
זיצט דער פֿאָטער אַ פֿאַרביסענער אין די שענקען.
אַ סך מאַנצבילן זיצן אַזוי מיט בײַערישן לוסט
ביי צערוקטע, פֿאַרגאָסענע טישן —
און פֿלאָנטערן זייערע בערד אין פּויערטעס.
לודוויג, טרויעריק לעם ווילדן טאַטן,
שלעפּט אים אין דער טיפֿער נאַכט אַרויס.

פֿאַרשלאָפֿענע פֿענצטער אויף אַלע באַנישע הייזער,
און פֿאַר אַ דרויסנדיקן טויער — אַן אַנגעשלעפּטער טאַטע;
עס ליגט זײַן קול אין ייִנגלס פּויסט פֿאַרהאַקט,
אַז דער געשריי זאָל צו דער מאַמען נישט דערגיין,
די רו פֿון איר שלאָף נישט באַרירן —
און אירע וויעס מיט טרערן נישט עפֿענען
צום „הייליקן פֿאָטער".

אַ שטענדיק אין די אָוונטיקע קעלטן,
דרימלט ער לאַנג אַזוי פֿאַרן טאַטן אין גאַס.
די מאַמע, די ברידער, שלאָפֿן וואָרעמלעך־מילד
און באַוועגן פֿון חלומות זייערע גלידער.
לודוויג אין אַנגעזיכט פֿון טריבע לאַמטערנעס,
פֿילט דאָס קראַנקע בלוט פֿון דער מאַמעס גוף,
און רעדט עלנט צום שפּעטן ברוק אַראָפּ.



טויאיקע שויבן מיט אויפֿגעפֿרישטן פֿאַרטאָג.
די מאַמע פֿון שטענדיקן אַרומגיין איבער פֿרעמדע הייזער
נאָך אַביסל גרעט צום וואַשן,
שפּײַט מיט טרוקענעם רויטן שפּײַ.
ווי אַ געפֿאַלענער ליגט דער טאַטע אויפֿן בעט
מיט פֿראַכנדיקן שלאָף, אין די קליידער אַנגעטאָן,

און אָטעמט־אויס פון זיך דעם ריח פון שיכרות
אין דער בייטאָגיקער שטוב.

הינטער אַ פאַרהאַקטע טיר — רויע טענער;
דאָס פּרוּווט לודוויג זיך אויף קלאַווישן,
ער וויל אַלע קלאַנגען מיט זיינע פינגער בעמען,
נאָר עס פירן אים זיינע פאַרטראַכטע אויגן . . .
און שטעלן־אָפּ סמוטנע זיין גרויס געזיכט
צום קילן אָפּענעם דרויסן אַרויס.

אין הויז —שמעקן מאַשטשן און מעדיצינען.
עס ליגט די מאַמע מיט אַן אויסגעצערט געווין
און האָרכט די בייזע טענער דורך פאַרמאַכטער טיר
און דאָס האַסטיקע פלוישן פון קלאַווישן.
לודוויג אַ פאַרטאָענער אין זיין ווילדן שפּילן,
הערט נישט די פּסאַלמען פון איר גרויס האַרץ:
„אַלמעכטיקער דו,
טו דיין אויג פון מיין קינד נישט־אָפּ!

אַלע זיינע גלידער איינגעוואָקסן אין יונגער מוזיק,
און בילדער פון מאָצאַרט, היידן און באַך
קוקן אַזוי אומעטיק־מילד אַראָפּ צו אים
און וועקן אין אים בענקשאַפט צו די שטעט פון עסטרייך.
צעפירטער גייען אויף טענער אונטער זיינע פינגער
און שלאָגן אָפּ פאַרבענקטער נאָך פון די בילדער.

אין זיינע טיפע אויגן דעם טאַטנס טרויער,
אויף זיין געזיכט — דער מאַמעס שלאַפקייט.
ער וויל זי וואו אויף זיינע הענט פאַרטראָגן
מיט אירע וואונדן די געשלאָגענע פונעם טאַטן,
אַז מענטשן זאָלן אַזאַ מאַמע נישט זען.
אַ, ווי עס ציט אים פון זיין וויסטער שטוב
ערגעץ אין אַ פרעמדער ווייט אַוועק.



אָסיען געלער, טאָג פון בלעטער־פאַל.
אַ פאַרחלשטער שווערער הימל איבער אַלע הײַזער.
הינטער לודוויגס פענצטער שטייען קאַטערינקעס
און געליימטע ווייבער שפּילן לוויהדיקע לידער;
געוויין פון בעטלערישע תפילות —
און צעטראָגן אַ יללה נאָך אַ טויטער מאַמע.

ביי דער מאַמע צוקאָפּנס — דער טאַטע, די ברידער
און אַ קאָפּ מיט צעריסענע האָר איבערן האַרטן מת.
אָפּגייענדיקער שווייס פון בלאַסע שלייפן
רינט־אָפּ מיט קאַלטן גליווער
אויף טויט, אויף גוף, אויף ערד.

אינעם הויז אַ פאַרשניטענער טאָג.
פּאַר פּחד פונעם מת לויפט אין די שטוב.
פאַרגלייזט קוקן אָפן אירע אויגן
און פאַרגליווערן אַלעמענס בלוט אין די אָדערן.
לודוויג אין דער מאַמען איינגעקלאַמערט,
באַרירט מיט זיין ליפּ אירע פאַרקרייצטע הענט
און שמעקט פון אירע פינגער דעם סוף פון לעבן.

אויפן נאַסן האַרבסטיקן וועג — נאָכן אָרון,
גייען דער טאַטע, די ברידער און קלויסטער־פרויען,
און אַן געוויין — שלעפּן זיך בלודנע וועשערינס.
געצוימטער און פאַראויס — וויגט זיך שוואַרץ די לוויה
און וועקט צו זיך אַלעמענס אויגן;
געבראָכן איז דער גאַנג ביים עלצטן פון די ברידער.

אַזאַ פייכטער צווינטער־ריח פון קברים־ערד.
לעצטע פאַלנדיקע ערד אויף דער מאַמען
דעקט צו די צעגראָבענע טיפקייט פון איר גרוב,
און מאַכט לודוויגן דערוואַקסענער און פרעמדער,
און ער בלייבט אין בלינדן עלנט שטיין;
ער איז אַליין.



### צווייטער קאַפּיטל

## אויף גאָטס עלנט

פריידיק, טרויעריק, איז די גרויסע וועלט.
אין יונגן עלנט בלאָנקעט לודוויג אַרום;
איינער אַליין — אָנעם טאַטן, אָן די ברידער,
אָן זיין גאַס און אָן זיין שטוב —
גייט ער צום אומעט פון הינטער דער שטאָט
נאָך אַביסל רו און ליכט אַוועק.
ברייט און אָפן וויאַנען דאָ פאַר אים די פעלדער
און פרישן אויף אַ האַרץ, וואָס איז טריב.

אַזאַ הפקרדיקער ברען אין זיין וואוקס.
ער שלייכט אום צווישן וועלדער און קלויסטערס.
אַ בלויזע וועלט טונקלט אויף זיינע קליידער,
און אַ געבויגענער מיטן עלנט אין זיך,
פאַרגייט ער מיט אַ בינטל־גאָטן אין דער נאַכט אַריין.
אַוונטדיק רירט צו די ווילדע פרעמד צו אים,
און ס׳קוקן זיינע אויגן מיט שטומען גראַ אַרויס.

טריט, האַרבסט און ווינטיק געלע בלעטער.
ער שפּאַנט מיט אויפגעבלאָזענע טרוקענע האָר
ביז ער פאַלט אין שלאָף — אינמיטן וועג.
פאַרשלאָפן, איינגעלאָפן, ווערן זיינע אָדערן,
און דאָס לייב דורכגענומען מיט ריח פון קאָרע,
מיט פרישקייט פון ראָסע און פון קילע טריפנדיקע גראָזן —
אין אויפגעשאַרטן פאַרטאָג.

זון, רונדער רויטער מזרח — הינטערן וואַלד;
אַזאַ אויפגאַנג וואָס גיט אים לוסט און גלוסט
צו וואַנדערן איבער דער גאַנצער ערד,
און צו פאָרן אויף שיפן איבער הויכע ימים,
ערגעץ אין ווייטע לענדער פון לעגענדעס.

**
*

הויך אויף די נאַכטיקע בערג הינטער באַן,
זיצט ער איצט מיטן פּנים צו דער שטאָט,
פאַרקלערט אין זײַן קלעזמערישן טאַטן,
וואָס שפּילט איצט אין אַ האַלע וואו פּאָר אַ שטיוול ביר.
יאָ, אויף דער הויכקייט פון די בערג איצט,
אָטעמט ער אײַן די מילדע אָוונטיקע פרישקייט.
גאָט, די פאַרבליבענע ברידער אינדערהיים —
אָ, ווי דער פאַרטריבענער לודוויג בענקט נאָך זיי.

און בײַטאָג — איבער די ווײַטע העלע לאַנקעס,
רעדט ער נאָריש צו פייגל, צום ברייטן רהײַן,
און צו אַלץ וואָס איז גראָז, וואָס איז בלעטער און טוי.
צו די וואָס וואַרפן קערנער איבער די פעלדער,
הייבט ער זײַנע הענט מיט אַ פולן גוט־מאָרגן.
פון צופיל הימל, שעפסן און פאַסטעכער,
ווייסט ער אַזש נישט ווי אַזוי גאָט צו לויבן.

אין די רו־טעג פון הייליקע פסאַלמען,
בלײַבט ער אין אַ דאָרפישן קלויסטער פאַרשפּאַרט
און צעפירט אין פרום געזאַנג אַלעמענס תּפילה.
אומרואיק און טיף בײַם אָרגל־ברום אָנגעבויגן,
זיצט ער ברייט מיטן רוקן צו די וואָס בעטן.
די אָפענע פענצטער אַנטקעגן בלאָזן אויף זײַנע האָר,
און ס'שפּילן זײַנס רירט די פאַסטעכער אינדרויסן
און וועקט די צוואָרפענע לעמער איבערן פעלד.

הינטער דער שטאָט —שלעסער און קלויסטערס.
בלוי רוישט דאָס ריינגאָלד פונעם רהײַן.
אין אַזאַ פרייד טראָגט זיך לודוויג אַרום.
אַזאַ אָפענער שווייג בליקט פון זײַנע אויגן אַרויס
און דרינגט צו דער פאַרנאַכטיקער הויך אַרויף,
אַרײַנצונעמען אַביסל שאַרלעך פון שקיעה.
אינעם אָפּשלאָג אַנטקעגן — ווערט ער אַ מענטש פון בראַנדז.

**
*

באַן — פרידלעך־וואָרעמער שפּאַציר.
עס שמעקט מיט שטאָטישן פרילינג־ריח,
מיט דינעם קליידער־רויש אין גערטנער,
און אַזאַ עלעגאַנטער פאַרנאַכט ווייעט פון איטלעכנס טראָט.
ווי אַן אַרויסגעוואָרפענער, בלאָנקעט ער, אַ מענטש,
אינעם לאַנגזאַמען טאָג־פּאַרגאַנג —
און זוכט אַ מאַמע אין אַ יעדער פרויענצימער;
מענעריש־רייף ציט ער זיין גאַנג נאָך לאָרכען.

און ער האָט אַזאַ פרישן לאָרכען־באַריר
אין זיינע האַרטע מאַנצבילישע הענט
נאָך קיינמאָל אַזוי נאָענט נישט דערפילט.
אין זיינע הענט ווערן אירע פינגער ווייכער, שלאַנקער,
און איר געזיכט — איינגעשוויגן און ווייס —
שפּאַרט אָן אויף זיין פעסטן אַקסל,
און עס ליבן זיך אַלע מענטשן איןביידנס אויגן.

אָוונט, צוגעפאַלענער, רירט צו אויף זייערע קעפּ.
ביידנס געזיכטער שטייען אָפן און בלאַס,
און אַזויפיל נאַכט איז אין לאָרכען פאַראַן.
מיט פאַרצויגענע וויעס צו דער לבנה אָנגעשטעלט,
זיצן זיי איינער אינעם אַנדערן אַריין,
מיט הייסע רייפע גלידער נאָך האַלדזונג.

אַהין, צום נאַכטיקן שלאָס פון די ברויניגגס,
גייען ביידע מיט דראַבנעם שאַרכנדיקן גאַנג —
און נאָך זיי שווימט געלאָסן די לבנה נאָך.
באַרגיק, מיט הויכן מאָך פאַרבליט,
שטייט גרינלעך דאָס הויז פון לאָרכען
און דערציילט פון דורותדיקע באַראָנען.
אור־לייכטער מיט ברענענדיקע לאָמפּן דורך זשעראַנדן
שלאָגן אַזש פון די ברייטע פענצטער אַרויס.

אָ, ווי רייך, אַנדערש, עס איז אינעם גאָרטן דאָ!
אויפן גראָז,ביים שלאָס פון איר הויז
שפּרייזט לאָרכען טיפער, ענגער, מיט לודוויגן,

און רעדן ביידע פון לעגענדעס און שטעט,
פון שעקספּער, פון שילער, פון האָמער —
און פון זייערע רייד ווערט פאַרבענקטע מוזיק.

⁂

מיטנאַכט־רו אין ברויבינגס הויז
לודוויג אין שפּעטן געמיטלעכן סאַלאָן,
פּרואווט זיינע פינגער אויף ווייס־פּאָלירטער פּיאַנאָ,
און פילט אָן דעם רוים מיט ווייכע מוזיק.
געמאָלענע העלדישע רייטערס פון בילדער
קוקן אויף זיינע ווילדע פינגער איבער די קלאַווישן,
און לאָרכען אין גרינגן וואואל אָנגעצויגן,
דהאָרכט אַריין אין זיך ס'שפּילן פון לודוויגס היידן־טענער

אַזאַ צעוואָרפענע מוזיק פאַלט פון זיינע פעסטע הענט,
און ריטמיש־האַרט ווארפן זיך זיינע האָר
נאָכן לויף פון די קלאַווישן.
אומעטיק ליכט פאַרשאָטנט באַנג לאָרכענס געזיכט,
און געהאַלדזטע — דורך פאַרצויגענע ראַלעטן, —
רירן זיי זיך דורכזיכטיק אין דער נאַכט.

עס שאַרן זיך די הימלען אין טאָגיקן גראָ אַריין,
און מיט אַן אָפּגעגאַנגען האַרץ פון ליבע,
געזעגנט לודוויג צום פאַרטאָג פון זיין גאַס.
אין זיין פאַרלאָזטן הויז — יאָהאַן און היינריך,
שלאָפן שווער, שלאָפן ווילד פון גרויסן טאָג.
אַ צוריקגעקערטער פון לאַנגע מעת־לעתן,
נידערט ער מיט שטומע ליפּן און פאַרקלעמטע אויגן
פאַר זיינע שלאָפנדיקע ברידער.

⁂

דורך נאַפּאָלעאָנס גרויסע מלחמה־חדשים,
גייט ער צו די שטעט פון עסטרייך אַוועק.
מעת־לעתדיק און האַרט איז זיין וואַנדער־וועג,
וואָס הייבט זיך דהויך מיט בלינדן שטויב.
אויף האַרבסטיקע שליאַכן זעלנערישע רייטערס

טראָגן זיך אין גאַלאָפּ מיט איבערגעיאָגטן געיעג
אויף פּאַררריסענע צאַפּלדיקע פערד.

דורך געלן אָסיענדיקן זאַווײ — לודוויגס גאַנג,
און אויף זײַן געזיכט פּאָראויס — שאַרפער ווינט.
עס קאַנען די קליידער אים נישט וואַרעמען,
נאָר אויפגעבלאָזענער, מאַכן שווערער זײַן וועג.
אַזאַ טרויעריקער צווײַט פאַרגעלט נאַפּאָלעאָנס חדשים.

גרויס און העלדיש איז דאָס געזאַנג פון גלאָריע.
עס גייען געדמאַנען מיט געפּעכט אין די הענט,
מיט אָנגעלויערטע שפּיזן — פּראַנקרייך אַנטקעגן.
פון אַזאַ בייזע, אָנגעלאָפענע אימה,
שטייגט לודוויגס געזאַנג אין געהייבענעם ליויב
פאַר אַ זיגרייך פאָלק.

און ראַסטיק פאַרשניטן איז דער וועג פאַר אים.
עס קאָן זײַן „ליד" אַזאַ שלאַכט נישט פאַרמילדערן.
און וואַרהאַפטיק ווערט ער צום גרויסן נאַפּאָלעאָן,
וואָרעם געטלעך איז דער געפּעכט פאַר ברידערלעכקייט.
אין זײַן האַסטיקן וואָגל גאַנג,
פילט ער אַליין דעם כוח פון אַ נאַפּאָלעאָן.

פאַר זײַן אויג אויסגעטראָטענע וויאָרסטן פון רייטערס
און צעריבענע מיילן פון רעדער און קלאָענס.
עס יאָגן ווינטיקע בלעטער אויף זײַן פּנים אָן
און פאַלן פאַרשאַרט אויף זײַנע מידע טריט אַרויף.
פון טיפע האַרבסטיקע פעלדער און וועלפישע וועלדער,
שלעפּט ער איצט זײַנע נאָכגעלאָזטע ליימיקע שיך
ערגעץ צו די בערג פון געמיטלעכן עסטרייך.

***

אויף די בערג פון הויכן, שטילן זעמערינג,
איז זײַן פּנים אָפן צו דער זון געווענדט.
הימלען הייבן זיך אין דינע העלע ווייטן
און פרישן אים אויף מיט אָסיענדיקע ראָסע.

אַרום אים — שעפּסן און אַנגעלײגטע פּײערן.
פֿאַסטעכער פֿלעכטן ריטלעך מיט די פֿינגער —
און ווײַט פֿון אים שטומט די גאַנצע וועלט.

פֿאַרחלומטער טאָג אויף פֿאַרחלומטע ווײַסע בערג.
פֿאַר זײַן אויער זײַנען שטיל אַלע פּלאַנצן, אַלע קרײַטעכצער,
און אומעטיק איז אים אָן באַן, אָנעם רהײַן.
אַ, ווײַט און פֿרעמד געפֿינען זיך די ברידער.
דאָ, אין דער לערער קאַלטקײט איז אים גרינגער,
און ער קאָן טראַכטן פֿון אײגענעם באַשאַף.

עס שלאָגן זײַנע בליקן זיך אָן אויף אַ דאָרף,
און דערמאָנען אים אין מענטשן, אין שטעט.
און מילד, שטיל איז ער איצט אַזוי,
אַז ס'שרעקן זיך אפֿילו נישט די פֿייגל פֿאַר אים.
אַזאַ פֿאַרקלערטער כּוח איז אין אים פֿאַראַן,
אַז ער שפּירט אַזש אויף זיך גאָטס אויג.

יונגע וואַרעמע זון ברוינט אויף אים.
ער באַוועגט זײַנע ליפּן האַרב און פֿאַרביסן,
און רופֿט אַרויס שעלטונג אויף זיך:
אַ, פֿאַרוואָס איז ער נישט אַ שעפּס אין גראָז,
נאָר אַ מענטש פֿון אַ פֿאַרשאָלטענעם שיכּורן טאַטן,
וואָס האָט אים אויף גאָטס עלנט פֿאַרטריבן.

אַזאַ וויסטער גורל טראָגט אים אַרום.
עס וועקן זיך אין אים די ברידער, דער טאַטע,
און אויפֿסניי לעבט אויף זײַן געשטאָרבענע מאַמע,
וואָס פֿלעגט אונטער פֿולע עמערס אירע אַקסלען ברעכן,
און צעטראָגן דאָס וואַסער איבער מאָרגנדיקע הײַזער,
פֿאַר איר אײביק בידנעם הויזגעזינד.

**
*

אויף די בערג פֿון קאַלטן שטילן זעמערינג,
שטאַרקט זיך אין אים די טבֿע צו זײַן אַלײן.
סײַ ווי איז ער אַ קינד פֿון שיכּורן בלוט, —

אַ קינד פון אַ טונקעלער סמוטנער שטוב,
וואו ס'האָט קיינמאָל נישט די לבנה אַנגעשפּאַרט,
נאָר די קראַנקע מאַמע אויף איר געלעגער,
האָט אירע אויגן אויסגעווײנט ביי זיין יונגן שפּילן.

אונטער הימלען — איז ער די פרייד אַליין.
פון זיינע אויגן שניידט זיך אַ גראָ ליכט ארויס
און פאַלט אויף זיינע אַדערדיקע לערע הענט.
ער באַטאַפּט זיין האַריק־שטעכיק געזיכט.
די באַנישע קליידער אויף זיך האָט ער היימיש ליב,
ווייל זיי קאָנען אויסשטיין גאָטס עלנט.

אויף זיין פּנים אַ שטילקייט פון פרעמדע פאַסטעכער.
קעגן בראַנדז פון שקיעה שטייגט ער אויף בערג
און דורכזיכטיקער ווערט ער אין דער נאַכט.
עס דערהייבן אים די פיס צום בלוי ארויף.
זיינע האָר אין דינעם ווינט בלאָזן זיך אויף
און צעפאַלן ברייט אונטערן שאָטן פון לבנה.

פונסניי טאָגט אויף די וואַנדערונג אויף אים.
ער וויל לייטזעליקייט אין די אויגן פון מענטשן,
און מיט ליבשאַפט וועקן איטלעכן פאַרבייגייער.
ער טראָגט רצון אַלעמען צו דערהייבן
און ווערט אַליין די גרויסקייט פון רום,
דאָס אָנגעצונדענע פייער פון גאָט.

דריטער קאַפּיטל

## טרויער מאַרש

דורכן אָסיען אין ווין, דורכן ווינט פון נאָוועמבער,
ציט נאָכטיק און קאַלט אַ נידעריק פעסט געשטאַלט
מיט דאַרן אויסגעצויגענעם שאָטן — לויט זיין וואוקס.
ליכט פון פאָנאַרן טריבט אויפן מענטשנס וואַנדער
און מאַכט בעטלעריש קראַנק אויף אים די קליידער.
זיינע נאָכגעלאָזטע אומהיימלעכע טריט
קלאַפּן פרעמד און בלודנע אינמיטן נאַכט.

בעטהאָווען דורך נאַסע פינצטערע ווינטן.
שילדן רירן זיך ראָסטיק מיט שטורעמדיקן געשריי
פון צופיל רעגנס און פון צופיל האַרבסט.
אַ שטומער גייער איבער פאַרלוירענע קוואַרטאַלן,
גייט אויסגעהוילט און פרעמד איבער פאַררעגנטע גאַסן,
צו געפינען אַ וואַרעמע שטוב, אַן אָפן געלעגער
אין אַ צעריסענער נאַכט פון אַ גרויסער שטאָט.

איבער דערברייט פון ווין — רעש פון מלחמה.
ווילדע רייטער אויף האַסטיקע פערד.
מענאַש־קעסלען, צעהייצטע און סמאַליענדיקע,
ציען מיט שלאַגנדיקער פאַרע אין לאַנגע ווייטן אַוועק,
און לאָזן נאָך זיך אויסגעוואַרעמטע רידות פון פליישן
אויף לודוויגס אַרומגייענדיקער נאַכט.

פערד, אָנגעזאָטלטע מיט שווערדן און שלאַכטן,
יאָגן אָנגעשפּיצט און אָנגעשאַרפט.
זייערע הייסע קלאַענס פאַרשטויבן דהויך די נאַכט;
הינטערוויל — שלעפן זיך וועגענער מיט שפּיטאָלישע בוידן
און פירן מיט זיך מיט ווייסע טרויעריקע שוועסטערס.

עלנט און פאַרהאַקט שטייט לודוויגס שטוב.
פאַלנדיקער כסליוו־שניי אויף זיינע שויבן.
אַזעלכע שווייגנדיקע הענט, אַזאַ שלאַבריק געזיכט,
שפּאַרט אַן אויף זיין שמאָלן הילצערנעם טיש,
און עס ווייִנט אין אים נאַפּאָלעאָנס רוישיקער צוג.
זיין בלויזע פעדער קריצט אַלץ איין אין נאָטן.

אין חצות, פון ברויט אַ פאַרגעסענער,
טונקלט ער אינעם צאַפּל פון מאָטן ליכט.
די קליידער, די שיך, עסן זיך מיד אין לייב איין,
און זיינע בייזע האָר איבער שטערן אַריבער,
זינקען פאַרגליווערטע צום טיש אַראָפּ,
בעת זיינע הענט צעפירן די פעדער אויף פּאַפּיר.

אַזאַ שטום געשריי, אַזאַ אומרואיקער גוף,
זיצט טיף־געבויגן און פאַרקלעמט.
עס רירט זיך זיין שאָטן אויף געקאַלעכטע ווענט,
און איבערגעגאָסענער שווייס רינט פון אים.
ער שרייבט די נאָטן פון נאַפּאָלעאָנס „טרויער־מאַרש״,
פון אָפּגעגאַנגענע זעלנערס אין וויטע שנייען
ערגעץ איבער הויכע פראָסטיקע פעלדער.

אָ, מיט זיינע אויגן שטאַר אין די ווענט אַריין פאַרקוקט,
זעט ער דעם גרויסן פאַררייסענעם נאַפּאָלעאָן
רייטן מיט אַן אויפגעהייבן אָפּן געזיכט,
שניידן מיט זיין פערד דורך פעלדער און דורך וועלדער,
איינצונעמען די ברייטע ראַנדן פון דער וועלט.
— — — — — — — — — — — — — —
און ער, לודוויג, קאָן דעם קאָפּ פון טיש נישט הייבן.

***

לאַנגע גערטנער מיט אָנגעשאָטענעם שניי.
ביימער אין ווינטערדיקן ציטער איינגעדעקט.
דורך דער שנייאיקער שטילקייט שפּרייזט לודוויג
מיט הייסע אויגן און מיט שטענדיקער בענקשאַפט.
וויט און פרעמד פון זיין היימשטאָט באָן,
שלאָגט פאַרכטיקער זיין האַרץ פאַר גרויסע מענטשן.

אַזאַ דינער זאַווי פאַרשניידט זיין געזיכט.
ער קנייטשט יאושדיק און האַרט זיין שטערן איין,
און רעדט אין זיינע וואַרעמע פינגער אַריין,
ער פאַרלענדט איצט זיין ליבע צו נאַפּאָלעאָן;
ניין! ס'איז נישט זיין טבע צו דינען אַזאַ אָפּגאָט,
און שרייבן ס'געזאַנג פון שלאַכטן אויף מענטשן,
כדי צו קאָנען אַרבן לענדער און קרוינען.

ער קאָן זיין רו אינעם שפּאַציר נישט געפינען,
און אויף זיין וועג — ביזן שטוב אַריין,
ווערט נאַפּאָלעאָנס ריטערלעכקייט ביי אים אַ „טרויער מאַרש״.
אין זיין צימער — פאַר זיינע נאַכטיקע אויגן

ווײַעט דער בלענד פון פּאַכנדיקע שווערדן
און וועקט זײַנע פרירנדיקע פינגער נאָך כתב,
נאָך נאָטן, וועגן געפרוירענע שטיקער מתים;
און עס רירט לאַנגזאַם דאָס געוויין פון זײַנע קלאַווישן אַרויס.

אַזאַ ווײַסער געוואַי פון זײַן צוגעשמידטע טיר.
ער שפּאַנט מיט פּאַרביסענעם גאַנג איבערן דיל אַרום
און אויפגעלאָפן ציען זײַנע אויגן דורכן פענצטער
צו די טיפע פאַרשנײַטע ראַנדן — אַרויס.
די בילדער פון לאָרכען, די בילדער פונעם רהײַן,
קוקן הימלען מילד פון זײַנע ווענט אַראָפּ
און טריבן פלעמלדיק, ווי לודוויג, אײַן.

אַזויפיל זאַוויי שרײַט, ברעכט זײַן קאַלטע טיר,
און דורך שויב זילבערט די לבנה אויף אים,
נאָר ער וויל נישט דאָס ליכט פון אַזאַ חודש:
וואָס מאַכט איצט האַרט און וויסט די וועלט.
נאַפּאָלעאָן האָט דאָס הארץ צו לאָזן שטאַרבן
אפילו ביים אויפגייענדיקן ליכט פון דער לבנה.

***

טעג פון נאַפּאָלעאָנס בלוטיקן דור,
ווײַען פון זיך דעם ריח פון שלאַכטן און קאַרבאָל.
די ערד ווערט בײַנערדיק, באַרגיק פון קברים,
און פון לענדער, שטעט, שלאָגט אויס פלאַמיקער שרעק.

— — — — — — — — — — —

נצחון — נאַפּאָלעאָנס געוועלטיקונג.
גאָט — לודוויגס גרויסקייט.

גבורה פון לײַם, קופּער, מאַכט אײביקער זײַן גוף,
און האַסטיקער ריח אין זײַנע אָדערן שלאָגט
און שפּאַרט דעם באַשאָף פון זײַן בלוט אַרויס.
זײַן גאַנצן דור פאַרשרײַבט ער אין נאָטן,
צו דערפירן אַלץ — ביז סוף־וועלט.

ווינער ווינטער — מאָצאַרטס „קליינע נאַכט־מוזיק״.
אין לודוויגן — געוויין פון דער „עראָאיקאָ״;
אַזאַ פאַרלאַנגזאַמטער אויסגיין פון אַ נאַפּאָלעאָן.
דורך לערע נאַכט, אינמיטן פון זיין גאַנג,
פרואווט ער אין דמיון אויפסניי די טענער אויס,
און אייביקער וואַקסט פון אים דער „טרויער־מאַרש״.

ער ציט פאַרביי לענגאויס די דאָנוי־גאַסן
מיט אַ האַרץ פון חסד, מיט אַ האַרץ פון רחמים.
פון אַ סך עלנט לייענט ער פאַרלעגענע בריוו;
נאָענטע, היימישע — פונעם רהיין, פון באָן —
און ציטערט אין די בריוו אַריין,
אין זיין ווינטערדיקן גאַנג ביים דאָנוי.

שטיל, מיט פאַרצויגענעם פראָסט פליסט דאָס וואַסער.
און מיט שווערן טראָט ברעכט ער האַרטן שניי.
מיט אַן איינגעגומענעם גוף אין די קליידער,
אין זיין פאַרלוירענעם קאַלטן גאַנג אַזוי,
ווערט פון אים אַ ווייסער הויפן אונטער פאַלנדיקן שניי,
און עס טראָגן אים גיך די ווינטן פאַראויס
דורך דער בלודנער האַבסבורגישער נאַכטיקער שטאָט.

*****

יאַנואַר. אויפגעטאָגטער פראָסט אויף בעטהאָווען.
רויט און קנאָכיק היצט זיין ברייט געזיכט.
זיינע צעעפנטע קליידער דורך שטייגנדיקער קעלט,
רייסן זיך מיט שווערע צעעפנטע פאַלעס צום טאָג,
און ס'קומען אים אַנטקעגן שטאָליקע קאַראַוואַנען,
וואָס ציען און שפּאַנען קעגן סלאַווישע לענדער.
חדשים פון אויסגעטריפטן בלוט —
און נאַפּאָלעאָן ווערט איבעם פייער נישט פאַרצערט.

אַזויפיל יסורים קוקן פון זיינע אויגן אַרויס,
און שלאַבריק־קראַנק איז זיין טראָט אַצינד.
דער טרויער פון דער „עראָאיקאָ״ שטומט אין אים.
ניין, עס איז מער קיין נאַפּאָלעאָן נישטאָ פאַר אים,

נאָר בלויזן פון גרויסער ווידערשפּעניגונג,
קעגן נאַפּאָלעאָנס גלוסט נאָך בלוט און נאָך גוף.

אינמיטן העלן ווינטער־טאָג,
ווערט די שנאה צו נאַפּאָלעאָנען אין אים פאַרהוילן,
און ער וויל זײַן חרטה פאַר קײנעם ניט אַנטפּלעקן
אין זײַן פאַרהאַקטער טאָגיקער שטוב, אַלײן,
בלײַבט ער הינטער שטילע אַראָפּגעלאָזטע ריגלען,
און טרערט דעם טרויער פון זײַנע אויגן אַרויס.

גרויס איז דער געוואַי פון זײַן איצטיקן תהילים,
און שרײַענדיק רופט ער צו דער טאָכטער פון עליזעאום.
זײַנע פויסטן אינעם טיש קלאַפּן האַרט און ווילד
נאָכן ביסל אָרגל־תפילה פון הײדן, פון באַך,
אויפסנײַ זיך צו קאָנען הײליקן אין מענטשן־פרײד.

## פערטער קאַפּיטל

# הײליגנדאָרף

אינעם דאָרף ברענט ראָזעווע שקיעה איבער דעכער,
און אויסגעשפּרײט שטײען בערג אונטער שאַרלעכן הימל
אין טיפן גרינעם הײליגנדאָרף.
קלויסטערס מיט קופּאָלן פון דורות,
קוקן גראָלעך קיל צו די טאָלן אַראָפּ —
און בלויער ווי די פּאַסטעכער, ווי די שאָף,
שווײַגן האָריזאָנטן מיט אויפגעלאָפענעם פאַרנאַכט.
אַרום דעם הײליגנדאָרף.

אויף פעלזיקן באַרג אַ הויז פון טרויעריק געהילץ,
און אינעווייניק — ריח פון קלײדער און קופּערטן.
בעטהאָוונען שפּאַנט ברײט און פויעריש אין שטוב אַרום
מיט הײמישע אויגן צווישן אויסגעפּאַקטע חפצים,
וואָס דערצײלן הײמיש־פריש פון זײַן שטאָט באָן —
דאָ, אין פּאַסטאָראַלן הײליגנדאָרף.

גאָט און גענאָד איז אין אים פאַראַן.
קראַנק, געלהויטיק איז זיין פעסטער גוף,
וואָס איז פאַרכטיק, וואָס איז שרעקנדיק.
ער קאָן די חרפה פון זיינע שלאָפּע אויערן
אפילו צו דער ערד נישט אויסשרייען,
נאָר מיט זיינע בלויזע פינגער טענער באַרירן.
מען דאַרף זיין אַ בעטהאָווען צו קאָנען זיין עלנט.

אין יאוש —
טראָגט ער די פאַרבאָרגענע טויבקייט אַרום,
די ציין שטענדיק אין זיינע ליפּן איינגעביסן.
אַן איינגעוואַקסענער אין דער נאַכט אַריין,
גייט ער אום אין בענקשאַפט נאָך אַ פרוי,
און קינדיש־ווילד וויינט ער דאָס האַרץ אויס
אויף גאָטס פעלד.

**

ברייט און ווייט העלט דער טאָג איבער לאַנקעס.
לודוויג אין ווארעמען צאַפּל פון תמוז־ווינט,
טראָגט זיך איבערן הייליגנדאָרף שאָטנדיק אום.
צו דער קילקייט פון בערג גייט ער אַוועק
מיט אַנגעלאָפּענעם שטויב, שווייס — אויף זיך.
פולע לאַנען קוקן אַריין אין זיינע גרויסע אויגן
און ער רעדט צו פאַסטעכער, צו פייגל, צו זשאַבעס,
און רופט צו זיך די צעוואָרפענע לעמער פונעם פעלד.

ברוין שטייט זיין געזיכט דער זון אַנטקעגן,
און ווי האַרטער פלאַקס, ווערן זיינע גרויסע האָר.
אַ דאָרפישע היץ אויף זיינע שיך, אויף זיינע קליידער.
ער וויל אַלץ מיט זיינע הענט אַנעמען
כדי שטאַרקער דאָס פּאַסטאָראַלע אין זיך צו דערפילן,
ווייל אַזוי האָט גאָט געוואָלט;
ער זאָל נישט הערן די זשאַבעס, די שעפסן, די פייגל.
איצט, פאַרשרייבט ער דעם מינדסטן שאָרך פון אַ פלאַנץ.

הויכע זון איבערן הייליגנדאָרף.
אויפן גאַנצן בעטהאָוועז אויסגערונענער בראַנד,
און מיט איר הייסקייט פאַרגייט ער אין וועלדער
אַ מענטש, אַן אָפּגעזונדערטער פון אַלץ,
און ער ווערט אַ תּפילה פאַרן גאַנצן דאָרף.
ער איז אַליין איצט אַ באַשאַפער.

פּאַסטאָראַל — דאָרפיש, גרויסער הימל־בלוי.
פּאַסטעכער לעם בינטל'עך ברויטן און לאָגלען וואַסער
אין פאַרנאַכטיקער רו.
שעפּסן אין די גראָזן ליגן קיל און זאַט.
אַ ראַנד פון האָריזאַנט מאַכט בלאָ די ערד,
און די גרילן, די וואַלד־וועבן, ווערן אָוונטיק.
גאָט! ער קאָן אַזאַ טאָג־פאַרגאַנג נישט הערן,
נאָר בלויז איינקריצן דעם בין־השמשות אין זיך.

ביינאַכט.
לאַנג און באַנג איז זיין פויערישע שטוב.
און עס רוישט דער דרויסן פאַר זיינע אויגן.
און וויל ער קאָן די אָוונט־ווייט נישט דערהערן,
רייסט ער פון זיך דאָס העמד פאַר זיין אָפענעם פענצטער,
און קלאַפּט מיט צעשריגענע פויסטן אינעם טיש —
גאָט וואָלט אויך אַזוי געשריגן.

**
*

ברייטער בעטהאָווען איבער טויבע קלאַווישן,
איבער פּאַסטאָראַלע קלאַנגען — אין נאַכטיקן דאָרף.
ער שפּירט נישט דעם רעגן־גאָס אויף זיינע שויבן —
ביז עס רייסט דער ווינט האַסטיק זיין טיר אויף,
און פאַרבל'אָזט געשווינד זיינע נאָטן פונעם טיש
און פאַרצאַפּלט דעם שפּאַרעוודיקן לאָמפּ.

צום דרויסנדיקן רעגן שרייט ער זיין ווילדקייט אויס:
איך בין טויב!
כ'קאָן מיין געהער פאַר מענטשן נישט עפענען.
אַ, די חרפּה פון רעדן און אַליין נישט צו הערן!

וואָס פאַר אַ שטראָף דאָס איז — עליזעאום?
מעת־לעתן יסורים עסן זיין לעבן
אינעם אָפּגעזונדערטן היילִיגנדאָרף.

ווייט, פרעמד, איז פון אים די וועלט.
פינגער, קלאָווישן —
און פויערישער לוסט פאַר זיינע אויגן.
ער וואַרפט פיבערדיק די טענער פון זיך,
און וואָס מער עס צערט אָפּ זיין געזיכט,
אַלץ פרידלעכער, גרינגער — טריפט געזאַנג
פון זיינע צעפּירטע הענט.

נעכט און פיאַנאָ מונטערן דאָס לעבן אין אים.
אַזויפיל באַשאַף פון זיינע אָדערן רינט —
און כאָטש שטיל זיינען די אויערן ביי אים,
רירט ער די אָנגעשפּאַנטע פעדער אויף פּאַפּיר,
און פאַרשרייבט דעם שאָרך פון פלאַנצן און בלעטער,
און דאָס דונערן, די רעגנס און די וואָלקנס —
ביז פונעם כתב ווערט פּאַסטאָראַלע טענער.

***

אַ טאָגיקער גייט לודוויג איבערן דאָרף אַרום,
צו דערטאַפּן אַן אויסגעפּרואוווטן קלאַנג פאַרן אויער.
אַן אָנגעבויגענער, גייט ער מיטן יינגל קאַרל אַרום,
מיט אָנגעשפּיצטן געהער נאָך אַלץ, וואָס רוישט.
גאָט האָט געוואָלט ער זאָל אַן אָנגעבויגענער אומגיין
און אַז אַ קינד זאָל אים אַ טויבן אַרומפירן,
און אים פּאַרטייטשן אויף פינגער־לשון,
די אָפענע שפּראַך פון זאַכן און פון מענטשן.

ער נויגט דעם קאָפּ טיפער אינעם יינגל אַריין
נאָך אַ ביסל געהער — ביי איטלעכן אָפּשטעל,
אָבער זען קאָן ער בלויז דאָס יינגלישע געוויין,
די קינדישע חכמה נישט צו וועקן זיין צער.
קאַרל, ס'יינגל, לאָזט דאָס געזיכט אין לודוויגס הענט אַריין

און טרערט קלוג פון זיך די רייד אַרויס,
אַז ס'איז היינט רו, שטיל, אין הייליגנדאָרף.

עס איז טרויעריג צו זיין אַזאַ בעטהאָווען;
אומצוגיין טויבערהייט אין גרויסע שטעט
און שטענדיק מיט פאַרמאַכטע אויערן פאַר מענטשן.
ניין, ער קאָן אפילו אַ בריוו נישט שרייבן —
עס איז נישט שיין צו זיין אַזאַ מאַנצביל,
און צו ליבן טערעזע אָן אַ געדהער —
קאַרל, דאָס יינגל, איז אייביקער, געטרייער
פון אַלע פרויען.

אַזאַ אומעטיקער, צעריסענער בעטהאָווען.
זיין געזיכט און די געלע שלאָפע אויגן,
האָבן לאַרכען אויף אייביק אָפּגעווענדט פון אים,
און העסלעך בייז איז ער צו טערעזע געווען.
איצט איז דאָס לעבן אין אים קראַנק, שווער.
מיט ווילד געשריי און מיטן יינגל קאַרל,
איז ער שטענדיק אין זיין בייזער שטוב אַליין.

***

האַרטע אָוונטיקע ערד אין הייליגנדאָרף.
טרוקענער האַרבסט אויף אויסגעל־ערטע ביימער.
מיט גאַנג, ווי דורך גריבער, שלעפּט זיך לודוויג
אַ נאָכגעלאָזטער מיט לויזע טריט — אַהיים.
אָ, פאַרביסן זיינען די רייד, וואָס ער רעדט אַרויס:
דיין שטראָף, גאָט, מיין גאָט!
ווי קאָן איך עס אפילו פאַר די ברידער אַנטפּלעקן?

אַ טויב געשטאַלט.
און ער קאָן אָן ליבע צו אַ פרוי נישט גלוסטן.
ניין, ער האָט נישט דאָס האַרץ צו סתם אַ פרוי,
נאָר טראָגט אַזאַ גאָטס חסד אין זיך,
ווי ס'וואָלט אין אים נביאיש בלוט געשלאָגן.
אָ, ווי עס וואָלט אים געפּאַסט צו זיין אַ יחזקאל.

נאַריש, קאַלט, בלאָנקעט ער אין אָסיען אַרום
און גייט איין אַזוי פון ליבשאַפט צו טערעזע;
צו אַ פרוי, וואָס האָט פון אים די פרייד אָפּגעטאָן
און אים פאַרלאָזט נישט צו ליבן אים מער.
הייס, מיט פאַרשניטענעם געוויין, רעדט ער צו איר בילד,
אַז ער וועט מער קיין פרויענצימער נישט באַרירן.

צו איר בילד, צו איר וואַרעם ווייס געזיכט — רעדט ער:
— טערעזע, פאַרוואָס אַזאַ שטומקייט אין דיינע אויגן,
אַזאַ אָפענע בלינדקייט צו מיין בלודנעם לעבן?
אַזאַ אייביקע ערד האָט דיין ליב פאַרדעקט.
אָ, טויטע טערעזע, קאָנסט מער נישט מיינע קלאַווישן הערן,
כ'קאַן אַליין מיינע טענער נישט הערן,
און אויף אייביק עלנט איז מיין מוזיק אָן דיר.

אַ לעמפּל טריבקייט פלעמלט אין זיין שטוב.
ער זיצט תשרידיק־באַנג איבערן טיש געבויגן
מיט פעדער, כתב, פּאַפּיר —אונטער האַרטע הענט,
און שרייבט צום גוטן, אַלטן פּאַסטאַר אַמענדאַ,
אַז ער איז טויב, שוין אויף אייביק טויב,
און אַז ער וואָלט פון זיך אַנדערע אברים אָפּגעגעבן,
אַבי נישט דאָס וויכטיקסטע פון זיין גוף — זיין געהער.

גאָט, שרייבט ער ווייטער צום אַלטן פּאַסטאַר,
— אָ, ווי שווער מיר איז אַזוי צו רעדן.
וואָרעם אַחוץ דיר, אַמענדאַ, ווייסט קיינער נישט דערפון . . .
איך האָב שטענדיק פאַר דיר מיין האַרץ געטרויט,
דאַרף איך עס איצט פאַר דיר אוודאי טאָן.
גאָט, אַ ווי שווער מיר איז אַזוי צו רעדן . . .
— — — — — — דיין אומגליקלעכער לודוויג.

*****

טויב איז דאָס דאַרף פאַר לודוויגן.
נאַכט רייסט אויף ווינטיק זיין שווערע טיר,
און עס בלייבט זיין פנים צום דרויסן געווענדט.

אַזאַ פּחד, אַזאַ טרויער, אַזאַ געוואַי — ווערט פון אים,
אַז ער רופט די פויערישע שכנים פונעם שלאָף אַרויס.
זײַן קול שלאָגט אָפּ ווילדע, הויך, איבערן רוים
און בלײַבט וואו אין הוילקייט פאַרקלעמט.

און ער האָט קיינמאָל נאָך אַזוי נישט גערופן,
און אַזוי בלודנע אין זיך אַרײַנגערעדט.
מיט אַן אינעווייניק געוויין יאָגן איצט זײַנע בלוטן
און שלאָגן פון אים דעם באַשאָף אַרויס.
אַ, גרויס איז זײַן גלויבן צום הייליגטום.

אויף זײַן קליינער שויב גרינט מילד די לבנה.
נאָענט שטיל זײַנען די ווייטן פאַר אים,
און דערמאָנען אים אין זײַן יוגנטלעכער שטוב,
אין די בראָווע פרויען־רייד דורך בריוו־באַריר
פון לאָרכענס פאַרבענקטן ברויניגס שלאָס,
און פון טערעזעס שווער פאַרנעפּלטן לאָנדאָן.

אין אַזעלכע מעת־לעתן
גייט ער מיט צעריסענע טריט איבערן דיל אַרום,
און שרייט אין זײַנע פאַרקלעמטע פויסטן אַרײַן.
אַ מאַטער שווייס גיסט קראַנק פון זײַנע שלייפן,
און מיט גראָבע אויפגעלאָפענע ליפּן,
פאַלט ער פאַרחלשט צו זײַן געלעגער צו.

אָפן איז זײַן טיר די נאַכט אַרײַנצונעמען,
און ער לייגט זײַנע פינגער אויף אַלץ,
וואָס האָט קלאַנג פאַר זײַנע שלאָפע אויערן.
אַ, אַלמעכטיקער, די קללה דורך כתב צו הערן
און די שפּראַך פון מענטשן אויף פּאַפּיר צו פאַרשרייבן —
אַז ער זאָל זיי פאַרשטיין, אַז ער זאָל זיי הערן
ביז צו זײַן שטאַרבן אַזוי.

***

פערד מיט ראָסע אויף זיך, שטייען אין רו;
אויף די הייליגנדאָרפער שויבן בלויער חצות.

וואַרטן אויף זייערע פויערים אין שענק
און אויף פויערטעס, וואָס גלוסטן און שיכּורן
מיט פֿאַרבליבענע מאַנצבילן פֿון דער נאַכט,
און שלאָגן מיט דאָרפֿישער הייסקייט.

עס זיצט לודוויג אַ פֿאַרטרונקענער ביי לערע פלעשער,
מיט אַ הענגענדיקער האַנט פֿונעם טיש אַראָפּ,
און דרימלט אַזוי צווישן אויסגעגייגטע ביר־גלעזער.
דער לוסט פֿון פֿרויען וועקט נישט זיין שיכּרות,
נאָר מאַכט אומהיימלעך טרויעריק
זיין ווייטע בענקשאַפֿט צום טאַטן.

אינעם רויכיקן רויש פֿון ווין, פֿון ביר און פֿון רייד,
פֿילט ער אַ שיכּורע בייזקייט צו דער וועלט,
און ער קלאַפּט האַרט מיט די פֿיס אינעם דיל.
פֿון אָפּגעשלאָגענעם לאָמפּן־טריב — אויף אים —
און פֿון דער גאַנצער שרייענדיקער שענק,
שלאָפֿן איין זיינע האָר איבער די פֿאַרגאָסענע אויגן.

לודוויג, אַ לעצטער מענטש.
אַ פֿאַרבליבן צעקנייטשט געזיכט פֿונעם דרימל.
ער פֿילט אויף זיך דעם שאַר פֿון בלאָען פֿאַרטאָג
אוןווישט אויס דעם אומעט פֿון זיינע פֿאַרקלעפּטע וויעס.
ער גייט צו דער פֿריער מזרח־זון אַרויס,
זיין לעבן אויפֿצופֿרישן —
און בלייבט איינער אינעם העלן מאָרגן שטיין.

אויפֿגעפֿרישטע פֿרייד און טויאיקער רום.
אַ, גרויס איז איצט דער באַשאַף אין לודוויגן.
גייענדיקערהייט צעשיט ער שטיקלעך בריוו
פֿון אַלע משפּחות און פֿון אַלע ליבעס —
און לאָזט אַלץ צעפּיצלט פֿונעם ווינט פֿאַרטראָגן,
און לודוויג בלייבט אַ פֿאַרצאַנקטער, אַ פֿאַרצאַפּלטער אין מוזיק.

פינפטער קאַפּיטל

# פרעמדע שטעט

פרעמדע שטעט אין טעפּליץ, שענאַו, —
עס שמעקט מיט לאָנדאָן, מילאַן און פּאַריז.
אַ פּאַרנאַכטיקער זומער ווײַעט פון ברײטע אַלײען,
און קיל איז דער שפּאַציר פון דאַמען און הערן.
אַזאַ העפלעך געלעכטער הילכט פון גערטנער אַרויס
מיט אויסגעמישטע רייד פון פרעמדלענדישע פירשטן;
אין די צעבליטע גערטנער פון וואַרעמען יולי.

לודוויגס טראָט אין אַ פרעמדער רײַכער שטאָט.
גלײַביק איז זײַן גאַנג איבער דער ערד.
נישטאָ אין אים די הכנעה צו פרינצן,
נאָר רוי, פּשוט איז דער מענטש אין אים.
זײַן בלוט איז קראַנק און שיכּור.
אַ, ווי ער פּאַסט נישט פאַר אַזעלכע רײַכע שטעט.
אין קאַפּײען — דינע אָונטיקע קאַמער־מוזיק.

שמאָלע גרעפלעכע פרויען־פינגער אויף גלעזער,
רוישן הימלעך מיט קילע געטראַנקען.
אַזאַ לײַכטער לוסט רויטלט אויף געזיכטער
מיט האַלדזונג הינטער געמיטלעכע פעכערס
אונטער אַ הייס־געדיכטע קאַשטאַן־נאַכט.

און דורכזיכטיק דורך בלעטער בלויט דער אָוונט;
פאַלט ציטערדיק אויפן ליכט פון לאַמטערנעס,
און אויף דער טונקלקייט פון לודוויגן און געטען,
וואָס גייען בײַנאַנד אין שוואַרצע טיפע אַלײען אַרײַן,
מיט פּשטלדיקע רייד אויף לאַנגן שפּאַציר אַוועק,
און ווערן ביידע אין דער טונקל נישט פאַרצערט.

לודוויג און געטע — צוויי אײַנגעבויגענע מענטשן.
אַ, ווי ער ליבט דאָס דעם אײביקן געטע!
זײ רעדן פון האָמער, פון שעקספּיר און שילער

און פון ענגלאַנדס גרויסע אַרכיוון.
ביידנס רייד זיינען האַרב און בייז
פון טיפע שמועסן.

**
*

אונטער לינדן, קילע שוואַרצע שאָטנס.
לאָרדן פון ווייטע שטעט שפּרייזן ווייך און געלאַסן
אויף־און־אָפּ מיט געמיטלעכע בורשטינענע שטעקנס,
און ציען דורך דער פּאַלנדיקער אָוונט־בלאָז היין און צוריק.
פרויען מיט פרעכע אויסגעבלעזטע זומער־קליידער
און מיט צעצויגענעם שאַרנדיקן שלעפּ נאָך זיך,
רעדן הויך און פרעמד אויף אַלערליי שפּראַכן.

בעטהאָווען און געטע — צוויי גרויסע אומרואיקע מענטשן.
איינער מיט שרייענדיקן האַרטן גאַנג —
איינער מיט אַלטן שלעפּעדיקן טראָט —
שפּאַנען מיט צעריסענע הייסע שמועסן
און רעדן, פאַרטאָגנענע, וועגן ביכער פון דער וועלט, —
רעדן אַזוי אין דער פאַרשלעפּערטער נאַכט אַריין.

ביידע — אין זעלבן כוח און אין זעלבן וואוקס,
איבערפרואוון זיך מיט ראַנגלדיקע רייד,
און וועקן צו זיך פאַרוואונדערונג פון פאַרבייגייערס.
גרעפינס און פרינצן שפּאַצירן זייער אויג פאַרביי —
און געטע, אָן רייד, לאָזט לודוויגס אָרעם אַרויס,
און פאַרנייגט זיין גרויסקייט דער הערשאַפט אַנטקעגן.
עס בלייבט לודוויג אַ צוריק־געבליבענער — אַליין;
הינטערוויל, אָן אַ באַגריסונג שטיין.

אומעטום דער זעלבער טרויעריקער בעטהאָווען.
און ער האָט שטענדיק נאָך געטען געבענקט,
און קיינמאָל נישט גטראַכט אַז ער איז לאָרדיש
און הכנעהדיק צו די, וואָס גאָרן נאָך געוועלטיקונג.
אייביק עלנטער לודוויג!
ליב האָט ער ס׳לעבן פון בעטלערס, פון פאַסטעכער.

אין אָנגעזיכט פון געטען, פון זײַנע קעניגלעכע האָרן,
קערט זיך לודוויג אָפּ אַ פאַרשניטענער,
און מיט צעריסענעם מענטש אין זיך אַליין,
גייט ער איינער אין אַ געפאַלענער עלטער אַוועק —
מיט פאַרלוירענע טריט אויף בעטלערישן וועג.

***

אויף בעטלערישן וועג מיטן פּנים צו דער ערד,
גייט בעטהאַוועןאין דער פרעמדער וועלט אַרום.
אָ, גאָט, באַהיט, באַשירעם קיינעמענס אַ מענטש!
ער איז אַליין — אַן שטעט, אָן מענטשן.
ער וויל די ערד, די זון, די שפּראַך פון פלאַנצן.
צום רום פון שעפּסענער רו — רעדט ער,
און לאָזט זיך אויף טויאיקע לאַנקעס אַראָפּ.
אויפגעהייטערט אין פריד ווערט זײַן ברוין געזיכט.
אָ, ווי אַנדערש ער איז דאָס פון געטען.

ער וויל די רו פונעם ריינגאָלד און פישערס,
און אַ וואַנדער־וועג דורך ברייטן מדבר־זאַמד,
כדי דער ערדישער געגנדיקייט נישט צו דינען.
פאַרברענט, אָפּגעלאָזן זײַנען די קליידער אויף אים,
און הונגעריק איז ער ווי דער שטאָטישער בעטלער,
וועם ער האָט זײַן לעצטע פּרוטה אָפּגעגעבן.

אין זײַן מידן, שטויביקן גאַנג,
קומען אים גרינע ווייטן אַנטקעגן.
אַהין — נאָך דער מונטערונג פון פרייד גייט ער.
שטאָר הייבט זיך דער שטויב פאַר זײַנע אויגן
און מאַכט גרויער נאָך זײַנע אומעטיקע קליידער.
פון צופיל פרעמדקייט און פון צופיל גיין,
לעכצן זײַנע ליפּן נאָך פרישע טראָפּנס וואַסער.

אַ מענטש אויף ווייטן שטומען וועג פאַרשאַרט.
דאָ קאָן ער זיך מיט דער טויבקייט אָפּענער ווײַזן.
ער איז סיי ווי די שווייגנדיקע לערקייט אַליין. —

און אַז ס׳רעגנט דאָ אויפֿן וואַלדיקן וועג,
רינט דער גאַס פּאַרקילטער אויף זיין פּנים,
און גריגגער ווערן זיינע פיס אויף צו וואַנדערן.

העל־פֿאַרחלשטע וואָלקנס ציען מיט אים מיט
און פונעם הימל — פּאַלט דער טאָג ביסלעכווייז אויף אים.
אַזאַ אָפּגעפּרישטער באַנגער טרויער איז אין אים איצט פֿאַראַן,
אַז ער שטאַרקט אין זיך דעם גלויבן אין מענטשן־פֿרייד —
און עס ווייסט איצט קיינער נישט דערפֿון.

**
*

שלאָף פון טעג, פון אָפּגעגאַנגענע מיילן ערד,
פֿאַלט ער אויף די קני אַראָפּ ביים סוף־וועג
מיט טיפֿן רחמים צו די פרומע הימלען אַרויף,
און הייבט זיין תפילה מיטן כוח פון יאוש,
אַז זיינע פיס זאָלן צום יינגל קאַרל דערגיין, —
אָדער אַליין גאָר ווערן די ראַנד פון האָריזאָנט.

אַ געבויגענער מענטש מיט צעעפֿנטע פּאָלעס,
האָרט פון ווינט זיינען די האָר, דאָס געזיכט.
אויף זיין אַקסל — אַ בינטל קליידער,
אַ פּאָרטפעל נאָטן הינטערן אָרעם פֿאַרוואָרפֿן.
אַן אָפּגעזונדערטער פֿון שטעט און מענטשן —
גייט ער אין אייגענעם באַשאַף אַריין.

טרויעריק איז זיין צוריקקער צום אַלטן ווין,
און ווייט, פֿאַרגעסן, זיינען פֿאַר אים די לאָרדן —
בלויז איינעם, געטע, טראָגט ער מיט פֿייער אין זיך.
צום שפּיל פון „פידעליאָ״ — גייט ער איצט אָפּ;
אויספּרואוון פֿאַר דער וועלט זיין ברייטע מוזיק,
און וועקן די הערונג פֿון איטלעכנס אויער —
בלויז ער, בעטהאָווען, וועט זיין די טויבקייט אַליין.

אינעם דהייליגנדאָרף צוריק.
טויאיקע ריחות, כאַטעס און פויערים,

ווייען מיטן פּאַסטאָראַל פון געזונטן פרישן לעבן.
דאָ איז אין אַ יעדן פלאַנץ גאָט פאַראַן.
מיט זיין פנים צו די קרייטעכצער אַנגעבויגן,
בענטש ער די שעה פון דאָרפישן טאָג.

אָ, ווי ער וואָלט מער קיין ווין נישט וועלן צוריק,
און נישט אומגיין אַ טויבער צווישן מענטשן.
אַלץ איז דאָרט פאַר אים אַזוי עלנט־טריב;
שטענדיק אין אַ בוידעם־שטוב — אַליין.
דאָ, אינעם ברייטן טאָגיקן דאָרף אַצינד,
רעדן מילד אַרויס פון אים זיינע פּסאַלמען.

***

שפּעטער זומער מיט האַרט־פאַרברוינטע לאַנען.
עס גייט לודוויג אין טיפער רו אַרום,
אויפצוהייטערן זיין אומעטיק לעבן.
אַזויפיל בייזקייט טראָגט ער פאַר אַלע שטעט
און פאַר דער פרעמדקייט פון „נאָבעלן" ווין.

אינעם פעלד שפּריצן זיינע אויגן דער זון אַנטקעגן,
און עס טראָגן זיך רידות פון הויכע סטויגן היי
מיט שאַרפער פרישקייט פון צעוואָרפענע שייערן.
פויערטעס מיט פלאַמיקן לוסט און גלוסט,
זאַמלען איין די סוף־זומערדיקע גאַרבן.

אין שאַרלעכער קילקייט פאַרגייט דער טאָג פון אלול
און באַהויכט די שויבן מיט בלאָען אָוונט.
עס בלייבט לודוויג צווישן הימל און ערד,
אַ שטענדיקער מיט פעדער, מיט נאָטן אין די הענט
אינמיטן — פון שפּעטן זומער און פריען האַרבסט.
פון ווינט אויסגעשפּרייט פלאַטערן זיינע קליידער,
און ער ווערט גרינג, דין, קעגן דער לבנה
אינעם שווייג פון ביינאַכטיקן דאָרף.

אַזאָ איינגעשטילטער שלאָף ציט פון כאַטעס אַרויס.
רויכן פון געצונדענע פענצטער ווערן איינגעלאָשן און פאַרצערט.

און איבער דער ערד שאָטנט אום לודוויג.
ער שפּרייזט מיט אָפענעם אויגן־גראָ צום מזרח
נאָך אַ ביסל וואַרעמען טאָג פאַר זיין וואַנדערונג.

הינטערוועגנס — אויסער נאַכט און אויסער דאָרף,
שאַרט ער זיינע פאַרשל־אָפענע טריט אין פאַרטאָג אַריין
מיט שטויב־פאַרלאָפענע שיך און קליידער.
אַזאַ וואַגלדיקער הפקר מאַכט זיינע אַקסלען מיד
און בויגט זיין גאַנג, וואָס פירט קיין ווין צוריק.

פרייד, אויפגעפלאַמטער לודוויג איבערן ברייטן ווין.
ער גייט אַ געהייבענער מיט ווילד־פאַרריסענע האָר,
און פון זיין פעסטן גאַנג שלאָגט צאַפלדיקע פרייד.
אַלץ פאַר זיינע אויגן איצט איז „פידעליאָ״.
ער זינגט אין זיך די קלאַנגען פון זיינע אַקאָרדן,
וואָס ער וועט פאַר אַ סך אויגן, פאַר אַ סך אויערן, צעפירן —
און אַליין בלייבן אין פאַרשניטענער טויבקייט שטיק.

אַזאַ אייביקע ראַנגלונג וויטיקט אין אים.
ער קאָן אין דער וועלט קיין טרייסט נישט געפינען,
ווייל ברידערלעך טראָגט ער זיינע טענער אויס
און קריצט זיי מיט אַ פאַרביסענער פעדער
טיף אין נאָטן אַריין.

בעטהאָווען — מיט צענומענע קליידער, מיט אָפענע הענט,
שטייט אַלטלעך צו די כלי־זמרים געווענדט,
און טוקט־איין ביסלעכווייז אין זיין שאָטן אַריין.
פאַר אַלע האַרכנדיקע מענטשן — אַן אומרואיק געשטאַלט,
עפנט גיסנדיק זיינע וויאָלאָס איבער אַלץ —
און באַוועגט, אַ פאַרלוירענער, דעם פרעליוד פון „פידעליאָ״.

די פינצטערניש איז טיף, שוואַרץ אַרום אים.
די כלי־זמרים ווייסן נישט אַז לודוויג איז טויב
און אַז טויט איז די וועלט אין זיינע גרויסע אויערן.
ער קאָן די טשעלאָס ביזן סוף נישט דערפירן,
ברעכט ער אויס אין דער חרפּה פון זיין טויבקייט . . .

און אַנטלויפֿט אַ משוגענער־בעטהאָוועַן פֿון אַלץ,
און פֿאַלט, ווי אַ זאַך, אין זיין בידנער שטוב אַוועק.
מיט צעפֿאַלן געווייַן שרייט ער אין זיין געלעגער אַרייַן
און בלייבט אַזוי ליגן אין פֿאַרלאָשענעם צער.

## זעקסטער קאַפּיטל

# דאָס יינגל

ענדאָרף. — לאַנגען זייַנען רויט, זייַנען געל פֿון האַרבסט.
מילד קוקן לודוויגס אויגן אויף די אומגייענדיקע שעפּסן.
דאָס בלוט און דאָס האַרץ איז אָסיענדיק אין אים.
אַ, גאָט, פֿאַרוואָס איז ער נישט קיין בעטלער
מיט טויבע, אויסגעשטרעקטע הענט אויף אַ גאַס,
און מיט אָפֿענעם געבעט אונטער זון און פֿרעסט —
פֿאַר אַלע מענטשן — אין אַלע גרויסע שטעט.

אַזויפֿיל אַלטקייט גרויט אויף זייַנע קליידער.
שלאָף איז זיין געזיכט פֿון בענקשאַפֿט צו קאַרלען.
ער שרייַבט אויס זייַנע פֿינגער נאָך אים,
ווייל ליב האָט ער אים טיף און ווייטיקדיק,
אַז ער וואָלט אויף די שנייאיקע בערג פֿון זעמערינג
געגאַנגען צוהין פֿאַרן יינגלס שטאַרבן.

ניין, דאָס יינגל וויל נישט מער דעם פֿעטער,
נאָר זיין שיכּורע באַנישע מאַמע —
ער קאָן נישט אויסשטיין לודוויגס טרויער.
בעטהאָוועַן —
ווי ער וויינט דאָס אין זייַנע פֿאַרטריבטע נעכט אַרייַן:
אַלמעכטיקער, קער צו מיר דאָס יינגל אום.

מיט אַ שלאָגנדיק האַרץ שרייַבט ער בריוו צו אים:
„קאַרל, אָרעם בלוט מייַנס!
אייביק אומפֿאַרגעסלעך יינגל!
פֿאַרגעס נישט אין דיין עלנטן פֿעטער.
מיין ליבשאַפֿט צו דיר, איז מוטערלעך.

כ'האָב אַזויפיל פון מיין לעבן דיר אָפּגעגעבן.
מיין אָטעם — מיין פרייד און מיין טרויער
איז אין דיר, אין דיר, מיין קאַרל —
און טראָגסט מיין האַרץ אין דער פרעמד אַרום.
כ'וועל אַן דיר אפילו נישט קאָנען שטאַרבן".

האַרבסטיקער מעת־לעת. ווילדע אָוונט־שעה'ן.
ער רעדט מיט פייער צום פעלד — ביינאַכט,
און עס ציטערן פון שרעק זיינע געלע פינגער.
דער כוח פון באַשאַף מאַכט אים אַזוי אומרואיק יונג,
אַז עס ווייטיקט נישט מער אין אים די טויבקייט,
וואָרעם בלויז מוזיק קאָן שטילן זיין בענקשאַפט צום יינגל.

*****

אַ מענטש טונקלט אין פאַררויכערטן ליכט.
אויף זיין טיש — אַ לעמפּל אין שטומקייט ברענט
און בויגט אים מיד נאָך שלאָף אַראָפּ.
אַלץ אין אים איז טריב און פאַרשניטן.
ער זיצט, ווי פון ליים, אָן אַ לעבעדיקן ריר;
דאָס העמד צעקנעפּלט פון איבערגעגאָסענעם שוויס,
ביז פונעם ליים ווערט אַ בעטהאָווען צוריק.

פאַר זיין אויג — קאַרלס בריוו;
כתב פון יינגלישן גלוסט נאָך זעלבסטמאָרד אין דער פרעמד,
מאַכט לודוויגן צעריסענער און שטאַרבנדיקער.
ניין, עס איז נישט דער צער פון קראַנקן לעבן,
נאָר אַ טרויער וואָס עסט ווילד זיין גוף,
ר'איז אַליין, אויף שטענדיק אָן קאַרלען אַליין.

אַזאַ שטרענגער שוויג בליקט פון זיינע טיפע אויגן
און קוקט אָנגשפּאַנט אויף צעוויקלטע נאָטן.
זיין האַנט רירט זיך נאָך אַ ביסל פרייד־באַשאַף
דורך פּסאַלמען און וואַרעמען גענאַד,
ווייל אָנעם יינגל שלאָגט שטאַרקער די בענקשאַפט,
און עס ווערט פון אים אומעטיקע פרייד.

און עס ווערט פון אים דרימל און העלער חלום:
אַ דאָרפישע נאַכט שפּאַלט זיך מיט דונער און בליץ
און וויקלט אויס פון פייער די טאָכטער פון עליזעאום.
עס רעדט איר שטים אין לודוויגס חלום:
„רוף דורך דיר צו ברידערלעכקייט!
גיס אויס דיין „אַדאַזשיאָ״ אין תפילה צו מיר,
אַז הימל און ערד זאָלן דיינע הייזעריקע טשעלאָס הערן. —

דאָס „עליזעאום״ אין פלאַמען ווערט נישט פאַרצערט,
נאָר וועקט אין לודוויגן דאָס געטלעכע צו זיך.
ער איז, אין חלום, מעכטיק די הימלען צו עפענען,
פאַר דער תפילה פון די מענטשן־ברידער,
פאַר דער גרויסקייט פון זיין אייביק געזאַנג
איבער אַלע זיבן ימען פון באַשעפערס וועלט.

*****

אויף זיינע דאָרפישע ווענט אַ פאַרקאַלעכטע טריבקייט.
די שטוב שמעקט מיט פאַרלעגענע חפצים,
און ער שפּאַנט מיט האַרטע טריט איבערן דיל.
אַ פאַרטרערטער מענטש מיט פאַרבראָכענע הענט,
קניט ער פאַרביסן ביים יינגלס לערן בעט,
און רעדט צו קאַרלס פאַרוואַלגערטע שיך:
— אַ גאַט, מיין יינגל, פאַרלאָז אים נישט.

שווערע פאַרקילטע טעג.
אַזאַ קאַלטער געוויטער טראָגט זיך איבער דער ערד —
און לודוויגס בלוט שלאָגט ווילד אין די שלייפן.
ער לייענט אויפסניי איבער קאַרלס ווייטע בריוו,
פון זיינע אויגן ציטערן אַרויס טרערן, פאַרלאָפענע
מיט אַזאַ הייסקייט אין יינגלס כתב אריין.

גרויסער עלנט.
אינעם פאַרגעלטן אַרכיוו פון אַמאָליקע אַלטע בריוו,
זוכט ער היימלעכקייט פאַר זיין געפאַלנקייט.
כתב־ידן — היימישע, יוגנטלעכע און משפּחהדיקע,

פון לאַרכען, פון טערעזען און פון די ברידער,
מאַכן אים פריש גלייביק און תפילהדיק,
אַז ער ווערט אַזש אליין ייִנגליש צו דער וועלט.

אַלטע, באַנגע בריוו מיט שטעט און לענדער;
מיט יוגנטלעכער בענקשאַפט צו מענטשן און ימען,
און צו מאָצאַרטן, היידנען און באַך. —
מיט אַ וואַנדערדיק האַרץ גייט ער צו געטען אַוועק
דורך די טעג, חדשים, פון נאַפּאָלעאָנס שלאַכטן. —
איצט איז ער פון אַלע בריוו אַ טויבער פאַרבליבן.

שרייענדיקער ווינט איבער די טאַגיקע פעלדער.
זיין גרויסע טיר —טויב פאַרהאַקט.
זיינע פענצטער מיט הויכן שטרוי פאַרלייגט.
איבער צעוואָרפענע פויערישע שוועלן ליגן שעפּסן
איינגעטוליעטע פון קעלט איינע אין די אַנדערע אַריין,
און שוידערן אויף מיט די פעלן פונעם ערשטן שניי.
אַ, סמוטנע זיינען די מעת־לעתן פון דעצעמבער
אין געטלעכן זעלנדאָרף.

## זיבעטער קאַפּיטל

# נצחון

סוף־טעג אויפן געבויגענעם קראַנקן בעטהאָווען.
ער רעדט פון האַרץ צו אַנגעוואָרפענע נאָטן
וועגן גאָט, פרייד און ברידערלעכקייט.
אויסגעשטערנטער פראָסט מאַכט גרין זיינע שויבן,
און טונקל וואַרעם קוקן זיינע שלאָפע אויגן
צו דער אומהיימלעכער נאַכט אַרויס —
אַלץ פאַר זיינע בליקן גלוסט צום שטאַרבן.

אַזוי הימליש העל זיצט ער ביי זיין מוזיק כתב
און קריצט טיף די סימפאָניע די „ניינטע״ . . .
פאַר זיין פאַרעקשנט געזיכט ליגן ספרים.
שילערס אָדע — ביבליש אויפגעבלעטערט —
שרייט מיט רופנדיקע אותיות צו דער וועלט,
און צו דער „טאָכטער פון עליזעאום״.

אײביק מענטשלעכע פּסוקים זינגען פון דער „אָדע“,
און מאַכן פּריש, יונג, זײַן לעבט ביסל לעבן —
ווײַל אַלע — אַלע ווערן פרײדיק זײַן מוזיק צעוויגן,
מיט טרויעריקע טשעלאָס די גרויסע ערד צעפירן.
אָ, דער כּוח פון זײַן „אַדאַזשיאָ“,
וועט רירן דעם מענטשן און גאָט.

נאַכט, ווינט און שניי דורך זײַן טיר ציט
און פאַרצאַפּלט דעם לאָמפּ אויפן טיש.
צעטראָגענע הענט און צענומענע הויכע האָר,
וואַרפן זיך נאָך זײַנע פינגער, הייס איבער קלאַווישן,
און דורך אָפּענעם העמד הייבט זיך האַסטיק זײַן ברוסט
פונעם ווילדן שפּילן אויף פּיאַנאָ.

אַ שניי פאַרציט מיט הויכן פראָסט זײַנע פענצטער,
פון די שויבן ווערן ווײַסע, אויסגעמאָלענע לעמער.
אַזויפיל גלײַבן איז איצט אין אים פאַראַן,
אַז ער איז אַליין מיט לאַנגע נאַכט אין שטוב
אַ פאַרגעסענער אָן שלאָף, אָן אַ ביסל עסן,
און שפּירט נישט די ציענדיקע שרעק פון קעלט,
נאָר זיצט טויב מיט כּתב איבער האַרט פּאַפּיר,
נביאיש אין חצות אָנגעבויגן.

***

ווײַס־פאַרשאָטענע ביימער וויגן זיך אין ווינט,
און גרין בליט זײַן פענצטער קעגן דער לבנה.
אָנגעשנייטע פלאַכן הייבן זיך פאַר זײַנע אויגן
מיט אויפגייענדיקער בענקשאַפט צו טערעזע,
און צום שטילן בלאָ פונעם רהײַן — לעם באָן.
די ברייטע, ווײַסע רו פאַר זײַן אויפגייענדיק געזיכט,
וועקט יונגן לוסט אין זײַן פאַרקילט בלוט.

אין די לאַנגע חצותן פון דער סימפאָניע, „דער נײַנטער“ . . .
שאַרכט אומרואיק זײַן פעדער אויף פאַרגעלט פּאַפּיר
מיט אַזאַ אײַנגעקריצט לעבן, וואָס גייט אויף נאָכן שטאַרבן.
אַזאַ אָנגעשטרענגטער שווייס רינט אָפּ פון אים
און שלאָגנדיק היצט זײַן האַרץ מיט ווידוי.

אַ, ווילד ווערט ער פון צופיל באַשאַף!
פון זיינע לאַנגע נעכט ווערן תּפילות.
אַ ברידערלעכע פרייד איז איצט אין אים פאַראַן
און אַן אויסגעשריגן קול פונעם גאַנצן מענטש,
צעשויבערן זיינע האָר און צערן אויס זיינע פינגער —
דער כּוח פון גרויסקייט רייסט זיך פון זיין גוף.

לודוויג אויף בלודנעם געלעגער אַנגעשפּאַרט.
אַ טיש מיט לאָמפּ צו זיינע אָרעמס צוגערוקט
נאָענט צו זיין געזיכט — האַרט פּאַפּיר,
און פאַרשטאַרט לייענט ער די קאַפּיטלען פון דער „ניינטער” . . .
ער גייט מיט פאַרזיכטיקער פעדער אַלץ אויפסניי אַדורך, —
פאַר וויאָלאָס בייט ער די נאָטן טיפער ,דינער,
און פאַר טשעלאָס שרייבט ער זיינע נאָטן ברייטער.
ער באַוועגט אין זיך אַלע שטימען וויגנדיק,
און ווערט די פרייד אַליין.

אויסגעטראַכטע מענטשן־ברידער זיינען אין זיין שטוב אַצינד,
און פון צופיל גאָט פילט ער איצט ניט די ערד.
פרייד און טרויער ראַנגלען זיך אין זיינע אָדערן
און רעדן דורך זיין קראַנקן מויל אַרויס:
אַ, אַלע — אַלע וועלן זיין גרויסן רוף דערהערן,
ווייל אַלע מענטשן וועלן ברידער ווערן.

⁂

האַרטע פּראַסטיקע ערד אינעם חודש שבט.
ווינט — דאָס געוויין פון דער וועלט,
וואָיעט היינט אומעטיק אין זיין שטוב אַריין.
לודוויג מיט פייכט־פאַרלאָפענע אויגן — אויפן געלעגער,
הערט ניט דעם זאַווי איבער זיין דאַך.
ער ליגט אַ צעפאַלענער אין קראַנקן העמד
און קוקט שווינדלדיק צום באַלקן אַרויף.

פונעם בעט, מיט זיינע בלינדע הענט אַראָפּגעלאָזט,
זוכט ער מיט די פינגער אַ טראָפּן וואַסער,

און רירט־אָן זײַנע־אויסגעטאָענע קלײדער אויפֿן דיל.
זײַנע אויגן שטום, שטאַר און גרויס,
שטייען אָפֿן דאָס שטאַרבן אַרײַנצונעמען.
ער ליגט ווי לויזער בלײַכער גיבס צעגאָסן —
אַ ריר פֿון עמיצנס אַ האַנט — און ער צעפֿאַלט.

אַ פֿויערישער שומר ביי אַ טריפֿנדיק ליכט,
וואַכט איבער זײַן פֿרייער, קאַלטער נאַכט.
צעוויקלט ליגט לודוויגס „הייליגנשטאַטער צוואה"
פֿון גרויסער ברידערלעכער בענטשונג פֿאַרשריבן —
אַ מחילה אַזאַ — אָן גרימצאָרן, אָן שעלטונג, פֿאַרשריבן
צו אַלע מענטשן פֿון דער גרויסער וועלט,
אַז הימל און ערד זאָלן עס הערן.

דאָרפֿיש, אײנציק, שטייט זײַן הויז אינמיטן ווינטער.
מיט אָנגעשאָטענעם שניי און בלענד, בליען די פֿעלדער
און מאַכן פֿאַרבלאָנדזשעטער די וועגן פֿון דער נאַכט.
פֿאַסטאָר אמענדא, אײלנדיק און אַלט,
גענענט אָן אָנקומענדיקער מיט שניי אויף זיך,
און אַ געריסענער פֿון זאָווייען וואַקסט ער אויס
מיט הויכע כאָלעוועס און אַ תהילימעל־ווידוי.

פֿרעמד שלאָגט־אָפּ דעם שומרס ליכט אויף אמענדאן.
פֿון פֿאַסטאָרס שטעקן פֿאַלט בייז דער שניי אַראָפּ,
און זײַן אָנגעברענגטע קעלט פֿאַרקילט די שלאָפֿע שטוב.
בעטהאָוון אונטער אײנגעדעקטן, שטילן לײַלעך,
שפּירט איבער זיך די מאָנאַכישע פֿינגער,
זײַן ליימיק שווײַגנדיק געזיכט — אָנגעבויגן, —
אָנגעבויגן מיט רייד און פֿרייד פֿון „עליזעאום".

***

א לאָמטערן אויף ווייסער דרויסנדיקער טיר אָנגעהאַנגען,
צאַפּלט פֿינטלדיק און עלנט אין פֿינצטערן ווינט,
און רופֿט, ווי דורך עמוד אש, צום גרויסן קלוגן וועג.
פֿון אומעטום־פֿעלד ציען מענטשן אַהין, אַהין...
דעם שטאַרבנדיקן בעטהאָוון צו זען.
משפּחות, חברים — אין דער אָנגעלאָפֿענער שטוב,

שטייען אָפּגערוקט פון שרעק — אַרום זיין צוקאָפּנס,
און פון צופיל טרויער רעדט קיינער ניט איינער צום אַנדערן.

גאָט פון נצחון שלאָגט פון לודוויגס גסיסה.
די רייד פון זיינע פאַרחלשטע ליפּצן,
מאַכן קראַנק, ווילד און לאַנג דעם מעת־לעת,
און אַלעמענס אויגן שטייען האַרט און אָנגעשטעלט
אויף זיין רגעדיקן אָטעם־צוג,
וואָס שלאָגט לאַנגזאַם דאָס לעבן אַרויס.

עס פאַרהאַרטעוועט ביסלעכווייז, ווי גיבס, זיין גוף,
און פון אויסגייענדיקן האַרץ פאַלט־אָפּ זיין אָטעם;
מאַכט שווערער דעם טויט פון דער גאַנצער שטוב.
אַ געוויין שטייט פאַרגליווערט אין אַלעמענס אויגן,
ווען מיט אַלטן איינגעלאָפּענעם קול
לייענט דער פּאַסטאָר די „הייליגנשטאַטער צוואה":
— ליב די וועלט דורך ברידערלעכקייט!

לודוויג מיט האַלבע־אָפענע אויגן אויף קישן,
פאַרוואָרפט דעם קאָפּ, שאַרט מיט די בלינדע הענט,
ער וויל קאַרלען און די ברידער אָנטאַפּן.
איינגעצויגן ווערט דער פחד פון אַלע אָנגעזאַמלטע מענטשן,
און שווייס איינגעהאַלטענער, שטומער, פון איטלעכן רינט.
עס הענגען אַלעמענס קעפּ קאַלטע צום דיל אַראָפּ —
אין אַ נאַכט אַ שווערע פון נאָסן חודש מערץ.

אַזאַ פאַרגליווערטע גסיסה וואַקסט אין לודוויגן אַריין
און טריפט אויס דעם גראַ פון זיינע טויאיקע אויגן.
פון זיינע חלפדיקע ליפּן — לעצטע אָפּגעריסענע רייד:
— גאָט, פרייד און ברידערלעכקייט,
איז דער מדות פון מיין מוזיק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ער פאַלט מיט נצחון אין שטאַרבן אריין
פאַר הימל, פאַר ערד און פאַר מענטש.

1940־1936
שיפּסהעד בעי, נ. י.

# אין אַ פרעמדע וועלט

(דערציילונג)

## ע. פערשלייסער

1

אַנטאַן איז געקומען אין אַמעריקע אין אַ שיף פול מיט עמיגראַנטן — אַ דאָרפישער שייגעץ, אָנגעטאָן אין פויערישע מלבושים, מיט אַ דיק קופּערטל באַשלאָגן מיט אײַזערנע רייפן, וואָס ער האָט לייכט אַרויפגעוואָרפן אויף זײַנע געזונטע פּלייצעס. ער איז געקומען פון אַ דאָרף אין קליין־פּוילן, אַ פאַרוואָרפן דאָרף, ווייט פון שטאָט, אַ קליינער ישוב אינמיטן פון פלאַכע, ענדלאָזע פעלדער... פויערים לעבן דאָרט אין נידעריקע, מיט שטרוי באַדעקטע כאַטעס, אַ סך מאָל מיט זייערע קי און חזירים. די אָרימערע קומט אויס שווער דורכצושטופּן דעם לאַנגן ווינטער מיט די לעצטע געפּרווירענע קאַר־טאָפליעס. מיט אומגעדולד וואַרט מען אויף ערשטן וואָרימען בליאַסק פון זון זיך נעמען צו דער אַרבעט, אַרויסצוקריגן אַ שטיקל ברויט פון דער ערד. די גאַנצע משפּחה, קינדער און ווייבער אַרבעטן פון זון־אויפגאַנג ביז נאַכט. אַן אָרים, פּרימיטיוו לעבן, אָבער אַ לעבן פון דורות ערד־מענטשן, וואָס איז אַריינגעוואַקסן אין בלוט און ביין.

אַנטאַן איז אויסגעוואַקסן אין אַ קליינער, פויערישער באַלעבאַ־טישקייט, אויסגעוואַקסן אַ געזונטער, דאָרפישער שייגעץ מיט ברייטע פּלייצעס, אַ גוטער אַרבעטער, ווען די שטוב האָט ניט געקענט אײַנהאַלטן...

איין נאַכט האָט אַ פייער אויסגעבראָכן אין דאָרף. אַ לעבעדיקער ווינט האָט אונטערגעבלאָזן. די פייערדיקע צונגען האָבן זשעדנע געקנאַקט, געגעסן מיט גרויס הנאה די טרוקענע, מיט שטרוי באַדעקטע שטיבער. איידער די פאַרשלאָפענע פויערים האָבן זיך געכאַפּט עפּעס טאָן, איז אַ האַלב דאָרף אוועק מיטן רויך. די שטוב וואו אַנטאַן איז אויסגעוואַקסן האָט אָפּגעברענט ביז צום גרונט. אַנטאַן האָט באַקומען פון אַ ווייטן קרוב אין אַמעריקע אַ שיפסקאַרטע און באַגלייט פון וויינענדיקע טאַטע־מאַמע, האָט ער זיך געלאָזט אין ווייטן לאַנד.

דער דאָרפישער שייגעץ איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַן אַנדערער וועלט, דער ריזיק גרויסער שטאָט, אויף וועלכער ער האָט געקוקט מיט נאַריש געוואָרענע אויגן, פול מיט וואונדער און שטוינען. די גרויסע שטאָט האָט צעטומלט זײַנע חושים — ווי

טויזנטער באַנען וואָלטן געפאָרן איבער זיין קאָפּ. ער איז געווען ווי אַ קינד, וואָס מ'דאַרף פירן פאַר דער האַנט. ער האָט זיך ניט געוואָגט אָפּצואוועקן אויף אַ גרעסערן מהלך פון הויז, וואוהין דער קרוב האָט אים אַראָפּגעבראַכט. דערנאָך איז ער אוועק אין אַן אייזן־פאַבריק אַרבעטן. די פאַבריק איז געווען ריזיק־גרויס. מען האָט דאָרט געקענט פאַרבלאָנדזשען. די מאַשינען האָבן ווילד געליאַרעמט און אַרום די מאַשינען זיינען ארומגעלאָפן, פאַרהאָוועטע, שוויצנדיקע מענטשן. עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן געברענט אַ גאַנצן טאָג. אַנטאָן האָט געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג און ווען ער איז אהיימגעקומען און זיך געוואָרפן אַ מידער אויפן בעט, האָט ניט אויפגעהערט דאָס מאוימדיקע ברומען און זשוזשען און דראָענדיקע סיטשען און פייפן... און די געדיכטעניש פון מענטשן אויף די גאַסן... און דער משוגענער, ווילדער געערודער אָן אָפּשטעל טאָג און נאַכט... אַנטאָנען איז געווען שלעכט צום אויסגיין... אין היימישן דאָרף איז אַלץ געווען אַזוי אַנדערש... ער האָט באַקלאָגט דעם טאָג, וואָס ער איז אוועק פון דער היים...

די קרובים און לאַנדסלייט האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער זאָל זיך ארויסשלאָגן די היים פון קאָפּ, — האָבן זיי אים געמוסרט. אמעריקע איז אַן אַנדער לאַנד... ער וועט זיך אויסגרינגען, איינבירגערן... אין אָנהייב פילט זיך איעדער שלעכט... זאָל ער זיך ניט קלאָגן... ער האָט אַ גוטן דזשאָב... זאָל ער שפּאָרן געלט. אז ס'וועט ווערן „סלעק", אָדער אַ קריזיס, וועט ער ערשט זען וואָס שלעכט הייסט...

אָבער אַנטאָן איז ניט געווען געטרייסט. אנשטאָט צוצוגעוואוינען זיך איז אים שווערער געוואָרן. אַזאַ שווערער אומעט, אַזאַ ווילדע פרעמדקייט דאָ. אין די שלאָפלאָזע נעכט איז אים אַן אימה באַפאַלן... אַ שווערער קאָשמאַר איז אויף אים געלעגן און צעדריקט די ברוסט... אין אַ פרייער מינוט האָט ער ניט געוואָלט ארויס אין גאַס, זיך געוואָרפן ווי אַ קראַנקער אויף זיין בעטל, זיינע ליפּן האָבן זיך וויטאָגדיק געקרעמפּט, זיין פאַרווירטער בליק האָט זיך אָפּגעווענדט פון דעם פאַררויכערטן שטאָטישן הימל... אין די חלומות איז ער ווידער געווען אינדערהיים, אין די היימישע פעלדער, צווישן נאָענטע באַקאַנטע מענטשן...

אין אַ צייט אַרום האָט די מאַשין, ביי וועלכער ער האָט געאַרבעט, אַ ריזיקע מאַשין, וואָס האָט געשניטן אייזערנע שטאַנגען, ווי זיי וואָלטן געווען פון טייג, אים צעקוועטשט צוויי פינגער. מען האָט

אים געמוזט אוועקנעמען אין שפיטאל, וואו מ׳האָט אים די פינגער אַראָפּגענומען. אַנטאָן האָט געטראַכט דאָס איז דער סוף. ער האָט געפילט ווי אַ געיאָגטע חיה, וואָס הערט דאָס בילן פון יאָגד־הינט קומען אַלץ נעענטער. אַ ווילדער וויטאָג און פאַרצווייפלונג האָבן אים באַוועלטיקט. דאָס בלוט האָט געגליווערט אין זיינע אָדערן. דער שפּיטאָל דאָקטאָר האָט אַזש אויף אים רחמנות באַקומען, געטרייסט: ס׳איז גאָר ניט, אַ קלייניקייט. ס׳עט זיך פאַרהיילן און ער וועט קענען צוריקגיין צו דער אַרבעט... די מענטשן אין פאַבריק — ווען ער איז צוריקגעקומען — האָבן אים געטרייסט: ער איז מזלדיק, ער דאַרף זיין צופרידן, וואָס ער איז אָפּגעקומען מיט צוויי פינגער... אַנטאָן האָט איצט געהיט די מאַשין, ווי מ׳היט אַ שלעכטן הונט, וואָס האָט זיך שוין איינמאָל אָפּגעריסן פון קייט און צעביסן, געאַרבעט מיט שרעק אין האַרצן...

2

שבת נאַכט. לאַנדסלייט האָבן געפּראַוועט אַ שטיקל שמחה. מען האָט זיך אויסגעטאָן פון אמעריקע, געווען ווי ביי זיך אינדערהיים. די היימישע קולות און די היימישע שפּראַך האָבן דערוואַרימט דאָס האַרץ. ווייבער האָבן צוגעטראָגן צום טיש פולע פּאַלומעסקעס מיט פעטע, פאַרעדיקע מאַכלים. משקה איז ארומגעגאַנגען פון מויל צו מויל. אין באַוואָנסעטער לאַנדסמאַן האָט געבראַכט מיט זיך אַ ציהאַרמאָניקע און זי אויף אַ מינוט ניט ארויסגעלאָזן פון האַנט. בשעת ער האָט געגעסן האָט זי ביי אים אויך ניט געשוויגן. מען האָט דאָ אָנטאָנען באַקאַנט מיט אַ מיידל, וואָס איז אויך ערשט ניט לאַנג געווען אין לאַנד — אַ דיקלעכע, מיט פולע רויטע באַקן און לוסטיקע פייערלעך אין די אויגן... אנטאָן האָט מיט איר זיך צערעדט וועגן דער היים, וועגן דאָרף, וועגן זאַכן, וואָס ער האָט געקענט און וואָס זיינען אים געווען אזוי נאָענט... אויף זיין געלעגער האָט אנטאָן געטראַכט מיט פרייד פון דער באַגעגעניש. דאָס מיידל איז אים אריין אין האַרצן אריין. אין גדאַנק איז ער איבערגעגאַנגען אַלע מיידלעך אין זיין היימישן דאָרף און ניט געפונען קיין גלייכן צו איר...

ער האָט זיך גענומען סטראָיען, געקויפט אַ טייערן, רויטן שניפּס, אַ האַרטן הוט. דאָס רויטע פּנים האָט געגלאַנצט, זיינע גרויע אויגן האָבן זיך צעלויכטן. דער פולער, געזונטער קאַרק איז אויפגעשוואָלן. ער איז געווען פול מיט פרייד און אומרו. ער איז געלאָפן מיט גרויס אומגעדולד זיך טרעפן מיט איר. פאַרשוואונדן דער אומעט, די פאַר־

לוירנקייט. דאָס בלוט האָט געשטורעמט ווי א טייך באַפרייט פון אייז־קריעס. פון מיידלס צד איז ניט געווען קיין מניעה. די קליינע פרויקע האָט געוואָרקעט ווי א טויב און געווען נאָכגיביק און געלאשטשעט זיך ווי א קעלבל. נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן ארומגיין האָט מען געפּראוועט א חתונה. די קרובים און לאַנדסלייט האָבן אלץ באזאָרגט. א גאנצע נאַכט האָט מען געהאָפּקעט און געשיכורט. אַ פידעלע, אַ פּייקל און אַ באַס זיינען זיך צעגאנגען אין היימישע מעלאָדיעס און טענץ, אויפ־געשטורעמט די בלוטן ביי די פאַרזאַמלטע און אוועקגעפירט פון דעם פרעמדן לאַנד אוועק אין דער היים...

אַנטאָן האָט געפונען א נאָענט, וואַרים ווינקל אין דער פרעמ־דער וועלט. זיין וואויעדיק בלוט האָט געפונען רו. ער איז איינ־געפלאָכטן געוואָרן אין שטורעמדיקן געלאָף מיט וועלכן די גרויס־שטאָט טרייבט אירע מענטשן. די מאַשין האָט ווי אַ הונגעריקע חיה געזויגט מאַרך און בלוט. אָבער דערפאַר האָט ער געקראָגן שבת די „פּעי" און דאָס ווייב איז געווען גוט, נאָך בעסער ווי ער האָט געטראַכט. איר גוטסקייט און ווייבערישע שטיפערישקייט האָבן א סך געטאָן אויפצוהייטערן זיין שווער געמיט... און דאָס לעבן גייט זיין וועג — און ס'איז געקומען א קינד, א מיידעלע, אינגאנצן געראָטן אין אַנטאָן, וואָס האָט אים משוגע־גליקלעך געמאכט... אַנטאָן האָט ניט שלום געמאַכט מיט דער שטאָט. ער האָט פאַרטרויט זיין היים־געליבט ווייב באַלד נאָך דער חתונה זיינע טרוימען פון אַ פאַרם, חלומות פון אן אייגן שטיקל לאַנד: — פערד, קי, אייגן ברויט... דאָס איז א לעבן: אַן אייגן שטיקל ערד, אַ באַלעבאָס פאַר זיך, ניט דאָס צוגעגנאָגלט זיין צו דער מאַשין און ניט זיכער זיין אפילו מיטן לעבן... זי, ווי א געראָטן ווייב, כאָטש זי האָט ליב געהאט דאָס טומל־דיגע שטאָטישע לעבן, האָט מיט אים מסכים געווען, געשפּאָרט געלט.

## 3

זיבן יאָר האָט אַנטאָן אָפּגעאַרבעט אין דער זעלבער פאַבריק, תמיד געהאַט א סך אַרבעט. פּלוצים א קריזיס. ס'איז ניטאָ קיין אַרבעט. איינעם א שבת האָט אנטאָן אין קאָנווערטל מיט זיינע שכירות דערזען א געל צעטעלע. מ'וועט אים מער ניט דאַרפן. זיינע שווער אויסגעהאָרעוועטע הענט, וואָס האָבן געהאַלטן דאָס צעטעלע האָבן א ציטער געטאָן. ער האָט עס שנעל באַהאַלטן. מיט צעטומלטע אויגן האָט ער זיך אומגעקוקט צי עמיצער זעט. ער האָט דערזען א סך

אַזוינע פּאַפּירלעך אין די הענט פון ארבעטער. אנטאָן האָט ניט געהאַט דאָס האַרץ צו קומען אהיים מיט דער גוטער בשורה. א פּאָר טעג האָט ער זיך געשטיקט דערמיט. ער האָט געהאָפט, אז באַלד וועט ער קריגן אנדערע ארבעט. ער האָט גאַרניט צוגעלאָזן דעם געדאַנק, אז ס׳קען אַנדערש זיין.

ס׳האָט ניט גענומען לאַנג און דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרטע געלט האָט מען אויפגעגעסן. די שטוב איז געבליבן נאַקעט, אויסגעהוילט פון אלץ, וואָס מען האָט געקענט פארקויפן אדער פארזעצן. אנטאָנען איז געוואָרן שווער צו באַגרייפן פארוואָס מען דארף זיין ארבעט ניט מער. ער האָט געהערט, אז דאָס איז ניט קיין נייעס דאָ אין דעם לאַנד. ער האָט געהערט דערציילן פון פריערדיקע שווערע צייטן. אָבער דאָס מאָל איז נאָך געווען ביטערער ווי פריער, האָבן מענטשן געזאָגט. און ער האָט עס געזען מיט די אייגענע אויגן. וואו ער איז געקומען זוכן עפּעס צו פאַרדינען, האָט ער געפונען מענטשן ווי די פליגן. פּראָצעסיעס גאַנצע אומעטום, איבער דער לענג און ברייט פון שטאָט. אלע ווילן ארבעט, אלע ווילן ברויט. און מען פאַר־טאַכלעוועט טעג מיט אומזיסטיקע זוכענישן. און אין דער היים ווארטן ווייב און קינד, קוקן מיט דערשראָקענע אויגן, זען מיט וואָס ער איז אהיים געקומען. און דער לענדלאָרד ארבעט מעשים. ער וועט ארויס־ווארפן אין גאַס. דירה־געלט זאָגט ער, קומט צוערשט. א ניט נעם איך און ווארף דיר ארויס די זאַכן אויף דער גאַס, דו לויזיקער פּאָליאַק. אומזיסט ווילסטו ביי מיר וואוינען? אַנטאָן איז האַלב משוגע פון צער און נאָכטראַכטעניש. ער רוט ניט. אלץ איז ער גרייט צו טאָן אָבי צו פאַרדינען א שטיקל ברויט. דאָס הויז איז ליידיק, דאָס ווייב קרענקט אונטער און צום קינד דארף מען אלעמאָל א דאָקטאָר. און דער ווינטער שטאַרקט זיך. צום סוף ווערט ער א סיילסמאַן. מען שיקט אים ארום מיט אלערליי שטוב־זאַכן. דער צעוואָקסענער פויער גייט ארום פון טיר צו טיר מיט אן אָנגעשוואָלן רענצל פול מיט זייף, צייג־בערשטלעך, אויל פאַר מעבל. זיין שטומער, פאַרצערטער בליק בעט זיך: קויפט עפּעס. ער האָט א ווייב און קינד וואָס זיינען הונגעריק.

4

איז נאָך אלץ ווייניק, לייגט זיך ס׳ווייב אוועק א קראַנקע. א לאַנגע צייט איז זי ארומגעגאַנגען א פאַרקילטע מיט א שטאַרקן הוסט. קיין געלט אויף א דאָקטאָר איז ניט געווען. איין פאַרנאַכט, ווען אנטאָן

איז אהיים געקומען, האָט ער געפונען אַ שטוב אַ ליידיקע. ס׳איז געקומען אַן אמבולאַנס — האָבן דערציילט די שכנות — און צוגע־נומען ס׳ווייב אין שפּיטאָל און אז דער דאָקטאָר האָט געזאָגט ס׳איז ניומאָניע. וואָס דאָס איז האָט אַנטאָן ניט געוואוסט, אָבער פון זייערע פּנימער איז אים באַפאַלן אַ שרעק.

ער איז תיכף אוועקגעלאָפן אין שפּיטאָל. אָבער מען האָט אים ניט צוגעלאָזן צום קראַנקן ווייב. ס׳זיינען דאָ באַשטימטע שעהן, אַ פּאָר מאָל אין וואָך צו באַזוכן קראַנקע, האָט מען אים דערקלערט. אומזיסט געוועזן זיין בעטן זיך.

אין אַ פּאָר טעג ארום איז דאָס ווייב געוואָרן מסוכן. ווען אַנטאָן האָט זי באַקומען צו זען, האָט זי אים ניט דערקענט. זי האָט געברענט פון היץ, געקרעכצט און גערעדט ווילד, און אירע אויגן זיינען געווען פאַרגלעזערטע. דעם לעצטן טאָג פון איר לעבן האָט מען אים געלאָזט זיצן לעבן איר, אָבער ביינאַכט האָט מען אים ארויסגעטריבן, כאָטש ער האָט זיך געבעטן מען זאָל אים לאָזן בלייבן אינדרויסן פאַר דער טיר. ווען ער איז געקומען צולויפן דעם צווייטן פרימאָרגן, האָט ער שוין געטראָפן אין איר בעט אַ פרעמדן מענטש. זי איז ביינאַכט גע־שטאָרבן.

אַנטאָנען איז אָנגעקומען מיט גרויסע צרות צונויפצוקריגן דאָס ביסל געלט פאַר דער לויה. דער גלח האָט מסכים געווען צו וואַרטן ביז אַנטאָן וועט קענען באַצאָלן. אַלץ איז צוגעגאַנגען אזוי שנעל, אז דער וואָגן מיטן מת איז שיער ניט אוועק אויפן בית עולם אָן אַנטאָנען. ניט דער גלח אַליין נאָר זיין באַהעלפער, אַ יונג גלחל, האָט אָפּגעזונגען און אָפּגעזאָגט זיינס... דער פריש אויפגעגראָבענער קבר האָט געוואַרט. מען האָט אַראָפּגעלאָזט די טרונע. אַנטאָן האָט מיט אַ פון צער פאַרקרעמפּט פּנים געהאָלפן פאַרשיטן דעם קבר. דערנאָך האָט מען אַנטאָנען אוועקגעשלעפּט צו קרובים. מ׳האָט דערלאַנגט עסן און משקה. ווי ס׳פירט זיך נאָך אַ לויה. אַ באַרעמהערציקע ווייטע קרובה האָט זיך אונטערגענומען צו געבן דער געבליבענער יתומה אַ היים און זי אויפהאָדעווען ווי אַן אייגן קינד. אַנטאָן האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט פאַר איר צאָלן אזוי גיך ווי ער וועט קריגן ארבעט.

## 5

אַנטאָן איז געוואָרן אַ גאַסן־שלעפער, אַ „באָם". אַ מענטש, וואָס האָט ניט אָפּצועסן, ניט וואו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. ער איז געשלאָפן

אין פּאַרק אויף אַ באַנק, געזוכט אביסל וואַרעמקייט אין די לאַטרינעס פון דער אונטערערדישער באַן. ער איז געוואָרן קויטיק, די אויגן רויט, דאָס פּנים איינגעפאַלן, שלאַבעדיק. אַ מיאוסער ריח האָט זיך פון אים געטראָגן. פריערדיקע באַקאַנטע און פריינט האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים, אָדער אים געשפּיזלט מיט חשד, מיט רוגזהדיקע בליקן.

דאָס אומגליק האָט אים געגריזשעט ביז משוגעת. אַן אויפהער האָט געפּיקט דער געדאַנק. ער האָט געוואָלט פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס אומגליק איז אויף אים געקומען, פאַרוואָס נאָך אַזויפיל יאָרן שקלאַפישער אַרבעט און אָפּגעבן אַזויפיל כוחות דער מאַשין איז ער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן און קיינעם אַרט ניט און ס'איז ניטאָ קיין וועג ווי זיך צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג. ער האָט אַ סך געטראַכט פון גלח אין דער היים, אין פּוילישן דאָרף, וואָס האָט געוואוינט אין אַ ווייסן הויף לעבן קלויסטער. דער גלח איז געווען אַ יונגינקער, אַ הויכער, מיט אַ דאַר פּנים, אַ פּנים פון אַ הייליקן אויף די בילדער מיט גרויסע פייכטע אויגן. אַ סך מאָל האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן איבערן דאָרף, אַרויס אין די פעלדער מיט אַ ספרל אין האַנט, מיט יעדן איינעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ריידן... פון דעם קוק פון זיינע גרויסע, ליכטיקע אויגן איז שוין גוט געוואָרן אויף דער נשמה... און דאָ יאָגט מען אפילו פון קלויסטער, ווייל ער איז אַ „באַם"... אָך, ווען ער קען ריידן מיט זיין היימישן גלח... אַ גרויסע טרייסט וואָלט עס פאַר אים געווען. אָבער דאָ קען ער ניט ריידן ניט צו מענטש, ניט צו גאָט. דער גאָט, וועלכן ער האָט געקענט פון היימישן דאָרף, דער גאָט וועמעס אָנוועזנהייט ער האָט געפילט זונטיק ביי דער הייליקער מעסע אין קלויסטער, אין אומעטיקן, ברומענדיקן געזאַנג פון קניענדיקע מענטשן, וואָס האָט גערעדט צו דער נשמה פון דער שטילקייט פון פעלד און וואַלד, דעם גאָט האָט ער ניט געפונען איצט, ווען ער האָט זיך גענויטיקט אין אים. ער איז ניט געווען דאָ אין דעם פרעמדן לאַנד...

איינמאָל איז ער אַוועק זונטיק אין קלויסטער אַריין. ער האָט געדאַוונט מיט טיפן צער און הכנעה, געבויגן דעם קאָפּ צו די קאַלטע שטיינער און געקושט די פיס פון דער הייליקער מאַריע. דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעשטעלט וואַרטן ביז דער גלח וועט אַרויסקומען... אפשר וועט ער אים אַן עצה געבן, אפשר וועט ער אים העלפן... ער איז געשטאַנען און געשטאַנען. דער גלח, אַ פעטל־דיקער, אַ רויט־פּנימדיקער, איז געווען אַרומגערינגלט מיט די זונטיק־

פּאַרפּוצטע מתפּללים און צו זיי געשמייכלט און געדריקט זיי די הענט. ווען אַנטאַן איז צו אים צוגעקומען האָט ער אים אַ רוגזהדיקער געפרעגט צי ער וואוינט דאָ אין דער געגנט און ווען אנטאַן האָט דאָס באַשטעטיקט האָט ער אים געהייסן קומען זיך פאַרשרייבן ביים קאָמיטעט פון פּרויעץ, וואָס זאָרגט פאַר די בויטבאַדערפטיקע. אַנטאַן איז אַוועק אַ פאַרשעמטער, אַ צעבראָכענער.

6

פאַרוואָס באַנעמען זיך אַלע צו אים ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרברעכער, אַ גנב, אָדער אַ מערדער? אַלטע באַקאַנטע ווערן אומרואיק, אַז ער קומט צו זיי צו אַזוי ווי מ׳וואָלט מורא געהאַט זיך אָנצושטעקן פון אים מיט עפּעס אַ קרענק. אפילו צו זיין אייגן קינד האָט מען אים שוין אַריינגעלאָזט איינגאַנצן אויף עטלעכע מינוט און געשטאַנען איבער אים, ווי מ׳וואָלט מורא געהאַט איבערצולאָזן אים אַליין מיט זיין אייגן קינד... אַ סך מאָל האָט ער געפונען די טיר פאַרמאַכט און מען האָט ניט געעפנט אויף זיין קלאַפּן, כאָטש ער האָט געהערט קולות פון שטוב. אנטאַן קאָן ניט באַגרייפן אַזויפיל שלעכטס. קיינעם אַרט ניט. זאָל ער אויסגיין, זאָל ער פּגרן. זאָל ער זיך אויפהענגען. ער האָט ניט איינמאָל געטראַכט פון אויפהענגען זיך. דער געדאַנק האָט געלאָקט און געמאַניעט. ער האָט געזען פאַר די אויגן קיליאַנען, דעם סטאָליער פון פּוילישן דאָרף, וואָס האָט זיך אויפגעהאַנגען ווען דאָס ווייב האָט אים איבערגעלאָזט און אַוועק מיט אַן אַנדערן. אָבער אין אַנטאָנען איז די צוגעבונדנקייט צום לעבן געווען צו שטאַרק.

7

אַ באַקאַנטער לאַנדסמאַן האָט אנטאָנען איינמאָל אָפּגעשטעלט און אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל אַרבעטן, זאָל ער אַוועק אויף דעם און דעם אַדרעס אין קאַנאַרסי. דאָרט בויט איבער אַ לאַנדסמאַן אַ הויז. אפשר וועט ער פאַר אים האָבן אַרבעט.

ווען אַנטאַן איז געקומען צו דעם פּלאַץ איז די אַרבעט שוין געווען כמעט אָן אָפּגעטאַנענע און פון בטולדיקן, ברוגזן קוק פון באַלעבאָס האָט אַנטאַן פאַרשטאַנען אַז ער וואָלט ביי אים סיי ווי סיי ניט באַקומען קיין אַרבעט. אנטאַן האָט זיך מישב געווען, אַז ער וועט זיך דאָ אַרומקוקן אין דער געגנט, אַרומזוכן, אפשר וועט ער דאָ עפּעס געפינען צו טאָן.

קאַנאַרסי ליגט ביים דזשאַמייקער ים־אויסגוס און אַ סך ליידיקער

פלאַץ איז דאָ פאַראַנען: גרויסע זומפּן, באַוואַקסן מיט טראַסטינעס וואָס ציען זיך צו די ברעגעס פון ים, און גאַנצע שטרעקעס אָפּגע־רייניקטע פעלדער, וואָס גיבן אַ גוטע גערעטעניש כּלערליי גרינצייג. דאָס איז אַן אָרימע געגנט וואו ס׳וואוינען אַ סך איטאַליענער און אַנדערע פּרעמדגעבירטיקע. אַנטאָן האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַר־בעט אָבער אומזיסט. ער איז פאַרקראָכן אין די פעלדער. ס׳איז שוין געווען אָסיען און די פעלדער זיינען געלעגן נאַקעטע, באַדעקט דאָ און דאָרט מיט ווילדגראָז און איבערבלייבעכצן פון גרינצייג. אַנטאָן האָט אייניקע געקענט, אַנדערע ניט. אָך, ווען ער קען דאָ קריגן אַ שטיקל לאַנד, אָהער אַרבעטן דאָ אין די פעלדער. דעם געוועזענעם פּויער האָט די בענקשאַפט צו דער ערד אַ זעץ געטאָן אין האַרץ. ער האָט זיך דערמאָנט וויפיל מאָל ער האָט איבערגערעדט מיטן ווייב, ווי ער וועט קויפן אַ שטיקל לאַנד, ווערן אַן אייגענער באַלעבאָס, האָבן אַן אייגן שטיקל ברויט, ניט שקלאַפן ביי דער מאַשין. אַלץ וואָלט איצט אַנדערש געווען. ס׳באַפאַלט אים אַ גרויסער צער און אומעט. ער פילט זיין לעבן ווי אַ שווערן מיל־שטיין וואָס שלעפּט אים אַראָפּ אין די טיפעניש. ער טרינקט זיך און ער איז אַליין, אַן אַ נאָענטן מענטשן, אַ היימלאָזער נע־ונדניק, ערגער פון אַ בעטלער, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויף די וועגן איבער די דערפער. אויף אַזאַ איינעם האָבן מענטשן רחמנות געהאַט, אריינגענומען אין שטוב, געגעבן אָפּצועסן. ערגעץ האָט אַזאַ בעטלער פאַרט געהאַט אַן אָנהאַלט, אַן אָרט פון וואַנען ער איז געקומען, אפשר אָ ווייב און קינדער צו וועלכע ער האָט זיך אומגעקערט נאָך אַ לאַנג אַרומוואַנ־דערן. און דאָ איז ער אַ פאַרלאָרענער, אַ פרעמדער, גאָרניט צו דער־וואַרימען ס׳האַרץ. קיין האָפנונג. וועט אים דאָ טאַקע אויסקומען אויסצוגיין ? . . .

אַרומשלעפּנדיק זיך איבער די פעלדער האָט ער דערזען אַ קליין הילצערן ביידל. ער איז פאַרזיכטיק צוגעגאַנגען. דאָס שטיבל איז געווען אָן אַ טיר, ס׳האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט עטלעכע פאַרראָס־טעטע מכשירים און אַ פּאָר צעריסענע זעק. ניט וויסנדיק אַליין וואָס ער גייט טאָן האָט זיך אַנטאָן ארומגעדרייט ארום דעם שטיבל, אַוועקגעגאַנגען און צוריקגעקומען. ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן שוועל און דאָרט אָפּגעזעסן אַ לאַנגע צייט, פאַרכאַפּט פון אַ שרעקלעכן צער.

ווען ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער האָט ער זיך אויסגעבעט אַ געלעגער פון בלעטער און קאַריניעס. די פינצטערקייט און די נאַכ־

טיקע שטילקייט האָבן זיך רחמנותדיק אַראָפּגעלאָזן איבער אים.

דעם צווייטן טאָג איז זיין ערשטער געדאַנק געווען, אַז ער וועט דאָ בלייבן ביז מען וועט אים פאַרטרייבן. וואו האָט ער צו גיין? ער האָט געפונען אין דער ערד עטלעכע קאַרטאָפליעס, אַ האַלב־צעפוילטע הייפּטל קרויט. ער איז אוועק צווישן די הויכע טראַסטינעס און דאָרט אָפּגעבראָטן די עטלעכע קאַרטאָפליעס ביים פייער פון טרוקענע קאָרטשעס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אומעטום. דאָס קרויט האָט ער אויפגעגעסן רוי. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט וואַנדערן מיט די זומפּן ביז ער איז געקומען צום ים־ברעג. ער איז צוגעקומען צו אַ ווערפט וואו מענטשן זיינען געשטאַנען מיט ווענטקעס און געכאַפּט פיש. ער האָט זיך מיט איינעם פון די פישכאַפּערס אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס און יענער האָט אים געשענקט צוויי פיש־לעך. אַנטאָן האָט אין זיינע געדערים דערפילט דעם טעם פון גע־בראָטענע פיש. פאַרנאַכט האָט ער זיך געלאָזט צו זיין ביידל, גע־טראַכט: זאָל ער נאָר איבערקומען דעם ווינטער, וועט ער דאָ קריגן אַרבעט אין די פעלדער.

ער האָט פאַרדינט אַ פּאָר סענט אין שטאָט און געגאַנגען ביינאַכט אַהיים אין זיין ביידל. ער האָט דאָס ביידל געלאָטעט, פאַרפונדעוועט. וואָכן לאַנג האָט געדויערט ביז ער האָט אויסגעמייסטרעוועט אַ טיר. הינט האָבן זיך דאָ אַרומגעשלעפּט אין גאַנצע גראַמאַדעס און כאַפּטעס יינגלעך זוכנדיק צו עפּעס צוצולייגן אַ האַנט. אין אָנהייב האָט ער געהאַלטן פאַר בעסער ניט אוועקצוגיין פון אָרט. בעסער היטן עס. ער האָט סיי ווי סיי הנאה געהאַט גראָבן זיך אין דער ערד, זוכן אַלערליי וואָרצלען, באַטאַפּן זיי און באַשמעקן. אייניקע האָבן געטויגט צום קאָכן. ער האָט אפילו געפּרוּוווט עפּעס פאַרזייען, אָבער די זון, אַז זי האָט אפילו אַ שיין געטאָן האָט ניט געהאַט קיין כוח צו מאַכן עפּעס וואַקסן. ער האָט זיך אויסגעמייסטרעוועט אַ ווענטקע, געגאַנגען כאַפּן פיש, געפונען פון צייט צו צייט אַרבעט אין שטאָט. געזוכט אויף די בערג אָפּפאַל, וואָס מען האָט געבראַכט אין דער געגנט זאַכן, וואָס מען האָט געקענט נוצן. דאָס בעסטע וואָס ער האָט געפונען איז געווען אַ צעפוילטע קאָלדרע מיט אַרויסקריכנדיקע וואַטע און אַ פּאָר נישקשהדיקע בלעכענע כלים.

זיינע געדאַנקען האָבן אויפגעלעבט נאָך די טעג פון שווערקייט און גליווער. ער האָט געטראַכט, אַז זיין גאַנץ אומגליק איז געקומען פון דעם, וואָס ער איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן. דאָס לעבן דאָ איז אַנדערש. אַלץ איז אַנדערש. ער איז אַן אַנדערער מענטש פון די

שטאַטישע מענטשן. זיי האָבן ניט קיין האַרץ און ניט קיין גאָט.

אַנטאָן האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף די ערד. ס'איז אים גוט לעבן איר. די שטינקענדיקע רויכן פון אָפּפאַל, וואָס האָבן געראויכערט און געברענט דורך די נעכט האָבן דערמאָנט אין די ריחות פון ברענענדיקע קאַרטאָפליע־קאַרטשעס, וואָס די פּאַסטוכער האָבן גע־צונדן אָסיען צייט אין די פעלדער אין דער היים. די שטילקייט און די פינצטערקייט (אין שטאָט איז תמיד ליכטיק) האָט געטאָן גוט זיין געמיט. ער איז פול מיט זכרונות פון דאָרט, וואָס ברענגען אים צער און גליק. אין די בלאָטיקע מיט רעגן און ווינטן זשומעדיקע נעכט, האָט ער געהערט ארומשפרייזן גאָטס געשטאַלט.

אויפגעמונטערט און בטחונדיק האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן פון אומקערן זיך אַהיים, אין פּוילישן דאָרף. ער האָט דאָרט משפחה, מענטשן זיינען דאָרט אַנדערע, היימישע, ניט אַזוינע שלעכטע און געלט־ליבנדע ווי דאָ. דאָרט וועט ער געפינען רו און טרייסט פאַר דער צעטומעלטער נשמה... ער וועט פאַרגעסן דאָס שלעכטע לאַנד...

ווען ס'איז געקומען דער פרילינג, האָט ער זיך מיט גרויס אימפּעט גענומען צו די עטלעכע שטיקלעך פעלד, געמאַכט בייטן, פאַרזייט קאַרטאָפל, ציבעלעס, קרויט און אַנדערע גרינצייג. דאָ איז אפנים געווען א פאַרלאָזן שטיקל לאַנד, ווייל קיינער איז ניט געקומען און קיינער פון די פאַרבייגייערס האָט אים ניט געפרעגט פונוואַנען ער האָט זיך גענומען און וואָס ער טוט.

ער האָט אריינגעלייגט א מאַסע ארבעט אין זיין שטיקל פעלד. ניט אָפּגעטראָטן דערפון. געאַרבעט אין די פאַרנאַכטן און פאַרטאָגן. ס'איז ניט געווען אַזוי אויס נויטווענדיקייט. דאָס ארבעטן אין פעלד האָט אים אָנגעפילט מיט עפּעס א ווילדקייט און עקסטאַז. ער האָט געחלומט פון דעם טאָג ווען ער וועט אראָפּברענגען זיין מיידעלע און זאָל זי זען וואָס איר פאָטער קען אויפטאָן.

אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט צו געניסן פון דער מי פון זיין אַרבעט, זיינען אראָפּגעקומען א פּאָליסמאַן מיט א דיקן איטאַ־ליענער. יענער האָט געשריען און געפּאַכעט ווילד מיט די הענט. אנטאָן האָט אים ניט פאַרשטאַנען — און דער פּאָליסמאַן האָט אים אָנגעזאָגט, אז ער וויל אים דאָ מער ניט זען.

8

די יאָרן זיינען געגאַנגען. אנטאָן איז שוין געבליבן א תושב פון דער געגנט. ס'איז אים היימישער געווען דאָרט, די ווילד־ליאַרעמ־

דיקע גרויס־שטאָט, ניו יאָרק, איז אים תמיד געווען דערווידער. געשראָקן. ער האָט זיך ניט געפילט אזוי ווילד פרעמד צווישן די נידעריקע אָרימע הייזלעך, אין דער נאָענטקייט פון פעלד און הימל. ס'איז אים דאָ אויך לייכטער אָנגעקומען צו דערהאַלטן ס'חיות, קריגן א שטיקל ברויט און אמאָל א פלאַץ צום שלאָפן צווישן די קליין־הענדלער פון בראָנזוויל און איסט ניו־יאָרק. אין אַ וואַרעמען טאָג איז ער פאַרקראָכן אין פעלד אָדער צום ים־ברעג אויסוואַשן די פוילנדע לאַכעס און זיך וואַרימען צו דער זון.

דאָס לעבן פון ארומשלעפער, פון צעשטערענדן עלנד און איינזאַמקייט האָבן אָנגעפילט מיט ווילדקייט, ביטערקייט און האַס. ווי אַ בלוט־זויגנדיקער וואָרים האָט דער ווייטאָג כסדר געטאָטשטעט דאָס האַרץ. דער געדאַנק האָט ניט אויפגעהערט צו פרעגן: פאַרוואָס?

דורכלייענענדיק איינמאָל אין א צייטונג וועגן דער פאַרפלייצונג פון מיסיסיפּי טייך און דער גרויסער צעשטערונג, וואָס זי האָט אָנגעטאָן און וויפיל מענטשן עס האָבן פארלאָרן זייערע לעבנס, האָט פאַר אָנטאָגנען ווי א זעאונג א בליץ געטאָן: דאָס איז די שטראָף, גאָטס שטראָף פאר דער מענטשלעכער שלעכטסקייט. דאָס וועט זיין דער סוף פון דער זינדיקער שטאָט דאָ אויך. דער גלויבן האָט זיך אין אים אַלץ מער פאַרפעסטיקט, אז גאָט וועט שטראָפן די זינדיקע שטאָט און ער וועט זיך נאָך דערלעבן א נקמה.

9

ס'איז געווען דער דריטער ווינטער פון נייעם קריזיס. א מיאוסער ווינטער מיט גרויסע פרעסט און שנייען, וואָס האָט געבראַכט נייע יסורים דער גרויסער צאָל ארבעטסלאָזע און היימלאָזע. צו פאַר־ברענגען די נאַכט אויף דער גאַס איז געווען סכנות נפשות. די היימ־לאָזע האָבן זיך געשטופּט אין די אונטער ערד באַנען, געטוליעט צו די אריינגאַנגען פון הייזער, געלאָפן איבער די גאסן זוכענדיק א וואַרעמע ערציקן פאַרבייגייער.

אין איינער אַזאַ נאַכט האָט זיך אַנטאָן אויך געשלעפּט איבער די גאַסן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. פון קעלער וואו ער איז ביז איצט געשלאָפן האָט אים דער באַלעבאָס צוליב א געקריגאכץ ארויסגע־וואָרפן. די קעלט איז היינט ניט געווען אזוי גרויס און די גאַסן זיינען געווען ריין פון שניי אָבער ס'האָט געבלאָזן א שטאַרקער ווינט, אַ דורכנעמענדיקער, וואָס דרינגט אריין אין די ביינער. ער איז

ארויסגעשפרונגען אלעמאָל פון אַנאַנדער ראָג, צעוואָרפן אנטאָנס לאַנגע האָר און אים געקראָכן אונטערן צעלעכערטן מאַנטל, אונטערן העמד. אנטאָן האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער איז אינגאנצן נאַקעט. ער האָט זיך געיאָגט איבער די פוסטע גאַסן און געמרוטשעט קללות, אויסגעטענהט זיך מיטן איטאַליענער, וואָס האָט אים ארויסגעוואָרפן, אז ער וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען, געסטראַשעט, אז גאָט וועט אים באַצאָלן...

אין זיין מוח איז אויפגעשוואומען א געשעעניש פון זיינע קינדער־יאָרן אין דאָרף: ווי אין א ווינטערדיקער נאַכט האָט מאַטשעקס וויב שפּעט ביינאַכט אַנגעמאכט א גוואַלד, אז איר שלים־מזל, דער שכור, האָט זיך ניט אומגעקערט פון שענק און ווי יונגען האָבן זיך אים ארויסגעלאָזט זוכן און אים טאַקע געפונען ליגן אין ריוו, אין שניי, וואו ער איז אריינגעפאלן און ווי ער האָט זיך ניט געלאָזט אהיימ־פירן. דאָס ברענגט אנטאָנען אויפן געדאנק פון זיין טאַטע־מאַמע. לעבן זיי נאָך? אין די ערשטע יאָרן, ווען דאָס וויב האָט געלעבט, האָט ער אַמאָל זיך מיט זיי דורכגעשריבן אפילו אריינגעלייגט א דאָלער, אָבער פונדעמאָלט אָן ווי אין וואַסער אריין. ניט ער וויס צי זיי לעבן, ניט זיי וייסן צי ער לעבט. ער וואָלט געוואָלט וויסן וואָס עס טוט זיך ביי זיי... הערן וואָס טוט זיך אין דאָרף... ער האָט נאָך אַמאָל געהאָפט, אז ווען ער וועט קריגן ארבעט, וועט ער נעמען די טאָכטער צו זיך, אָבער דאָס וייסט ער איז אומזיסט. ער איז דאָ אנומעלט געגאַנגען זי זען, זיך רייך אָפּגעגאָלט און ארומ־געשוירן די האָר און צורעכט געמאכט די קליידער, אָבער די קרובה האָט אים ניט געוואָלט ארייגלאָזן און די טאָכטער איז דערנאָך גע־שטאַנען קעגן אים — א פרעמדע. ניט זי האָט גערעדט צו אים, זי האָט אפילו ניט געקוקט אויף אים. און דערנאָך האָט אים די קרובה געמוסרט. דאָס האָט אים שרעקלעך צערודערט. צוליב דעם איז טאָקע ארויסגעקומען די געקריגעכץ מיטן איטאַליענער, זיין באַלעבאָס. דער איטאַליענער האָט פון אים געחוזקט: אז ס'איז א ליגן, אז ער האָט גאָר ניט קיין טאָכטער.

אַנטאָן האָט זיך פארוואונדערט דערזעענדיק אן אָפן געוועלבל מיט א פּאָר קוישן נאָך אינדרויסן. צוגעקלעפּט דאָס פנים צום פאָר־לאַפּענעם פענצטער, האָט ער אריינגעקוקט אינעווייניק. לעבן א אַנגע־הייצט אייוועלע האָט ער דערזען זיצן א ברייטע איטאַליענערקע מיט א יונג מיידל. אנטאָן האָט ממש אויף דער הויט דערפילט די וואַ־רעמקייט פון אייוועלע און אויפן גומען דעם טעם פון שפּייז. א

שאַרפער הונגער האָט אים אַ ביס געטאָן. אפשר וועט ער עפּעס דאָרט קריגן. מיט פאַרפרוירענע הענט האָט ער אויפגעמאַכט די טיר און אריין אין געוועלבל. די איטאַליענערקע האָט זיך אויפגעריסן אַ דערשראָקענע: — וואָט דו יו וואָנט? — האָט זי אַ געשריי געטאָן. אַנטאָן האָט געשטאַמלט: — אפשר האָסטו אַן אַלטע באַנאַנע. גיב מיר עפּעס... מער ווי אין עסן איז אים געגאַנגען זיצן אַ ווײַלע בײַ דעם אָנגעהייצטן אײַוועלע. אָבער די איטאַליענערקע דערזעענדיק דעם פאַרוואָקסענעם פרעמדן „באָם" און די שרעק אויף איר יונגער טאָכטערס פּנים האָט אַנטאָנען פאַרשפּאַרט דעם וועג מיט איר גאַנצער ברייט און זיך צעשריען: — אַרויס, דו „באָם!" שוין גיי מיר אַרויס. איך רוף די פּאָליס. איך האָב גאָרניט פאַר דיר. אַרויס פון דאַנעט. אַנטאָן האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם געשריי פאַר דעם וואָרט „פּאָליס" און אַרויסגעלאָפן.

ער איז אַוועק טיפער אין שטאָט, וואו די גרויסע הײַזער גיבן מער באַשיצונג פון קעלט, זיך געשאַרט אַרום די ווענט, וואו דער ווינט האָט אים אַזוי ניט געקלאַפּט אין פּנים. ער איז געווען שטאַרק מיד. ער האָט געפונען אַן אַרײַנגאַנג צו אַ גרויס געשעפט, אַ לאַנגער קאָרידאָר, ווי אַ הייל באַשיצט פון ווינט. ס'איז דאָ כמעט וואַרים געווען נאָך דער אָפענער גאַס. אַנטאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן דער טיר, באַשיצט זיך מיט עטלעכע צײַטונגען, וואָס ער האָט געפונען אין גאַס, אײַנגעצויגן די פיס, זיך אײַנגעקאָרטשעט צו דערהאַלטן די וואַרימקייט אין לײַב... ער האָט איצט געטראַכט פון דער מאַמען זײַנער, דערזען זי פאַר זיך אין פאַרטוך, ווי זי פּאָרעט זיך בײַ דער צעבראָכענטער קיך. ער שמעקט דעם ריח פון קנאַקעדיקע סאָסנע ברעטלעך. ווער ווייס צי זי לעבט. ער וואָלט זי נאָך אַמאָל געוואָלט זען. ער האָט דערנאָך אַ טראַכט געטאָן, אַז ער איז אַ נאַר. וואָס דאַרף ער זיך רײַסן מיטן איטאַליענער. בעסער שווײַגן. ווילסט ניט גלויבן כ'האָב אַ טאָכטער, איז ניט. איך בין שכור, אָלרײַט. ער דאַרף שווײַגן. אַז גאָט וויל אים שטראָפן, מסתּמא האָט ער פאַרדינט. פון קעלט און מידקייט האָבן זיך בײַ אים צעטומלט די געדאַנקען. אַנטאָן האָט אײַנגעדרימלט און דער מוח, באַפרײַט פון באַשרענקונגען פון צײַט און אָרט, האָט געאַרבעט און געשפּינט — — —

ס'איז געווען פרימאָרגן. איבער די לאַנקעס איז געשטאַנען אַ פּײַכטער נעפּל, אַ געדיכטער, אַז מ'האָט גאָרניט געקאָנט זען. די קי וואָס אַנטאָן האָט געטריבן אויף דער פּאַשע זײַנען אַרײַן אין טײַכל, געכלעפּטשעט דאָס וואַסער אָדער גלאַט געשטאַנען מיט נאַרישע

אויגן און געמעקעט. אנטאָן האָט זיי ארויסגעטריבן פון טייכל אויף די לאָנקעס און אליין אוועקגעלאָפן בראָדזשען אין וואַסער און כאַפּן פישלעך. די פישלעך, אַז זיי האָבן דערפילט דאָס אָנקומען פון טאָג האָבן זיך געשפּילט, געגליטשט אונטער דער פלאַך אהין און צוריק. אַנטאָן איז אריין אין טייכל אויף די שפּיץ פינגער, צוערשט האָט ער געפּרואווט כאַפּן אַ פישל מיט די הוילע הענט, דערנאָך אין זיין ברייטן קאַפּעליוש, דערנאָך שלעפּנדיק פּאַמעלעך איין פוס נאָכן אנדערן. דערפילט אַ פישל אונטער דער פּיאַטע האָט ער עס אַ דריק געטאָן מיטן פוס. דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים געפּלאַצט פאר פרייד.

ווייטער האָט אַנטאָן געחלומט: ער אַרבעט ביי אַ דרעש־מאַשין אויף די פּאַנסקע פעלדער. ארום אים תבואה־פעלדער, אָפּגעשני־טענע. דער ווייץ אָן אויסגעטריקנטער איז שוין געווען גרייט פאר דער מאַשין. אַ בייסנדיקער שטויב רייסט אין האלדז, דאָס העמד איז צוגעקלעפּט צום לייב, און די מאַשין רודערט אָן אויפהער. מען קען זיך אויף אַ מינוט ניט אָפּשטעלן. מען מוז איר שטופּן אלץ נייע סנאָפּעס אין אָפּענעם מויל אריין. ניט ווייט פון אים ארבעט אַ שיקסע. ער קען זי ניט. אַ פרעמדע אפּנים. ער וואונדערט זיך: אזא יונגע, שיינע מויד. ער קען פון איר די אויגן ניט אָפּרייסן און קיין צייט דערויף איז ניטאָ. דער מאַשין מוז מען אלץ דערלאַנגען. אַ פייפל בלאָזט. מיטאָגצייט. אנטאָן שפּרינגט אראָפּ, לויפט זיך ארומ־וואַשן. דערנאָך לאָזט ער זיך זוכן די שיקסע. ער זעט ווי זי גייט אַוועק צום וועלדל. ער שלייכט זיך איר נאָך. צווישן די ביימער גייט זי ווייטער און ווייטער. ער האָט זיך אַ יאָג געטאָן, זי ארומגע־כאַפּט. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אזוינע שרעקעדיקע, קינדישע אויגן...

די דרויסנדיקע קעלט האָט זיך אריינגעשלייכט אין אנטאָנס שלאָף־באַטרונקענעם קערפּער. דער פייזאַש פון זיינע חלומות איז אויך געוואָרן אַ קאַלטער, אַ ווינטערדיקער. — — — די מאַמע זיינע איז געווען קראַנק, איז געלעגן אויפן פּעקעליק, געקרעכצט און געשריען: כ׳פריר, אַ קעלט גייט מיר דורך אלע ביינער... זי האָט געבעטן מען זאָל זי איינדעקן מיטן שאָפּענעם פּעלץ. כאָטש ס׳געווען די מאַמע, האָט זי אויסגעזען, ווען אנטאָן איז צו איר צוגעקומען, ווי דאָס ווייב, מיט פארגליווערטע, ניט־זעענדיקע אויגן, אזוי ווי זי האָט אויסגעזען דעם לעצטן טאָג אין שפּיטאָל. אנטאָן האָט גענומען דעם פּעלץ און געוואָלט מיט אים איינדעקן די מוטער, אָבער דער פאָטער האָט זיך אויף אים צעשריען, אז ס׳קלייבט זיך אויף אַ זאַווערוכע און

ער מוז פֿאָרן אין וואַלד האַקן האָלץ. דער עקאָנאָם איז שוין דאָ
געווען און אנטאָן מוז פֿאָרן... בעסער ניט אָנהויבן זיך מיט אים...
אַנטאָן האָט געוואוסט, אַז פֿאָרן אָן פּעלץ, ווען דער שניי האָט שוין
פֿאַרוויסט די פֿענצטער איז אַ משוגעת, אָבער די מוטער קרעכצט:
ווי איז מיר, „יעזוס מאַריאַ", איך פֿריר... דעקט מיך איין מיטן
פּעלץ. אַנטאָן האָט זי איינגעדעקט מיטן פּעלץ און אַליין אַוועק אין
וואַלד... באַלד איז דער שניי געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז מ'האָט גאָר־
ניט געקענט זען און די קעלט איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז ער האָט
אָנגעהויבן ציטערן. ער האָט זיך שוין געוואָלט אומקערן, אָבער
אַפּנים פֿאַרבלאָנדזשעט און דער שניי איז געווען אַזוי געדיכט, אַז
מען איז אין אים איינגעזונקען. אַרײַנפֿאַלנדיק, ווער ווייס צום ווי־
פֿילסטן מאָל, אין אַזאַ גרוב שניי האָט שוין אַנטאָן ניט געהאַט קיין כּוח
זיך אויפֿצוהייבן. ליגט ער און טראַכט: איך גיי אויס. און פּלוצים
דערפֿילט ער אַ הייסן אָטעם, שאַרפֿע ציין פֿון אַ וואָלף האָבן זיך
אַרײַנגעביסן אין זײַן פֿוס...

מיט אַלע כּוחות האָט זיך אַנטאָן אַ ריס געטאָן. מיט וואונדער
האָט ער דערזען וואו ער געפֿינט זיך. די פֿיס זײַנען בײַ אים געווען
ווי אָפּגענומענע. ער האָט קוים געקענט שטיין אויף זיי. ער האָט
געפֿילט ער מוז געפֿינען אַ פּלאַץ זיך אָנצוואַרימען, אַדער ער וועט
אומקומען. לויפֿנדיק אַזוי איבער די פּוסטע אַרטיקע גאַסן, האָט ער
דערזען עטלעכע באַלויכטענע פֿענצטער פֿון אַ נידעריקער געבײַדע
און אַן אָפֿן טיר, פֿון וועלכע ס'האָט געבלאָזן מיט גוטער וואַרימקייט.
ער האָט אַרײַנגעקוקט. אַ גרויסע קעסלדיקער דינאַמאָ־מאַשין האָט
פֿאַרנומען דעם מיטן פֿון גרויסן זאַל. אין דער וואַנט זײַנען געווען
איינגעפּאַסט זייגער־אינסטרומענטן. קיין מענטש האָט זיך ניט געזען.
ער איז פֿאָרזיכטיק אַרײַן, אומגעקוקט זיך ניט זיכער, מיט פּחד. די
וואַרימקייט האָט אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אין זײַן צעפֿרוירענעם גוף.
אָנגעלענט אין וואַנט, נאָענט צו דער טיר, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט,
גרייט צו אַנטלויפֿן ווען עמיצער וועט זיך ווייזן. זײַנע אויגן האָבן
געערוט אויף דער מאַשין. אַ גרויסער לעדערנער רימען האָט זיך
באַוועגט ווי אַ שלאַנג אַז מ'האָט קוים געקענט כאַפּן זײַן באַוועגונג.
ס'האָט זיך געהערט אַ שטילער, מאָנאָטאָנער ברום, ווי פֿון אַ קרעפּ־
טיקער, ווילדער חיה. וואָס זיי טראַכטן ניט אויס, די טייוואָלים!
האָט אַנטאָן אַ טראַכט געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער מאַשין
וואָס האָט בײַ אים אָפּגעשניטן צוויי פֿינגער, ווי ער האָט פֿאַר איר
געציטערט און געהיט זיך... אַ דערשלאָגענער האָט ער געטראַכט

וואוהין צו גיין, אז מ׳וועט אים פון דאַנען ארויסטרייבן. ער פילט נאָך אויף די לידקעס די ציין פון וואָלף. ווען ער רייסט זיך ניט אויף אין צייט, וואָלט ער געוועזן פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט.

ער האָט אַלעמאָל געכאַפּט א קוק אין זייטיקן צימער, פון וואַנען ער האָט דערוואַרט, אז עמיצער וועט אריינקומען. א לאַנגע צייט איז קיינער ניט געקומען. ער איז געזעסן א דערוואַרימטער, א בּאַרואיק־טער. מיטאמאָל איז אים אויסגעקומען ער הערט געוויין און קולות. ער זעט א קניענדיקע מאַסע מענטשן און פון זיי קומט א גרויס געזאַנג און געוויין. א גרויסע פאַרציטערטקייט איז אויף אים געקומען און פלוצלונג — ווי א מעסער וואָלט אים א ריס געטאָן פון קאָפּ ביז פוס. א פאַרכטיקע פאַרגליווערטקייט: די נאָענטקייט פון גאָט. ער שטייט פאַר גאָט. אַזאַ ווילדע הארצרייסנדיקע פרייד נעמט אים דורך. זי וואַקסט אין אים, צעגליט אים ווי אייזן אין פייער. איצט ווייסט אַנטאָן, אז גאָט האָט אים ניט פאַרגעסן און וועט נקמה נעמען אין דער זינדיקער שטאָט. ער פילט חרטה וואָס ער אליין האָט זיך אָפּגע־ווענדט פון גאָט, ניט געדינט אים ווי ער פאַרדינט. זיס, זיס פאַר־שכורנדיק־זיס איז די פרייד פון גאָט, ווערט געוועזן די יסורים און דאָס לאַנגע וואַרטן, דאָס לעבן פון פּיין און וואָגלעניש. אנטאָן בעט זיך ביי גאָט: שטראָף ניט, אויב איך האָב אין דיר אַמאָל פאַרלוירן דעם בטחון. עס איז שלעכט געוועזן, אזוי שלעכט, צום אויסגיין. פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרגעסן אזוי לאַנג און געלאָזט איינעם אליין?...

אַנטאָנס נשמה גליט אין עקסטאַז פון דער אנטפּלעקונג. ער פילט א פאַרלאַנג אויסגיין אין דעם קוואַל פון פרייד, ניט צוריקגיין צו דער פריערדיקער פינצטערניש...

— האָב ניט קיין מורא, אנטאָן, קום צו מיר — הערט ער גאָטס קויל. — איך האָב קיינעם ניט פאַרלאָזן און די וואָס קומען צו מיר, גיב איך אייביק לעבן, אייביקע פרייד.

אין אַנטאָנען ברענט דער פאַרלאַנג פון ברענגען א קרבן, פילן מיט יעדן טראָפּן בלוט ווי ער ליידט די גרעסטע יסורים פאַר גאָט. מיטאמאָל ווייסט ער וואָס ער דאַרף טאָן. פאַרניכטן די מאַשין. זי האָט אָפּגעריסן די מענטשן פון גאָט. זי האָט געבראַכט נאָר אומגליק אויף די מענטשן. גאָט האָט אים צוליב דעם געבראַכט אַהער.

אַ גרויסער האַס גייט אין אים אויף. היינט וועט ער נעמען נקמה. זיין אויג פאַלט אויף א לאַנגן שטאַנג אייזן ביי דער וואַנט. ער כאַפּט אים און דערנעענטערט זיך צו דער מאַשין, לויערנדיק, זוכנדיק א שוואַך אָרט ווי זי בייצוקומען. מיט א שפּרונג שטופּט ער

אײזערנע שטאַבע צווישן די ספּריכעס פון דער דינאַמאָ־מאַשין, ווײל אַרײנדרינגען אין אירע אײנגעווײד. ווען דאָס געלינגט אים ניט, רײסט ער זי אַרויס און הײבט אָן קלאַפּן אין אַנפאַל פון משוגענעם כעס איבער דעם דיקן מעטאַלענעם קערפּער פון דער מאַשין — ביז דער אײזערנער דראַנג שפּרינגט אָפּ און גיט אים אַ זעץ אין קאָפּ און ער פאַלט אַנידער אַ פאַרחלשטער אויפן דיל. אַ דין ריטשקעלע בלוט לויפט פון זײן שטערן.

10

דורך דער פילדערנדיקער געדיכטעניש פון די שטאָטישע גאַסן שטופּט זיך אַנטאָן אין זײנע פאַרשמאַלצעוועטע, ווי פון מײז־צעגרי־זשעטע בגדים. די ברײטע פּלײצע איז נאָך ניט געבויגן, נאָר די באַרשטיקע פאַטלעס אויף זײן קאָפּ זײנען אַש־גרוי. תמיד איז ער אין געאײל, יאָגט אַ צעקאָכטער, אַ ברוגזער, די אויגן שטאַר, ניט־זעענדיק, צעמאַטערטע ביז משוגעת, מרוטשענדיק צו זיך אַלײן. צווישן מענטשן שווײגט ער — אַ פרעמדער, אָן אָפּגעווײטערטער, ווי אַ פאַרצײטיקער נביא: אַ מענטש, וואָס גאָט האָט זיך צו אים באַוויזן. אָבער אַמאָל שרײט ער אויף אין ווילדן כעס: — דער טאָג פון שטראָף איז ניט ווײט, גאָט וועט זיך אָפּרעכענען מיט די מענטשן פאַר אַלע זײערע זינד און רשעות.

## דוד איגנאַטאָוו

### אברהם ביק

1

עס איז שוין ניט אײנמאָל געזאָגט געוואָרן, אַז בײם אָפּשאַצן ליטעראַטור־ווערטן דאַרפן פאָרם און אינהאַלט באַטראַכט ווערן ווי אַ צענויפגעוואַקסענער צווילינג, וועלכן ס'איז אוממעגלעך פאַנאַנדער־צושנײדן. און אויב ס'איז זיכער, אַז בײם אָפּשאַצן אַ קינסטלערישע ווערק קאָן באַין אופן ניט אויסגעמידן ווערן דער עסטעטישער עלע־מענט, ווײל אָן אים קען בכלל ניט זײן קײן רײד וועגן וועלכע עס איז ליטעראַטור דערגרײכונגען, מוז מען אויך אין זינען האָבן אַז פאָרם איז ניט עפּעס אַ דרויסנדיקער עלעמענט, נאָר געשטאַלטיקטער אינ־

האלט, וואס טרעט אויף אלס דערשיינונגס־ארט פון דער שטאף־עקזיסטענץ גופא.

סיי דער אויסשליסלעך אידעאישער צוגאנג, סיי דער ריין פארמאַ־ליסטישער, זינדיקן מיט ניט געזונטער איינזייטיקייט. עס איז ניט צו באַנעמען אַ קינסטלעריש ווערק אָן גייסטיקן אידייען־שטאף, אָן דעם ניט געזעענעם עלעמענט פון געדאנק און עס זאָל נאך ווירקן אויף אונדז אויך! פונקט ווי עס איז שווער זיך פארצושטעלן אן עכט־ליטעראריש ווערק, אָן אַ רייפער קינסטלערישער פארם זאָל אונדז קאָנען באווירקן. פארם און אינהאַלט זיינען דעריבער אומבאדינגט אָפּהענגיק איינס פון צווייטן.

אמבולטסטן, דאכט זיך מיר, איז דער דאָזיקער געדאַנק געקומען צום אויסדרוק ביי וואָלט וויטמאַנען, וועלכער האָט בפירוש געהאלטן, אַז זיין פּאָעזיע וועט בלייבן אייביק פארזיגלט פאר די וואָס האלטן זיינע לידער בלויז פאר אַ ליטעראַרישן אויפטו, בלויז ווי אַ שטרעבן צו קונסט און עסטעטיק.

ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם אַמאָליקן אינטעלעקטואַליזם האָט זיך איינגעשטעלט אַ היפער־עסטעטיזם. דאס פארזען דעם תוכן, דאס האלטן זיך אין איין צאַצקען מיט דער פאָרם, שאַפט אן אומגעזונטן צוגאַנג, וואס וועט ביסלעכוויז ווערן אידעאיש אויסגעהוילט.

סיי אין דעם אינהאַלט, סיי אין דער פאָרם, קענען מיר זוכן ביים קינסטלער די דאָמינירנדיקע אידעע, דעם לייט־מאָטיוו.

קונסט, ווי יעדער שאַפונג, איז אַן איינהייט. זי דריקט ניט אויס היינט איין אידעע, מאָרגן אַן אַנדערע, נאר אַלע שאַפונגען זיינען מדרגות וואס פירן צו איין ציל; ווען אפילו דורך פארדרייטע וועגן, ענדערונגען און אנטוויקלונגען קומען זיי פארט אין די גרענעצן פון זיין „איך".

אויב קונסט האָט אַ סאָציאַל־רעליגיעזע מיסיע איז עס קודם כל דורך דעם, וואס קונסט — דער קלאַפּ פון יחיד אין דעם טויער פון דער וועלט — איז די באַגעגעניש פון דעם יחידס אידייע מיט די אידייען פון דער ברייטער וועלט. מערסטנס קומט עס פאר אויף דעם אופן: די סוביעקטיוו־לירישע איבערלעבונג גייט האַנט אין האַנט מיט דער אָביעקטיוו־עפּישער שילדערונג.

אין דער אמעריקאנער יידישער ליטעראַטור איז דוד איגנאַטאָוו געווען איינער פון די ערשטע, וואס האָבן אויפגענומען דעם פּיבער פון צייט און אָרט און זיך באַמיט סינטעטיש צונויפשמעלצן אידייע מיט אייגנאַרטיקער קינסטלערישער פאָרם. איגנאַטאָוו, דער מענטש

און קינסטלער, האָט פון אָנהייב אָן זיך פאַרשפּונען אין אַן אידייען־נעץ. זיינע ווערק ווייזן דעם גרויסן אידייען־שפּיל אויפן שטח פון דער יידישערווירקלעכקייט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

דוד איגנאַטאָוו האָט אין זיין ווערק ניט בלויז געשילדערט אַן עפּאָכע פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן; אָפּגעמאָלן און פאַראייביקט גאַלעריעס געשטאַלטן, נאָר ער האָט אויך געוויזן נשמהדיקע פאַרוואַנד־לונגען, אידייאישע בענקשאַפטן און אויסלייזונגס־חלומות.

איגנאַטאָוו איז אין דער יידישער ליטעראַטור פון די געציילטע, אַזוי גערופענע, אידייאישע קינסטלער, פאַר וועמען אידייע אליין איז ווירקלעכקייט, זין און פורעם. דער מענטש איז אַ מעשה, די וועלט איז אַ מעשה, און דער קינסטלער דערציילט די גרויסע „מעשה פון דער וועלט", דאָס איז דער קינסטלעריש־ליטעראַרישער קרעדאָ, צו וועלכן איגנאַטאָוו איז בהדרגהדיק געגאַנגען דורך זיינע שאַפונגען.

פון זיין ערשטער דערציילונג „צווישן צוויי קרעפטן" (1908), ביז זיין דראַמע „פאַר אַ נייער וועלט", האָט ער צו טאָן מיט אידייע; די אידייע פון אַ נייעם הימל פאַר דער נייער ערד וואָס מען דאַרף פאַראידעאַליזירן, אָנפּילן מיט גלויבן, מיט ליכטיקייט, און אַזוי אַרום זיך באַהעפטן מיטן ליכט פון דער וועלט, מיט דער וועלטס מעשה.

2

אייגנטלעך איז איגנאַטאָווס מעטאָד פון אָנהייב אָן געווען דער מעטאָד פון די „יונגע"; דער מעטאָד פון עכטן ליריקער, וואָס שפּינט פון זיך אַרויס דעם אינהאַלט און די פאָרם פון זיינע ווערק, אפילו ווען דער שטויס דערצו איז אַ רעאַליסטישער. איגנאַטאָוו איז אָבער אַ וויזיאָנער, דעריבער האָט ער באַוויזן פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט צו באַשאַפן מעשה („די וואונדער מעשיות פון אַלטן פּראָג").

איגנאַטאָוו איז געבענטשט מיט גרויס וויזיאָנערישקייט, דערפאַר ווי נאָר ער קומט צום לעבן, לייכט אויף פאַר אים די וויזיע פון דער אידייע וועלכע ער וויל זען פאַרווירקלעכט. ס׳קען זיין אַז איגנאַטאָוו האָט פאַר זיך אַן אָנגעצייכנטע אידייע, אַ פּאַרטיקע סכעמע, וואָס ער וויל דורכפירן אין זיינע ווערק. ביים לייענען זיינע ביכער פילט מען טאַקע ווי די אידייע צעוואַקסט זיך, ווי דורך זיין וויזיע ווערט אים די אידייע אליין אַנטפּלעקט, ווי אין פּראָצעס פון שאַפן ווערט זי דורך דער וויזיע — קונסט.

אַ וואונדערלעכער פינאַל פון אַ סאָציאַלער אידייע, פון אַ וועלט־מיסטעריע, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין זיין וויזיע, איז ביי אים

געוואָרן ניט קיין געדאַנקלעכע אידייע, נאָר אַן אייגענע לירישע אי־בערלעבונג. אַן ארויסגעבראַכטע אידייע וואָלט ביי אַן אַנדערן געווען אַין שטיק פאַרגליווערטע סכעמאַטיק, ביי איגנאַטאָוון אָבער איז די אידייע אַליין קונסט. די גרונטיקע יידישע־סאָציאַלע אידייען איגנאַ־טאָווס, זיינען קינסטלערישע. זיי ווירקן מיט אוממיטלבאַרקייט, מיט וויזיאָנערישן אמת. אין די מערסטע פון זיינע ווערק קלינגט ארויס דאָס אייגענע זינגעוודיקע וואָרט.

א מענטש פון וויזיע און אויפרייצנדיקער דראַמאַטישקייט, האָט ער דאָך באַוויזן דעם כח אריבערצושפּרינגען יעדן ליטעראַרישן „פּאַ־טאָס" און פאַרוואַנדלען דאָס סטיכישע געשריי, די דעקלאַמאַטאָרישקייט אין קינסטלערישער ריטמישקייט.

איגנאַטאָווס וויזיע איז א שטריך פון זיין נאַטור, זי איז א צוויי־טער נאָמען פאַר זיין אינעווייניקסטער פּאָעטישקייט, — זיין אידייען־פּאַטאָס. אין פיבער פון זיינע וויזיעס איז זיין וואָרט געוואָרן שאַרפער, דרייסטער, פּאָעטישער. ער האָט געצאַמט זיין וואָרט און אזוי ארום געשאַפן כמעט אַן אייגענעם סטיל, וואָס איז א סינטעז פון רעאַליזם און וויזיע.

וויזיע און אידייע זיינען איגנאַטאָווס דאָמינירנדיקסטע שטריכן און זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין בילד. דאָס בילד איז אָבער ביי אים נאָר א ביי־זאַך, ניט געמאָלט לשמה — נאָר מער צוליב דעם מוסר־השכל, וואָס ער דרינגט פון דעם אַרויס, צוליב דעם אינהאַלט, דעם העכערן אינהאלט. פון דאַנען נעמט זיך אויך זיין דיגרעסיע, למשל, די מעטאַפיזישע דיגרעסיע אין לעצטן טייל פון זיין „וייטע וועגן" (בערמאַנס דיסקוסיע מיט דעם אינטעליגענט פרענקל וועגן דעם פּרימאַט פון דער אידייע. דאָס געדאנקלעכע ווערט דאָרט קינסט־לעריש אויסגעדריקט, די ווערטער זיינען פינקלדיק, אָפּטמאָל בליציק; אַ סטיל, וואָס איז נביאיש און שטאַרק ליריש).

איגנאַטאָווס סטיל בלייבט א סינטעטישער געמיש פון ליריק און וויזיע. ווייל ער איז אמתער פּאָעט אין געמיט, און זיינע אינסטרו־מענטן זיינען — וויזיע און גלויבן.

## 3

איינער פון די גרינדער פון די „יונגע", וועלכע האָבן פונעם דיכ־טער געפאָדערט ער זאָל זיין נאָר קינסטלער פון זיין אינערלעכער וועלט, איז אָבער איגנאַטאָוו ניט געבליבן ביי דער דאָגמאַטישער

הנחה, אַז פּאָעזיע איז אויסער צייט און סביבה, אַז זי הייבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס מיט זיך אַליין.

איגנאַטאָוו האָט פון אָנהויב אָן אויסגעוואָרצלט דאָס שטיקל וועלט וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון יענער זייט ים; ער האָט זיך אָנגעהויבן באַמיען צו געבן אַ קינסטלערישן תיקון דעם נייעם לעבן דאָ, דורך זיין וויזיאָנערישער אויסלייזונגס־אידייע. די הויפּט־העלדן פון זיינע דערציילונגען — זיינען געוואָרן ער אַליין און דער דיכטער אין אים. ער אַליין קען ניט לעבן אָן וויזיע, אָן גאולה־מאָטיוון.

שוין אין דער ערשטער דערציילונג „צווישן צווי קרעפטן", פילן מיר דעם רצון צו געבן אַן אידייאישן תיקון דעם לעבן. עס איז אַ פּראָטעסט קעגן מעכאַניזאַציע אין אַן אומגעבונג וואָס אָטעמט מיט חומרדיקער דערשטיקעניש. קדושה מיט טומאה ראַנגלען זיך. ס'איז אַ ראַנגלעניש מיט דער פאַרשווערונג, מיט דער פאַראומווירדונג פון דער בריאה און דער געראַנגל איז געשילדערט פּאָעטיש.

„צווישן צווי קרעפטן" איז נאָך אפשר געווען איגנאַטאָווס יוגנט־לעכע ראָמאַנטיק, וואָס האָט זיך שפּעטער קינסטלערישער און טיפער פאַרוואַנדלט אין דערהויבענער פאַנטאַסטיק. אָבער שוין אין דער דערציילונג באַמערקט זיך דער גרונט־אינטערעס פון איגנאַטאָווס שאַפונג, דאָס שטעלן זיינע העלדן פּנים־אל־פּנים מיט די אידייען, וואָס ווערן געפּרעדיקט אין דער אומגעבונג און דאָס צווינגען זיי צו געבן אַן ענטפער.

מיט אַן אויסלייזונגס־אידייע, נאָר אַ סך אַ רייפערע, ווי אין דער ערשטער דערציילונג, קומט דוד איגנאַטאָוו אין „קעסלגרוב".

קינסטלער זיינען שטענדיק געלאָפן צום עבר צו געפינען זייער קינסטלערישע גאולה. איגנאַטאָוו האָט דאָס ניט געדאַרפט. ער האָט באַשאַפן אַ פאַנטאַסטישעווירקלעכקייט אין דער רעאַלער ווירקלעכ־קייט. ער האָט זיין פאַנטאַזיע געגעבן פרייען גאַנג, פרייען שפּיל, און אַזוי אַרום געשאַפן די צוקונפט. דאָס איז דער בראַסלאָווישער מעטאָד אין איגנאַטאָווס מעשה פון דער וועלט. איגנאַטאָווס מעטאָד דערלויבט זיינע שטרעבונגען צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאָנקרעטן חלום, אַ חלום וועגן פרייע יידישע דערפער, יידישע קאָמונעס, וואָס דאַרפן זיין די שטאָפּלען פאַר דער יידישער נאַציאָנאַל־סאָציאַלער ווי־דערגעבורט אין אַמעריקע.

דאָס איז געווען איגנאַטאָווס קינסטלערישער אָפּרוף אויף די פריערדיקע קאָלאָניזיר־פּראָיעקטן, מיט וועלכע די יוגנט האָט זיך געוואָלט באַנייען, איבערבויען. ברוכס אידייע ווערט אין ראָמאַן ניט

רעאַליזירט, אָבער איגנאַטאָוו לאָזט אים ניט אָפּ. אין „פּיבי", באַשאַפט איגנאַטאָוו ווידער אַ פאַנטאַסטישעווירקלעכקייט אין וועלכע דער העלד האָט ניט אויפגעגעבן זיין אידייע פון „איינגעמען אַמעריקע פאַר די יידן".

„די וועלט אליין דערציילט אַ מעשה" — שוין איגנאַטאָווס ערשטע ווערק „פּיבי" און „קעסלגרוב", איז דאָ די השלמה פון תוך און פאָרם וואָס ווערט געשאַפן דורך וויזיע. די העלדן זיינען נאָנט מיט נאַטור־כחות: פייער, פעלד, וואַלד, שלאַנגען, און זיי ריידן (אין „פּיבי") דורך דער נאַטור.

4

איגנאַטאָווס גרויס פאַרמעסט, זיין טרילאָגיע „אויף וויטע וועגן", איז לויטן דערציילערישן אינהאַלט אַ געוואַגטער פרואוו צו געבן דאָס יידישע לעבן אין דער נייער וועלט אין פּראָצעס פון ווערן, פון קריסטאַליזאַציע. דאָס איז אַ פאַרזוך צו שילדערן די כאַאָטישקייט פון אמעריקאנער יידישן לעבן, אָבער אויף דעם זעלבן לייוונט, האָט איגנאַטאָוו אויך געמאָלן זיין וויזיע פון אַ נייער ערד און אַ נייעם הימל, פון אַ נייעם עטישן רענעסאַנס, אַ סאָציאַלן מעשה־בראשית, אויפן אַמעריקאנער קאָנטינענט.

דער מאַטעריאַל איז דאָ אפשר ניט באַהערשט געהעריג, טיילמאָל פעלט די פּראָזאַאישע פּלאַסטיק (דערפאַר איז שטאַרק קענטיק דער לירישער געמיט וואָס שוועבט אויף די בלעטער), אָבער מיט דער טרי־לאָגיע האָט דער מחבר געהאַט אַ גרויסע אידייאישע כוונה. ער האָט געוואָלט צעגויפבערענגען צו אַן אידייאישן סך הכל אלע זיינע פריער־דיקע בראַסלאַווישע אויפטואונגען, זיין ליכט און זיין מעשה פון דער וועלט, און דערמיט אָנקליידן די קאָנקרעטע העלדן.

ברוך, דער העלד פון „קעסלגרוב" מיט זיין וויזיע פון „איינגעמען אַמעריקע פאַר די יידן" — ווערט פאַרוואַנדלט אין בערמאַן, דער הויפּט־העלד פון „אויף וויטע וועגן", וועלכער לאָזט זיך אויך ארויס אויף די ברייטע שליאַכן פון לאַנד צו דערקענען דאָס אַמעריקאנער לעבן און קערט זיך אום קיין ניו־יאָרק מיט אַ גרויסער מיסיע, — אָנצוהייבן דעם יידיש־ראַדיקאַלן רענעסאַנס פאַר דעם צווייטן דור פון אַמעריקא־נער דעמאָקראַטיע, און ווערן דער אָנזאָגער פון דעם נייעם סאָציאַלן אויפקום.

דער אַמעריקאנער סאָציאַליזם איז אריינגעצויגן געוואָרן אין דעם קרייז פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע אויף צוויי דרכים.

דער ערשטער דרך — אַ וואָכעדיקער, וועלכן די אזוי גערופענע „רעאַ־ליסטן" האָבן אויסגענוצט; זייער ציל איז געווען: שילדערן דאָס לעבן פון די אַרבעטער אין שאַפּ, דעם באַוואוסטן אימיגראַנטישן קלאַסנקאַמף. דער צווייטער וועג — אַ יום־טובדיקער; דער אידעאַליסטישער דער־לייזונג־מאָטיוו פון סאָציאַליזם. איגנאַטאָוו, אין זיינע „ווייטע וועגן", האָט אויסגענוצט ביידע דרכים, זיי רעאַל אײַנגעטיילט אין צוויי דורות. דער ערשטער דור פון די פּרענקלס, קאַלמאַנאָוויטשעס און גבריאַלס, דער דור וואָס האָט געגרינדעט יוניאָנס, געקעמפט קעגן עקספּלואַ־טאַציע, און איז צום סוף אליין אויסגעליידיקט געוואָרן פון סאָציא־ליסטישן אינהאלט, האָט אליין אָנגעהויבן פירן אַ קליינבירגערלעך לעבן. דאָס איז די עפּאָכע פון סאָציאַלן „דאָלאַריזם" אדער „דאָלאַר סאָציאַליזם". דער צווייטער דור פון די גערטרודס און בערמאַנס וואָס זיינען דער היפּוך פון די עלטערן.

שווער איז געווען דער וועג פון סאָציאַליזם צום הארץ פון יידישן וואָרט־קינסטלער. דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם פון דער האַלב אָדער גאַנצער אַסימילירטער אינטעליגענץ, האָט ניט געשלאָגן קיין טיפע אידעאישע וואָרצלען. אָן אַ לעבעדיקער באַציאונג צו דער יידישער טראַדיציע און גלויבן איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צו אַ בויך־סאָציאַליזם, וואָס האָט מיט דער נשמה און אירע פאַרלאַנגען גאָרניט קיין שותפות. איינגעגרענעצט אין שמאָלע ראַמען פון נאָר לוין־קאַמפן האָט ער פאַרלאָרן דעם באָדן אונטער די פיס ווי נאָר דער לוין־קאַמף האָט געבראַכט געניג ברויט. און ווען פונעם רייכן אַמעריקאַנער קאַ־פּיטאַליסטישן טיש איז אַראָפּגעפאַלן אויך אַ פעטער ביין פאַרן מאָטע־ריאַליסטישן אַרבעטער, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ מדבר אין יידישן גייסט. אין דער צייט האָט אָן עטישער אדער אַ רעליגיעזער סאָציאַ־ליזם געקענט זיין דער פייכטער טוי אויף דעם פאַרשטיינערטן און פאַרדאָגמאַטיזירטן באָדן. דער טרובאַדור פון דעם נשמהדיקן סאָציאַ־ליזם, איז איגנאַטאָווס בערמאַן פון די „ווייטע וועגן".

בערמאַן איז ווי געשאַפן צו אַזאַ שליחות. ס'לעבט אין אים דער אייביקער אומרו, דער גייסט און די אמונה; די אַנגעלאָדנקייט מיט יידישן גלויבן; די טיפע און הייליקע אמתן פון יידישע סימבאָלן און מצוות, זיינען געווען די טרייב־קראַפט פאַר זיין סאָציאַליסטישן קאַמף. בערמאַן איז ווי געשאַפן געוואָרן צו דער שליחות פון אָנצינדן דעם גאולה־פאַטאָס פון סאָציאַליזם, ווייל ער ציט זיין שורש־מאָטיוו פון דעם סוכה־סימבאָל אין וועלכן ער האָט דערפילט דעם זין פון דער גרויסער וועלט־אידייע וואָס הייסט סאָציאַליזם. דער טיפסטער זין פון

סוכה האלט בערמאן איז מענטשן זאָלן זיך באפרייען פון „הייזער", פון אן אָפגעצאָמט לעבן הינטער שטיינערנע מויערן און פון אייגעפוג־דעוועטן אייגנטום. סוכה — דער סכך — איז דער ביישפּיל אויף דעם צודעק וואָס פאַרשטעלט דאָס געהיימע „ליכט פון דער וועלט", דאָס ליכט איז דאָס עכטע יידישקייט וואָס אין יעדער צייט און יעדן דור, טוט עס אָן אַן אַנדער אידייען־לבוש, און איצט וועט עס זיך אַנקליידן אין דער רעליגיע פון סאָציאַליזם און אים באַגייסטיקן און אָפּפרישן.

„היינטיקע מענשן זיינען אפשר צו־פלוצלינג אָנטלאָפן פון דעם אַלטן קוואַל, ווי עס אַנטלויפן אַמאָל פלוצלינג צעשראָקענע ווילדע ציגן פון א לויטערן קוואַל וואָס זיי האָבן דערגרייכט דורך מי און דאָרשט." רופט דערפאַר בערמאַן צו די אַלטע קוואַלן. ער איז זיכער אַז תורה, הלכה, אגדה, קבלה שלאָגן מיט שטאַרק ליכט, דאָס ליכט וואָס ער דערזעט אין דער אידעאַלער גערטרוד.

אַזוי ווערט אנטקעגנגעשטעלט דער סאָציאַליזם פון א ייד וואָס זעט די וועלט ווי א קאָסמישע סוכה (ער איז א „זון פון א פאַלק וואָס לעבט אויף אָפּצולייקענען די גרענעצן פון דער וועלט"), אַנטקעגן דעם סאָציאַליזם אָן וואָרצלען אין יידישן גייסט.

האָט בערמאַן דערגרייכט זיין ציל? ניין. איגנאַטאָוו לאָזט אים שטאַרבן. ער קומט אום ווען ער פּרוואוט אריינשטעלן מאַרקסעס תורה אין ארון קודש. ביי זיין טויטן בעט באַגלייט אים זיין ליבע גערטרוד מיט די ווערטער: „ווי א ווייסער פויגל, טייערער, ווי א ווייסער פויגל, וועט זיך דער אמת אויפהייבן".

„אויף וויטע וועגן" איז, הייסט עס, אַ ראָמאַן מיט א קלאָרער אידייאישער כוונה. דער סינטעז פון יידישער אמונה מיטן סאָציאַליזם וועט באַנייען ס׳וואָכעדיקע לעבן. בערמאַן שטאַרבט טאַקע פאַר דער צייט, אָבער איגנאַטאָוו זאָגט אונדז אויס דעם סוד, אַז ער איז דער מחבר פון בוך „דאָס פאַרבאָרגענע ליכט", געבויט אויף מעשהעס פון ר׳ נחמן בראַסלאָווער, הייסט עס, אַז איגנאַטאָוו באַנוצט זיך דאָ ווידער מיט זיין „מעשה פון דער וועלט", מיט זיין וויזיאָנערישן מעטאָד, און ער שטעלט זיך טאַקע ניט אָפּ אינמיטן וועג. ער האָט דעם מוט צו־נישט קאָנסעקווענץ, אָבער אין גרונט־אידייע בלייבט ער דער זעלבער און אין דער פאַנטאַזיע זעט שוין איגנאַטאָוו דעם נייעם סאָציאַליס־טישן דור, וואָס בענקט נאָך יושר און ריינקייט און קעמפט פאַר אַ רעוואָלוציע וואָס איז איינס מיטן קאַמף פאַרן „ווייסן פויגל" — פאַרן אמת.

דאָס וואָס איגנאַטאָוו נוצט ר׳ נחמן בראַסלאָווערס מעשות פאַרן אינהאַלט פון ווערק, שטעמפּלט זיך אויך אָפּ אויפן רוימלעכן הינטער־גרונט פון ווערק, אויף דער קונסט פון שילדערונג. דער גאַנצער ראָמאַן אָטעמט מיט מעשהדיקייט און אין זיינע נאַטור־שילדערונגען דערפירט ער צום סאַמע יסוד פון די עלעמענטן. זיינע פאַרבן זיינען געדיכט, און פון זיינע ליכטיקע קאָלירן שאַטנט אָפּט ארויס א טונקל־קייט. אין דער רו פון זיין ליידנשאַפט הויערט חשד פון אומרו, דאָס איז דאָס דינאַמישע און דראַמאַטישע, דער דראַמאַטישער קאָנפליקט וואָס מיר טרעפן אָן בשפע אין בראַסלאָווערס פאַנטאַסטישע מעשיות.

די צוגעשפּיצטקייט, דאָס פאַרוואַנדלען מענטשן אין לעבעדיקע קאַריקאַטורן, דאָס אַלץ ווערט דערגרייכט דורך בראַסלאַווישן סטיל.

5

„פאַר אַ נייער וועלט" הייסט איגנאַטאָווס לעצט ווערק. עס איז צום ערשטן מאָל אין זיין שאַפן וואָס ער האָט געלאָזן פריי זיין דיכ־טערישן אימפּעט. זוכנדיק אינטעלעקטועלן שטאָף פאַר זיין „גרויסער מעשה פון דער וועלט", איז איגנאַטאָוו פאַרכאַפּט געוואָרן פון די קינסטלערישע מעגלעכקייטן פון דעם תנכישן העלד יפתח הגלעדי, און האָט זיין דראַמאַטישן לעבן געגעבן א טיף־קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג.

יפתח, די צענטראַלע פיגור פון דער דראַמע, דערשיינט אלס איינע פון די גרעסטע ביבלישע פיגורן וואָס האָבן זייער לעבן אויס־געשטורעמט אין איגוויניקסטע ראַנגלענישן פאַר געטלעכע ווערטן.

יפתח קעמפט פאַר א פרייען מענטש און פאַר א פרייען גאָט. ניט פאַר געצן וואָס פאַרלאַנגען שטורם, ליידנשאַפט און קרבנות, נאָר פאַר דער אידייע וואָס ווערט גערופן מאָנאָטעאיזם. יפתחס קאַמף פאַר זיין גאָט־אידעאַל איז א ריין מענטשלעכער, וואָס שפּילט זיך אָפּ, אמת, אויף דער היסטאָרישער ארענע, אָבער אויך אין יפתחן אליין. די פּראָבלעמען פון טוב ורע, ראַנגלענישן מיט מענטשן, מיט זיך, זוכנדיק אַ וועג צו דערלייזונג. דער כח פון יפתחן דעם העלד איז דער היפּך פון יעדער אנדערער טונקעלער טומאהדיקער מאכט.

די היסטאָרישע פיגור פון דער דראַמע רופט ניט בלויז ארויס ביבלישע אסאָציאַציעס, עס איז דאָרטן דאָ מער סימבאָל ווי בילד. ס'איז א מין סימבאָלישער צואַנג צו לייזן מענטשלעכע פּראָבלעמען דורך אַנטפּלעקן לעגענדאַרישע געשטאַלטן און זיי מאַכן לעבעדיק.

„ניט קיין מענטשן שלאָגן זיך מיט מענטשן פאַר א לאנד, דאָס שלאָגן זיך געטער מיט געטער. די מענטשן זיינען זייער ווערקצייג

נאַר". די סימבאָלן זיינען ניט נאָר וועגן קאָנפליקט פון מענטש מיט גאָט, וועגן סדרי בראשית, כאַאָטישקייט און אָרדנונג, וועגן דער קאָס־מישער ארכיטעקטור, עס איז דאָ א גלויבן אז תוהו מוז באַזיגט ווערן פון באַנייאונג. גאָט רופט צום מענטשן און מענטש רופט צו באַנייאונג פון דער וועלט. דער גאַנצער סיוזשעט פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע אַנטפּלעקט דעם כח פון מענטשנס ווידערגעבורט, פון דעם נייעם מעשה־בראשית.

אין דעם אַנטפּלעקן די וואונדערלעכע זעלישע טיפענישן, די אומ־געוויינלעכע נשמה־כחות פון די מיטאָלאָגישע העלדן איז דאָ א סך פון דער פאַנטאַסטיק און סימבאָליק פון ר׳ נחמן בראַסלאָווער. ספּעצ־ציפיש בראַסלאָווערישן ווערט איגנאַטאָוו ווען ער רעדט וועגן די „זיבן פאַסטוכער", די שבעת הרועים פון דער קבלה. דאָס איז א מין המשך פון בראַסלאָווערס „ז׳ בעטלערס" אין מעשה און דראַמע.

אין „פאַר אַ נייער וועלט", נעמט איגנאַטאָוו קדמונישע אידייען און פאַרבינדט זיי, פאַרקניפּט זיי מיט דעם היינט. די מדרשים און קאַפּיטלעך תנ״ך, פאַראַפּראַזירט אין אַן אייגנאַרטיקן ריטם, איבער־געקאָכט אין אַן עפּיש־דיכטערישער פאָרם, זיינען באמת מייסטעריש.

ביז איצט האָט נאָך די יידישע ליטעראַטור ניט גענוג עקספּלואַטירט אָט דעם דאָזיקן קינסטלערישן שטאָף איבער מיטאָלאָגיע, איגנאַטאָוו האָט אים געסדרט און געגעבן דראַמאַטיש־קינסטלערישן תיקון.

ניט ווייניקער גרויס ווי דער באַגער צו געבן די אידייע, איז אפשר ביי איגנאַטאָוו געווען דער חשק צו מאָלן די לאַנדשאַפט פון גלעד און גוטנלאַנד (ארץ טוב), וואו יפתחס קאַמף קומט פאָר. די אַטמאָספערע איז איינגעטונקען אין נאַטור שיינקייט. הימל און ערד, ים און שטורם און פויגל. די דעקאָראַציע איז אויפרייצנדיק־דראַמאַ־טיש, אַמאָל בקולי קולות, אָבער דער פערז איז פריש ניט איינטאָניק, ערטערווייז איז דער דיאַלאָג אויך פּרעכטיק איינגעהאַלטן.

אין „פאַר א נייער וועלט" האָבן מיר א פולשטענדיקן תנכישן סטיל אויף יידיש. דער תנ״ך איז נאָך אַלץ דאָס פרישסטע סטיליסטישע ווערק.

„פאַר א נייער וועלט", איז א מין קינסטלערישער סך־הכל פון איגנאַטאָווס ביז איצטיקע ווערק. ער האָט זיך דאָ זייער ברייט פאַרמאָסטן. דער פאַרמעסט איז אַ גאַר גרויסע מדרגה אין זיין פּאָעטיש־פּראָזאַאישן שאַפן. ער איז א דירעקטער המשך פון דער סאָציאַלער מיסטיק, וואָס ער האָט קינסטלעריש אַריינגעאָטעמט אין זיינע פריער־דיקע ווערק.

דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס ער איז דאָ דערגאַנגען צו אַ דראַמאַטיש־עפּישער פאָרם וואָס איז אפשר סימבאָליש פאַר זיין קינסט־לערישן גאַנג ביז איצט, ווייל איגנאַטאָוו איז אין זיין פּראָזע פּאָעט, און זיין פּראָזע איז אַ פּראָזע פון מעלאָדישקייט און פּאָעטישן־ריטם.

דער מדרש זאָגט: כל זמן דער מענטש איז יונג זינגט ער שיר השירים, ווערט ער רייפער און געזעצטער זאָגט ער משלי, ווערט ער אינגאנצן אַלט, זיפצט ער אויס קהלת. דוד איגנאַטאָוו וואָס האלט איצט ביי דעם משלי־עטאַפּ, איז אלעגאריש און סימבאָליש, אבער ער באַווייזט זיך אין זיין לעצט ווערק ניט נאָר משלידיק, נאָר אויך שיר השירימדיק, פּאָעטיש יונג און זאַפטיק.



# פון מיינע טעאַטער דערפאַרונגען

## מענדל עלקין

עס איז געווען אין די יאָרן 1907־1908.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס עס זיינען שוין פאַרגאַנגען אַ דריי־פיר יאָר נאָך די גרויסע מפּלות אויף די יאַפּאַנעזער שלאכטפעלדער אין 1904, און נאָכן פּאַטאַלן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, — האָט די שוואַרצע רעאַקציע נאָך אלץ שטאַרק און אכזריותדיק געבושעוועט איבער רוסלאַנד, און דער קאַנטשיק פון די צאַרישע סאַטראַפּן האָט נאָך אַלץ מיט גרויס חשק געפּאַכעט איבער די קעפּ פון רוסלענדישע „אונטערטאַנען".

אין די רייען פון דער רוסישער אינטעליגענץ האָט מען געזוכט וועגן און אויסוועגן ווי אזוי פּטור צו ווערן פון דעם יאוש, אין וועלכן די דאָזיקע רעאַקציע האָט אריינגעוואָרפן דעם דענקענדיקן טייל פון דער רוסישער באַפעלקערונג. די וועגן זיינען אָפט געווען קרומע און פאַרפּלאָנטערטע, — פון רעליגיעזער מיסטיק ביז אויסגעלאַסענע אָר־גיעס, אבער, אזוי צי אזוי, — דעם יאוש האָט מען מיט דעם ניט פאַרטריבן.

ניט בעסער איז געווען די לאַגע ביי דער יידישער אינטעליגענץ.

די ליקווידאַציע פון דער רעוואָלוציע, פאַרשטאַרקט מיט דער פאַרביטערטקייט צוליב די מלחמה מפּלות, איז געגאַנגען אונטערן צייכן

פון יידישע פּאָגראָמען און איז פאַרשווייגט געוואָרן מיט יידיש בלוט.

צום אלגעמיינעם אומגליק איז צוגעקומען דאָס ספּעציפיש יידישע, וואָס האָט מיט זיין גרויזאַמקייט איבערגעשטיגן און פאַרטונקלט דאָס אלגעמיינע...

איז קיין חידוש ניט, נאַטירלעך, וואָס די פאַרלאָרנקייט און פאַר־צווייפלונג צווישן דער יידישער אינטעליגענץ איז געווען גרויס און האַרב. זי, די יידישע אינטעליגענץ, האָט זיך פאַרטאַיעט און פאַר־גראָבן אין זיך און געזוכט אַן אויסוועג פון דעם צושטערנדיקן יאוש, פון דעם צער און צאָרן, וואָס האָט ביז איבער די ברעגעס אָנגעפילט דאָס יידישע לעבן.

גליקליכערוויז איז די יידישע אינטעליגענץ ניט אוועקגעגאַנגען (חוץ זייער קליינע אויסנאַמען) אויף די דרכים פון מיסטיק, אָדער אויסגעלאָסנקייט, נאָר, ווי שטענדיק אין אַזעלכע אומגליקן, האָט זי אָנגעהויבן באַקעמפן דאָס אומגליק ניט מיט פייער און שווערד, ניט מיט אָרגיעס און מיסטיק, נאָר מיט אומקערן זיך צום פאָלק; אַהין איז זי אוועק זוכן תיקון. עס האָט אין איר דערוואַכט דאָס באַוואוסט־זיין פון נאַציאָנאַלן אויפלעב, פון נאַציאָנאַלער קולטור באַשטרעבונג, כדי דורך דעם אליין זיך אויפהויבן פון דעם יאוש אָפּגרונט, און, דער עיקר, — ברענגען אביסל טרייסט און ליכט און האָפענונג צו די אמשטאַרקסטן געליטענע יידישע מאַסן.

די דאָזיקע דערשיינונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. עס האָט זיך דאַן פארשטאַרקט די טעטיקייט פון „חברה מפיצי השכלה”, דאָ און דאָרט האָבן זיך, נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען, געעפנט יידישע גימנאזיעס; פאָלקס־ביבליאָ־טעקן יידישע האָבן זיך אין תחום המושב דאַן געעפנט אַ היפּשע צאָל. עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן אין פּעטערבורג די „געזעלשאַפט פאַר יידישער פאָלקס־מוזיק”; די טעטיקייט פון „אָרט” איז פאַרשטאַרקט געוואָרן; יידישע קרעדיט־געזעלשאַפטן און קליין־קרעדיט באַנקען האָבן אָנגעהויבן ווערן וויכטיקע פאַקטאָרן אין דעם רואינירטן יידישן עקאָ־נאָמישן לעבן א. א. וו.

די אלגעמיינע אויפלעבונג האָט, נאַטירלעך, ניט אויסגעמיטן אויך דאָס יידישע טעאַטער וועזן. אין דער לופט, אַזוי צו זאָגן, האָט זיך געשפּירט די נויטווענדיקייט פאַר א טרייסט־וואָרט פון די בינע־ברעטער אַראָפּ; ניט קיין דירעקטער „נחמו”, נאָר אויף אַן אומדירעקטן אופן ווירקן דערמונטערנדיק אויפן פארחשדטן און פאַריאושטן יידן.

האָבן זיך טאַקע אין שטעט און שטעטלעך פונעם יידישן תחום

באַוויזן וואַנדערנדיקע יידישע טעאַטער טרופּעס (זשיטאָמירסקי, גוזיק, געפּנער, מאירסאָן, פישזאָן, ספּיוואַקאָווסקי, ליפּאָווסקי, סאבסאי, קאַמינסקי, קאַמפּאנייעץ, ליבערט, ראפּעל א. א.) און האָבן מיט דער ליבנסווירדיקער דערלויבעניש פון דער פּאָליציי געגעבן יידישע פאָרשטעלונגען.

אָפט פלעגן די דאָזיקע שוישפּילער־טרופּעס מוזן פאַרוואַנדלט ווערן אין „דייטשישע", אָדער אין „יידיש־דייטשישע", און גאַנץ אָפט פלעגן זיי מוזן „ריידן די פּראָזע" מיט אַ פּתח, כדי עס זאָל קלינגען דייטשיש... אָבער מע האָט געשפּילט טעאַטער אויף אַלערליי אופנים און דער עולם איז געלאָפן זען און הערן.

חתונה־זאַלן און טאַנץ־זאַלן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טעאַטערס און מע האָט געשפּילט אַלץ, וואָס אונטערן האַנט איז געקומען, — פון גאָלדפאדנס „באָבע יאַכנע", אויערבאַכס „בוסתנאי" ביז שעקספּיר־גוזיקס „שיילאָק" און גוצקאָוו־געפּנערס „אַקאָסטאַ"...

געשפּילט האָבן ווער עס האָט נאָר געהאַט גאַט אין האַרצן...

דער אופן ווי אזוי מע האָט געשפּילט איז געווען ממש עפּאַכעמאַכנדיק: — די דריי סטאַבילע מענטשן פון טעאַטער, נעמלעך: דער פאַריקמאַכער (פריזירער), דער רעקוויזיטאָר (פּראָפּערטי מאַן) און דער סטאָליער, האָבן אויך פאַרגעשטעלט: די חילות אין „בר כוכבא", די באַלעבאטים אין „קוני לעמל"; זיי זיינען געווען די נאָבל־לייט אין „שיילאָק", די קאַרדינאַלן אין שאַרקאַנסקיס „כל נדרי" און די חרם שעלטער אין „אַקאָסטא"...

אָבער ניט געקוקט אויף די אַלע אומגעלומפּערטקייטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די דאָזיקע אַזוי־גערופענע טעאַטערס, זיינען זיי דאָך שטענדיק געווען באַזוכט פון אַ גרויסן עולם, וואָס האָט געלעכצט אויסצולעבן זיך אויף אַ וועלכן עס איז אופן אין אַ יידישער סביבה, אין יידישער קולטור.

נאַטירלעך זיינען צווישן דער מענגע וואַנדערנדיקע טרופּעס געווען אייניקע, וואָס האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון בעסערן עולם, פון דער אינטעליגענץ. אַזעלכע טרופּעס זיינען געווען: דער אַנסאַמבל פון אסתר רחל קאַמינסקי, די טרופּע פון ליבערט, סאַמבערג, מאירסאָן א. א.

די דאָזיקע טרופּעס האָבן זיך באַמיט צו שפּילן בעסערע פּיעסן און האָבן אויך געזוכט צו מאַכן בעסערע, לייטישערע אויפפירונגען. זייער רעפּערטואַר איז באַשטאַנען פון פּינסקיס, קאָברינס, ליבינס און גאָרדינס פּיעסן, וואָס זיינען צו יענער צייט געווען גאַנץ ניי פאַר

רוסלאנד. זיי האָבן אויך ארייַנגענומען עטלעכע פּיעסן, איבערגע־זעצטע פון פרעמדע שפראכן („נאָרא" פון איבסען, „היימאט" פון זודערמאַן, „שניי" פון פּשיבישעווסקי, „די יידן" פון טשיריקאָוו אַ. אַ.)

די אויבנדערמאָנטע טרופּע פון אסתר רחל קאַמינסקי, אונטער דער לייטונג פון מארק ארנשטיין, האָט אין 1908 געגעבן עטלעכע טעאַטער פאָרשטעלונגען אין פּעטערבורג. דער באַרימטער טעאטער קריטיקער „האָמאָ נאָוואוס" (ר. קוגעל) איז אריינגעפאַלן אין אזא התפעלות פון די פאָרשטעלונגען און פון דעם שפּילן, אז ער האָט דאָס יידישע טעאטער באצייכנט ווי אַ גרויסע קונסט אינסטיטוציע און די שוישפּילערין אסתר רחל האָט ער אַנגערופן „די יידישע דוזע".

אין יענער צייט האָבן אין רוסלאַנד גאַסטראָלירט צוויי אַמערי־קאַנער יידישע שוישפּילער, — סעם אדלער און יוליוס אדלער, — מיט זייערע אייגענע טרופּעס, אָרגאַניזירטע אין רוסלאַנד.

די דאָזיקע צוויי טרופּעס זיינען געווען אין זייער מהות און אין זייערע באַשטרעבונגען גאַנץ פאַרשיידן, אָבער איין אלגעמיינעם שטריך האָבן זיי געהאַט ביידע, און דאָס איז געווען: — דער פאַרלאַנג (און ווי וויַיט מעגלעך אויך דאָס פאַרווירקלעכן) צו שפּילן פיין טעאַטער, גאַנץ אַנדערש ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן ביז זיי.

האָט יוליוס אדלער געבויט זיין דערפאָלג אויף נאַטוראַליזם, רעאַליזם, שטימונג און געשליפענער שוישפּיל, און סעם אדלער האָט געגלאַנצט מיט זיין טעאטראַלישקייט און פאַלקסטימלעכער פּשטות.

יוליוס אַדלער האָט רעפּרעזענטירט זיינע שוישפּילערישע לייס־טונגען אין גאָרדינס, ליבינס און זאָלאָטארעווסקיס פּיעסן. סעם אדלער באַוויַיזט זיך פאַרן עולם מיט גאָלדפאַדן, לאַטיינער, און, בלויז טיילווייז הייבט ער אָן זוכן צו באַרייכערן זיין רעפּערטואַר מיט דראַמאַטישע ווערק פון שלום עליכם, פּינסקי, אַש א. א.

אין אָנהויב 1908 האָבן זיך די דאָזיקע „אמעריקאנער" טרופּעס געפונען אין פאַרשיידענע טיילן פון רוסלאנד, — יוליוס אדלער האָט געשפּילט אין פּוילן און סעם אדלער האָט גאסטראָלירט אין פאַרשיי־דענע שטעט און שטעטלעך פון וויַיסרוסלאַנד.

די נייע סצעניש און שוישפּילערישע שטרעבונגען, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין יידישן טעאטער, האָבן באַוואויגן אַ היפּש ביסל יידישע יונגע שרייבער צו פאַרנעמען זיך מיט שרייבן פּיעסן, וואָס זאָלן אַנט־שפּרעכן די נייע שטרעבונגען.

ווען סעם אדלער איז געקומען אויף גאַסטשפּילן קיין מינסק, האָט אים איינער פון דעם מין יונגע שריפטשטעלער, — יולי וואָלין, —

פאַרגעשלאָגן אויפצופירן זיינע אַ פּיעסע מיטן נאָמען „דער זון פון שטורעם״, וועלכע באַהאַנדלט די נאָכווייענישן פון דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע.

סעם אדלערס טרופּע איז באַשטאַנען פון אַ ריי יונגע און אויך עלטערע גוטע שוישפּילער, ווי נעראַסלאַווסקאַיאַ, מאַדאַם גאָלדבערג, יעקב בן־עמי, י. מיטלמאַן, לאַזאַר פריד, סעם אדלער אַליין א. א., אַזוי, אַז ער איז בכח געווען אויפצופירן אַן ערנסטע „ליטעראַרישע״ דראַמע. ער האָט די פאַרגעשלאָגענע פּיעסע פון י. וואַלין אָנגענומען און האָט זי אויפגעפירט מיט דערפאָלג. דאָס האָט אים דערמוטיקט צו זוכן מער נייע פּיעסן און, דעריבער, ווען ער איז געקומען קיין באַברויסק, האָט ער זיך, ביי אַ באַגעגעניש, געווענדט צו מיר מיט אַן אָנפראַגע, אפשר האָב איך פאַר אים אַ פּיעסע.

צופעליקערווייז האָב איך דאַן אָקאָרשט געהאַט פאַרענדיקט איבערזעצן די פיר אקטיקע פּיעסע „פּאַסינקי זשיזני״ פון דוד בן־אריה (דוד מאַגיעוויטש), וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם ערשטן ליטעראַרישן זאַמלבוך, וואָס דער סקירמונט פאַרלאַג אין מאָסקווע האָט אַרויסגעגעבן. אין יידיש האָט די פּיעסע געהייסן: „גאָטס שטיפקינדער״.

אין דער דאָזיקער דראַמע האָט דער מחבר אויף אַ שטאַרק רעאַליסטישן אופן געשילדערט די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די יידישע האָרעפּאַשניקעס, די קאָנפליקטן וואָס זיינען צו יענער צייט אַנטשטאַנען אין די יידישע היימען צווישן עלטערן און קינדער און צווישן די קינדער גופא צוליב דעם באַפרייאונגס שטראָם בכלל און צוליב די פאַרשיידענע ריכטונגען אין דעם שטראָם, וואָס האָט שוין פאַרכאַפּט אַ גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט.

אין דער פּיעסע זיינען בולט אַרויסגעבראַכט געוואָרן די ליידן פון די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן מיט זייער בלוט באַצאָלט פאַר אַלע אומגעלומפּערטע מעשים פון דער צאַרישער הערשאַפט.

סעם אדלער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פּיעסע: — אַזוי רעאַליסטיש, אַזוי אמתדיק, ממש ווי אין לעבן...

ער האָט די פּיעסע אָנגענומען און האָט מיך איינגעלאַדן אויפצופירן זי און אויך צו שפּילן די ראָל פון דעם קאַפּעלמייסטער ישראל.

איך האָב דעם פאָרשלאָג אָנגענומען. נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באַקומען פון דער אָרטיקער פּאָליציי אַ דערלויבעניש צו שפּילן די פּיעסע, הגם זי איז נאָך ניט דורכגעגאַנגען די ספּעציעלע טעאַטער צענזור און איך בין גלייך צוגעטראָטן צו פּראָבן. ניעראַסלאַווסקאַיאַ, געדענק איך, האָט געשפּילט גאַנצע

צוויי ראָלן; בן־עמי האָט געשפּילט דעם רעוואָלוציאָנער בנימין; לאַזאַר פריד — דעם שלים מזל וועלוול; סעם אדלער האָט געשפּילט עפּעס אַן אַלטן ייד, אַ קאַליקע, און דעם עלטערן יידן, דעם טענדלער, דעם פילאָסאָף פון דער דראַמע, האָט געשפּילט טיטעלמאַן.

טיטלמאַן איז געווען אַ באַגאַבטער שוישפּילער, אָבער לחלוטין אַן אומקולטורעלער מענטש און דערצו — מיט אַלע אָפּשטויסנדיקע אייגנשאַפטן פון אַ פּראָווינציעלן אַקטיאָר.

צווישן אָט דעם שוישפּילער טיטלמאַן און מיר האָט זיך שפּעטער אָפּגעשפּילט אַ טראַגי־קאָמישער עפּיזאָד, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קולטור מצב פון יידישן טעאַטער אין יענער צייט.

נאָך אַ געהעריקער צוגרייטונג איז די פּיעסע „גאָטס שטיפקינדער", אויפגעפירט געוואָרן, און דער דערפאָלג איז געווען איבערראַשנדיק גרויס. די פאָרשטעלונג איז געגאַנגען וואָכן לאַנג ביי געפּאַקטע אוידיטאָריומס. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז איך בין באַלד געקרוינט און באַטיטלט געוואָרן מיט די נעמען „גרויסער קינסטלער", „גוטער רעזשיסער" א. א. וו.

דאָס איז געווען אין פעברואַר 1908.

פּסח צייט איז סעם אדלער מיט דער טרופּע אַוועק קיין קיעוו אויפן גאַנצן זומער סעזאָן צו שפּילן אין דעם גרויסן טעאַטער „בערגאָניע". דאָרט האָט ער געמאַכט עטלעכע אויפפירונגען פון גאָלדפאַדנס אָפּערעטעס און זיי האָבן געהאַט דערפאָלג. אָבער אויך אין לעבעדיקן און זאַרגלאָזן קיעוו האָבן זיך יידן פאַרבענקט נאָך עפּעס בעסערס און צייטיקערס און האָבן עס פּשוט געפאָדערט.

סעם אדלער האָט מיר צוגעשיקט אַ דעפּעש מיט אַן איינלאַדונג צו קומען צו אים אין קיעוו אויפן גאַנצן זומער סעזאָן אלס רעזשיסער. איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען און בין אַוועק קיין קיעוו אַ באַפליגלטער מיט גרויסע האָפענונגען. אָבער... אַ מענטש טראַכט און דער אַקטיאָר טיטלמאַן לאַכט...

אָנגעקומען קיין קיעוו, האָבן מיר זיך גענומען צו דער באַנייאונג פון דער דערפאָלגרייכער פּיעסע „גאָטס שטיפקינדער" און אין אַ צוויי וואָכן ארום איז מיט גרויס טעאַטראַלן פּאַראַד פאָרגעקומען די פּרעמיער פאָרשטעלונג.

אין קיעוו איז דער דערפאָלג פון דער פּיעסע געווען נאָך גרעסער. די רוסישע פּרעסע (קיין אַנדערע איז אין קיעוו ניט געווען) און דערהויפּט דער באַרימטער טעאַטער קריטיקער יאַרצעוו האָט געלויבט די פּיעסע, די שוישפּילער, דעם רעזשיסער און די אויפפירונג ממש

אין הימל אריין. דער עיקר אָבער איז דער מאַטעריעלער דערפאָלג געווען גרויס און דאָס האָט, נאַטירלעך, געגעבן מער קוראַזש און דערמוטיקט צו ווייטערדיקער ארבעט אין דער באַנייאונגס ריכטונג.

איך האָב זיך גענומען שאַפן אַ רעפּערטואַר און האָב זיך געווענדט צו אונדזערע באַוואוסטע דראַמאַטורגן אין רוסלאַנד — צו שלום אַש, פּרץ הירשביין, א. ווייטער א. א. זיי זאָלן מיר דערלויבן אויפצופירן זייערע פּיעסן. אַש און ווייטער האָבן מיר צוגעשיקט זייער דער־לויבעניש טעלעגראַפיש און הירשביין האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט מיך דערמוטיקט און פאַרענדיקט זיין בריוו האָט ער מיט ניעקראַסאָווס, „סעיטיע ראַזומנאָיע, דאָבראָיע, וועצנאָיע״. איי־בערזעצט אויף יידיש: „זייען שיינעס, דערהאַבענעס און אייביקעס״. (דער בריוו, א וויכטיקער היסטאָרישער טעאַטער־דאָקומענט געפינט זיך אין ייוו״א אין ווילנע.)

אַזוי ווי אַשס דערלויבעניש האָב איך דערהאַלטן די ערשטע, האָב איך זיך גענומען צוגרייטן די אויפפירונג פון „גאָט פון נקמה״.

די פּראָבן זיינען געווען אין פולן גאַנג. טיטלמאַן האָט געשפּילט די ראָל פון יעקל שאַפשאָוויטש און עס האָט אויסגעזען, אז ער איז מיט זיין שוישפּילערישער לאַגע גאַנץ צופרידן; אָבער אין דער אמתן האָט ער געטראָגן אין האַרצן אַ פאַרביטערטקייט קעגן מיר, למאי איך, אַ מענטש, לויט זיין מיינונג, גאָר אַ זייטיקער, פון דער גאַס געקו־מען, האָט זיך אריינגעריסן אין זיין קרעמל און וויל נאָך פאַרנעמען אַ שטיקל אויבנאָן, וואָס, על פּי זיין שכל, קומט גאָר אים...

די דערפאָלגן פון מיינע אויפפירונגען האָבן אים געשראָקן און געקרענקט און ער האָט שטילערהייט געגרייט פאַרשיידענע קונצן און הינטערפיסלעך קעגן מיר.

צוערשט האָט ער אָנגערייצט די צווייט און דריט קלאַסיקע שוי־שפּילער, זיי זאָלן סאַבאָטאַזשירן אין דער אַרבעט, און אז דאָס האָט ניט געהאָלפן איז אים איינגעפאלן אַן אַנדער פּלאַן, וועלכן ער האָט פאַרווירקלעכט מיט דערפאָלג און האָט אויך דערגרייכט זיין ציל, נעמלעך — ער איז פּטור געוואָרן פון מיר.

געטאָן האָט ער אַזוינס, וואָס האָט בולט באַלויכטן דעם גאַנצן מהות פון אַ געוויסן מין יידישן אקטיאָר אין יענער צייט (און אפשר פון אלע יידישע אַקטיאָרן אין אלע צייטן...), דעם קולטורעלן מצב און די קינסטלערישקייט, מיט וועלכער ער, דער יידישער אקטיאָר, איז געווען באַהויכט.

פּאַסירט האָט עס אין אַן אָוונט, ווען אין דעם זומער טעאַטער

„שאטאָ דע פליער" איז געגאנגען א פאָרשטעלונג פון „גאָטס שטיפ־קינדער".

פריער איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אז איך האָב אין דער פיעסע געשפּילט די ראָל פון קאַפּעלמייסטער. די ראָל ענדיקט זיך אין דריטן אַקט.

אַז איך האָב געענדיקט שפּילן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פערטער אַקט, אין וועלכן בן־עמי האָט זייער פיל צו טאָן, בין איך א ווײַלע געבליבן שטיין אין די קוליסן, זען, ווי עס ווערט געשפּילט, און דאַן בין איך אַוועק אין מײַן גאַרדעראָב־צימער אַראָפּנעמען פון זיך דעם גרים.

פּלוצלונג איז זייער שטיל געוואָרן אויף דער בינע. איך בין ארויסגעלאָפן פון צימער און האָב דערזען, אז דער פאָרהאַנג איז אַראָפּגעפאַלן, בן־עמי איז געבליבן אויפן פּראָסצעניום מיטן פּובליקום און אויף דער בינע שטייען די איבעריקע שוישפּילער צעשראָקענע און פאַרלאָרענע. איך בין גלײַך אראָפּגעלאָפן אונטן צום סופלאָר און האָב אים א פרעג געטאָן, וואָס אזוינס עס האָט פּאַסירט, פאַר וואָס האָט ער געלאָזן פאַלן דעם פאָרהאַנג. א פאַרלאָרענער האָט דער סופלאָר געענטפערט, אַז ... טיטעלמאַן האָט עס אים געהייסן טאָן.

— פאַרוואָס האָט ער עס געהייסן טאָן? צוליב וואָס? דאָס איז דאָך נידערטרעכטיק צו טאָן אזעלכע זאַכן!

— איך ווייס ניט. ער האָט געהייסן, האָב איך געטאָן, וואָס ער האָט געהייסן.

איך האָב זיך, נאַטירלעך, אָנגעשטויסן, וואָס דאָ קומט פאָר...

יענעם אָוונט האָבן דאָס טעאַטער באַזוכט די פאַמיליעס בראָדסקי און פּאָליאַקאָוו. דאָס זײַנען געווען די שיינדל־משפחות פון קיעווער יידנטום און די מעצענאַטן פאַר יידישע ענינים. דער פאָרגעקומענער אינצידענט האָט געקאָנט שלעכט אויסגעטייטשט ווערן פון די דאָזיקע מעצענאַטן און דאָס וואָלט זיכער געבראַכט שאָדן דעם געשאַפענעם פּרעסטיזש פון דער טרופּע. אָן אויפגערעגטער איז סעם אדלער אַרויס צום פּובליקום, האָט זיך אנטשולדיקט און דערקלערט, אז א שטריק האָט פּלוצלונג געפּלאַצט און דעריבער איז דער פאָרהאַנג געפאַלן, אָבער מע וועט אָנהויבן דעם אַקט איבעראַנייס...

אומקערנדיק זיך אויף דער בינע, האָט דער רויקער סעם אדלער אומגעשפּרייזט ווי א צערייצטע חיה און האָט געשריען:

„באַהעלפער, וואָס איר זייט! שלעפּער זייט איר ניט קיין אַקטיאָרן, מע טאָר אייך אויף א בינע ניט ארויפלאָזן!".

דער אַקט האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָסניי. אין דעם מאָמענט האָב איך באַשטימט, אז פאר מיר ווערט דער אַקט געשפּילט צום לעצטן מאָל. עס איז מיר קלאָר געוואָרן, אז איך האָב דאָ מער ניט וואָס צו טאָן.

איך האָב גלייך געלאָזט וויסן דעם עניותדיקן און ליבן סעם אַדלערן, אַז ביי אַזאַ לאַגע קאָן איך אין זיין טעאַטער מער ניט בלייבן און דעריבער וועל איך אין א פּאָר טעג ארום פאַרלאָזן קיעוו.

מיט אַ געפיל פון טיפער באַליידיקונג בין איך אַוועק פון טעאַטער.

אויף מאָרגן פרי זיינען צו מיר געקומען ניעראָסלאַווסקאַיאַ און סעם אדלער און האָבן זיך באַמיט צו ענדערן מיין באַשלוס וועגן פארלאָזן קיעוו. זיי האָבן עס אָבער ניט געפּועלט, — איך האָב זיי דערקלערט, אז עס וואָלט געווען נאַריש און אומפּראָדוקטיוו צו בלייבן אין אַן אַטמאָספערע פון סאָבאָטאַזש און הינטערפיסלעך. ניט מיט אַזעלכע מעטאָדן בויט מען זאַכן בכלל, און זיכער ניט קיין קולטור און קונסט אינסטיטוציעס.

זיי זיינען אַוועק אין אַ געדריקטער שטימונג און האָבן צוגעשיקט צו מיר דעם בחור אליין, ד. ה. טיטעלמאַנען, ער זאָל זיך דורכשמועסן מיט מיר.

און ער איז געקומען. און ער האָט געשמועסט. און אָט דער דאָזיקער שמועס איז עס געווען דער קלימאַקס, וואָס האָט אויסגע־דריקט די שיפלות פון א געוויסן מין יידישע אקטיאָרן אין יענער צייט; די שיפלות, וואָס האָט געצוואונגען ערנסטע מענטשן (בתוכם אויך פּרץ הירשביין, א. ווייטער, י. ל. פּרץ, דר. אַ. מוקדוני א. א.) צו נעמען זיך טאָן עפּעס אויף דעם געביט און אזוי ארום פאַרטרייבן לפחות די שיפלות פון דאָרטן...

און אָט איז דער „היסטאָרישער" שמועס.

טיטעלמאַן קומט אריין גאַנץ ברייטלעך צו מיר אין צימער.

— גוטמאָרגן, מענדל! איך האָב געהערט, אז דו ביסט עפּעס ברוגז אויף מיר. איז דאָס אמת? פאר וואָס ביסטו ברוגז?

— „ניין, האָב איך געענטפערט, וואָס האָב איך צו דיר און וואָס קאָן איך פון דיר פאַרלאַנגען?... ברוגז בין איך אויף זיך אליין, פאַרוואָס איך קריך וואוהין מע דאַרף ניט..."

— וואָס־זשע, דו ביסט אויפגערעגט פון נעכטיקן צופאַל? אדלער זאָגט, אז דו קלייבסט זיך אוועקפאָרן, איז דאָס אמת?

— „ביסט צופרידן פון דעם? יאָ, איך פאָר אוועק און לאָז איבער פאַר דיר די גאַנצע קרעמל".

— גיי שוין גיי, האָט ער גאַנץ גוטמוטיק א זאָג געטאָן, ביסט א יאָלד. ווייס איך וואָס, מאַלע וואָס אין טעאַטער־לעבן מאַכט זיך...

— ניט עס מאַכט זיך, נאָר מע מאַכט,—האָב איך ביטער באַמערקט.

— ביסטו דאָך טאָקע א יאָלד. ווער רעכנט זיך עס מיט אזעלכע קלייניקייטן? אָט האָב איך געשפּילט פאר הינט און גאַרנישט, בין געבליבן אַן אַקטיאָר ווי געווען.

— וואָס מיינסטו? וואָס הייסט דו האָסט געשפּילט פאַר הינט?

— פּראָסט פּשוט, געשפּילט פאַר הינט, אָט ווי דו הערסט. געווען איז עס אזוי... און מיט א פריילעכן פּנים און מיט א שטאָלצקייט אין שטים האָט ער אָנגעהויבן דערציילן די פאָלגנדיקע דערשיטערנ־דיקע געשיכטע:

— „מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך ארומגעפאָרן מיט א טרופּע איבער די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. געשפּילט האָבן מיר וואָס און וואו און ווי עס האָט זיך געמאַכט, אַבי פאַרדינען א פּאָר רובל. אָבער די „וואָס און וואו און ווי" האָבן ניט געהאָלפן און מיר זיינען געבליבן שטעקן אין א שטעטל ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו רירן זיך פון אָרט און אויך ניט קאָנענדיק בלייבן אויף דער אכסניה אין שטעטל, ווייל קיינער פון אונדז האָט ניט געהאַט קיין גראָשן ביי לייב און לעבן. די לאַגע איז געווען אַ פאַרצווייפלטע און עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערן. איך בין געפאַלן אויף אַ פּלאַן: אזוי ווי די שטעטל געהערט צו א פּוילישן פּריץ, א דוכוס, וועל איך גיין צו אים און בעטן ער זאָל אונדז ארויסהעלפן.

גערעדט און געטאָן: אוועקגעגאַנגען צום דוכוס.

ניט אזוי גרינג איז מיר אָנגעקומען דערשלאָגן זיך צו אים, אָבער סוף כל סוף האָב איך דאָס מייניקע דערגרייכט און ער האָט מיך אויפגענומען. איך האָב אים דערציילט וועגן אונדזער לאַגע און געבעטן זיין הילף.

דער דוכוס האָט מיך אויפמערקזאם אויסגעהערט, האָט מיך באַ־טראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און האָט מיר געענטפערט בזה הלשון:

„קיין נדבות יידן גיב איך ניט, אָבער איך וועל אייך ארויס־העלפן, איך וועל אייך געבן געלט כדי איר זאָלט וואָס גיכער טאָקע אַוועקפאָרן פון דאַנען. אומזיסט וועל איך אייך דאָס געלט ניט געבן, איר וועט עס דאַרפן ביי מיר פאַרדינען, — איר וועט דאַרפן געבן ביי מיר א פאַרשטעלונג. א זאָל האָב איך אַ גרויסן מיט א בינע, מיט גאַרדעראָב צימערן, וועט איר פרייטיק, ווען עס הייבט זיך אָן אייער שבת, געבן אַ פאַרשטעלונג. שפּילן קאָנט איר וואָס

איר ווילט און ווי אירווילט. דאָ ווידזעניא...״

איך בין אַוועק אַ צופרידענער, וואָס מיין פּלאַן האָט זיך איינגעגעבן און מיר וועלן ענדלעך קאָנען אוועקפאָרן פון דאַנען. איך האָב דערציילט מיינע קאָלעגן וועגן מיין דערפאָלג ביים דוכוס און מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן פּרייטיק.

אין אַ גוטער שעה דערוואַרט זיך... באַלאָדענע מיט די קאָסטיומען און אַנדערע מכשירים, וואָס זיינען נויטיק פאַר דער פאָרשטעלונג פון „שולמית״, זיינען מיר אַוועק אין הויף צום דוכוס. מע האָט אונדז באַוויזן דעם זאַל. מיר זיינען אריין און זיך גענומען גרייטן צו דער פאָרשטעלונג. איך האָב ווי עס איז געמאַכט אָן אָרדנונג אויף דער בינע, צעלייגט דעם רעקוויזיט און בין אוועק זיך גרימירן. ארום אכט אזייגער זיינען מיר אלע גרייט געווען צום שפּילן, אָבער קיין מוטער מענטש האָט זיך ניט באַוויזן. איז אונדז עפּעס קשה געוואָרן דער ענין. עס איז אוועק נאָך אַ האַלבע שעה און נאָך אַ האַלבע שעה, דער זייגער איז שוין געווען באלד ארום צען און קיין פּובליקום איז נאָך אַלץ ניטאָ. מיטאַמאָל האָט זיך אויף דער בינע באַוויזן א מענטש מיט א ידיעה פון דוכוס, אז אויב מיר זיינען גרייט צום שפּילן, וועט מען אריינלאָזן דעם עולם צושויער. מיר האָבן דערקלערט, אז מיר וואַרטן שוין באַלד צוויי שעה.

איך האָב אלעמען צעשטעלט אויף די געהעריקע ערטער און געוואַרט אויף א סיגנאַל צו אָנהויבן שפּילן.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט א מאָדנע קוויטשעריי, רייסעריי און בילעריי פון הינט. עס האָט זיך אונדז אויסגעדוכט, אז א מחנה הינט איז עמיצן באַפאַלן און עס קומט פאַר א געראַנגל מיט די באַפאַלענע, אָבער ווי גרויס איז געווען אונדזער איבעררעשונג, אז די טירן פון זאַל האָבן זיך געעפנט און מע האָט אריינגעלאָזן א מחנה פון אַ פינף הונדערט הינט, שרייענדיקע, בילדנדיקע און דאָס איז געווען דער עולם, פאר וועלכן מיר האָבן באַדאַרפט שפּילן „שולמית״...

מע האָט אויפגעצויגן דעם פאָרהאַנג. דערזעענדיק דעם שווארצן צינגעטאַנג און די אנדערע טשיקאווע פאַרשוינען פון דער בינע, האָבן זיך די הינט א לאָז געטאָן אויף אונדז און עס האָט זיך אָנגעהויבן א שרעקלעכער ספּעקטאַקל צווישן די אקטיאָרן און די הינט. עס האָט געדויערט מער ווי א האלבע שעה ביז מע האָט אָפּגעריסן די הינט פון זייערע קרבנות, די יידישע „קינסטלער״ און די „פאָרשטעלונג״ איז געווען געענדיקט.

א גליק, זאָג איך דיר, וואָס קיין מעוברתע אקטריסעס זיינען

ביי אונדז ניט געווען, וואָרים זיי וואָלטן געוויס מפיל זיין פון שרעק...

איז וואָס מיינסטו, בין איך נתפעל געוואָרן פון דעם דוכוסעס איינפאַל? ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן, — איך האָב אַראָפּגענומען פון זיך די שמינקע און בין אוועק בעטן געלט פאַר דער פאָרשטע־לונג. אמת, עס האָט געדויערט פיינע עטלעכע שעה ביז מע האָט זיך דערמאָנט אָן מיר, אָבער מע האָט מיר דאָך ארויסגעשיקט פופצן, אָדער צוואַנציק רובל. איך האָב העפלעך באַדאַנקט און בין אוועק. וואָס טויגן די קונצן, — אויף מאָרגן זיינען מיר שוין אלע געזעסן אין באַן אויפן וועג אַהיים, ווער קיין וואַרשע און ווער קיין לאָדזש.

זעסטו, מענדל, אפילו אַזאַ זאַך, פון וועלכער מע האָט געקאָנט געשעדיקט ווערן, נעמען אַקטיאָרן ניט ערנסט. איך בין געבליבן אַן אַקטיאָר ווי געווען. און דו נעמסט זיך צום הארצן אזעלכע קליי־ניקייטן, ווי דער נעכטיקער צופאַל. פּע, מענדל, דו ביסט דאָך עפּעס א בר דעת..."

אין צימער ביי מיר איז געזעסן מיינער א חבר, ש. שטיינהארדט. אז ער האָט אויסגעהערט די „געשיכטע" האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט, ארומגעשפּרייזט נערוועז איבערן צימער און האָט מיט כעס א שפּיי געטאָן:

— „באַדאַרפט האָב איך א שפּיי טאָן אייך אין פּנים אריין, אייך, יידישער אקטיאָר, ווייל איר זייט ניט בעסער א האָר פון דעם פּוילישן דוכוס דעם כאָם און אויסוואורף, אָבער איך שאַנעווע מיין חבר מענדל; אויך אים וואָלט איך באַדאַרפט גוט משלם זיין דערפאַר, וואָס ער האָט צו טאָן מיט אזעלכע פאַרשוינען ווי איר זייט!" האָט שטיינ־האַרדט אויפגעבראַכט אויסגעשריען, האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז פאַרשוואונדן.

טיטעלמאַן האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס מיינט מען אים און איז שטיל אַרויס. איך בין געבליבן פאַרלאָרן און דערשלאָגן. איך האָב זיך דערפילט באַליידיקט און אָפּגענאַרט.

— אָט דאָס זיינען עס אונדזערע „קינסטלער", מישטיינס געזאָגט, דער שטאָלץ פון פאָלק! אז אָך און ווי איז צו אונדז...

די דאָזיקע שיינע געשיכטע האָט באַשטימט מיין צייטווייליקן גורל — איך האָב יענעם טאָג פאַרלאָזן קיעוו, ניט באַוויזנדיק אָנ־צונעמען הירשביינס פאָרשלאג צו „זייען שייבעס, ערהאבענעס און אייביקעס"...

איך האָב זיך באַגעגנט מיט הירשביינען ערשט אין 1910, ווען ער איז געקומען מיט זיין טרופּע קיין וואַרשע.

# דריטע אָפּטיילונג



אבא שטאָלצענבערג
מאיר שטיקער
נחגאָלדבערג
הערש ראָזענפעלד
אברהם רעגעלסאָן
אליעזר גרינבערג

# דריי לידער

## אבא שטאָלצענבערג

פון זיין בוך „לידער״, דערשינען דעם 26טן פעב. 1941
אין לעצטן טאָג פון דיכטערס לעבן
(1905—1941)

### חלום כנען

20טער פעברואַר, 1909

ווי אזוי קען מען קומען אין לאַנד כנען ? —
אין חלום איז לייכט אַהין צו קומען.
ניט קיין שרעק פאַרן טערק, ניט קיין שיף, ניט קיין באַן —
אַ שישקע פון א ברויט און אן עפּל געגומען ;

אַריבערגעפלויגן דעם גאָרטן, אַריבערגעשפּאַנט אַ פעלד,
אַריבערגעקראָכן אַ פּלויט, אַריבערגעקלעטערט אַ מויער,
כ׳שטעל אויף דעם קאָלנער פון רעקל, פון ירדן ציט אַ קעלט,
כ׳זעץ זיך אַביסל אַנידער אויף א בערגל זאַמד ביי א טויער.

ס׳פאָרן דורך ישמאלים און ציען מיר אָפּ דאָס קאַשקעטל.
איך לאָז זיך לויפן נאָך זיי און פאַל אריין אין אַ קעלער.
פלעשער מיט סאָרפּ אויף דער ערד, יוסף אויף א הילצערן בעטל,
צוויי שלאַנגען שפּילן אויפן צימבל, אויפן פידל אַ בעטלער אַ געלער.

ווי אין חלום שווינדלט דער קעלער, צוויי זעגן שטייען און זעגן,
אין מדבר, ניט ווייט פון בית אל, איבער א קופּע מיט שטיינער,
אין דרויסן זיצט מוטער רחל — זי זעט מיך און גייט מיר אנטקעגן,
ס׳בלענדט אויף איר קאָפּ די פאַטשיילע, ס׳בלאַנקט דער פאַרטוך
דער ריינער.

זי קאַכט אָפּ הירזש מיט האָניק, זי גיט מיר מעד צו טרינקען,
זי בענטשט מיך פאַרן אַוועקגיין און גיט מיר אויף קאַרשן צו קויפן.
ס׳לאָזט זיך א שאַרפער האָגל, די שיך אין ליים אריין זינקען,
ווער ווייסט צי כ׳וועל מיטן לעבן פון דאַנען קענען אַנטלויפן.

ווי שאָטנס גייען מרגלים מיט הענגלעך טרויבן אויף שטאַנגען,
מיין האָרץ בויערט דורך א געבריל, די האָר שטעלן אויף זיך קאַפּויר.
ס׳לאַכט מיר אין פּנים א לייב,—ער מעסט מיטן קנאָפּ צו דערלאַנגען...
איך דרימל מיט אָפענע אויגן אויף א בערגל זאַמד ביי א טויער.

ס׳פליען פייגל אהיים, ס׳הייבט זיך אָן שוין דער זומער.
איך לאָז זיך לויפן נאָך זיי, זיי ווייזן דעם וועג מיר פון אויבן.
אין שטאָט, נעבן באָקל זיצט שוין דער בעטלער דער קרומער,
ס׳פלאָטערן טויבן אויף דעכער, די זון האָט פאַרגאָסן די שויבן.

## דער משוגענער יאיר

14טער מערץ, 1909

שטאָט־משוגעים שלאָפן אין קלויז,
אין שעכטהויז, אין הקדש ביי דער טיר.
דער משוגענער יאיר קנאָקט א לויז צו א לויז
און דעקט זיך צו מיט צוקער פּאַפּיר.

אונטערן הימל שלאָפט ער ביינאַכט,
זומער און ווינטער, אין שניי און אין רעגן.
ער גייט ווי אַ נביא, און שעלט און לאַכט:
„איך בין ניט משוגע פאַר מיינעטוועגן".

„איך בין משוגע פאַר דער גאַנצער שטאָט,
און עס ניט און טרינק ניט און טראָג ניט קיין העמד.

איר זייט לייזיק אין שטוב און לייזיק אין באָד —
פאַרפאַלן וועט אייער געביין אין דער פרעמד."

ס׳פליען אים גרודעס בלאָטע אין פּנים.
ער מאַכט מיט די הענט ווי מ׳טרייבט פון זיך פליגן.
„ס׳וועט דער לאַנגער אלקנא מיט די לאַנגע בנים
מיט די מיאוסע מיידן אין הקדש נאָך ליגן.

די הקדש־אידענעס וועלן אים זאָגן:
זייט זיך מטריח, און גיסט אויס דאָס שעפל.
דער לאַנגער אלקנא וועט שעפּעלעך טראָגן,
די מיידלעך וועלן זיך קראַצן מיט צינערנע לעפל.

זיי וועלן מיט צעבויגענע לעפל זיך קראַצן,
די לייז און ווערים וועלן זיי בייסן,
זיי וועלן סיוויען, פון פערעניש פּלאַצן,
דער הונגער וועט זיי די געדערים צערייסן.

זיי ווערן געשוואָלן פון צופיל עסן,
זיי עסן און ברעכן און גיבן ניט קיינעם.
יאַנקעלע רויזן עסט גאַנצע מעת־לעתן
און שיינדעלע די גוטע שעלט אָרימע שכנים."

ער כאַפּט אַ שטיין אין קאָפּ און ער לאַכט:
„דער טייך וועט פאַרשווענקען אייער פאַרמעג,
ס׳וועט קומען אויף אייך די זעקסטע שלאַכט
איר וועט עסן די אייגענע ציין אויפן וועג.

אלקנא וועט עסן מיסט מיט ווערים
און יאַנקעלע רויזן וועט אומגיין אָן הויזן,
און שיינדעלע די גוטע וועט לעקן געדערים
פון געפּגרטע קעץ, ווי געפּרעגלטע רויזן.

וויפל זיי גיבן וועלן זיי האָבן.
איך בין ניט משוגע פאַר זייערטוועגן.
עס וועלן זיי פּיקן קאַניעס און ראָבן.
זיי טראָגן פאַרשלאָסענע זשמעניעס אָנטקעגן."

אבא שטאָלצענבערג

# דער טויט פון שטרויענעם ריטער

פון קאַשטנביימער פאַלן בלעטער,
און קאַלינעס זיינען רויט ווי בלוט.
ס׳גייט דאָס גנעדיקע פריילין מיט איר מאַן שפּאַצירן,
און זיכער איר האנט אין זיין אָרעם רוט.

ס׳טריקנט די בלאָטע און ס׳נעמט אַ פראָסט,
דער ווינט האָט די גאַסן אויסגעקערט.
דער שטרויענער ריטער קומט צוריק,
צו שטאַרבן אויף דער אייגענער ערד.

ווערטער דורך טרערן און לאנגע נעכט,
גאָט, גיב ניט קיין וואַסער און גיב ניט קיין ברויט.
נאָר לאָז מיר איבער מיינע אויגן,
נאָך איינמאָל צו זען זי פאַרן טויט.

ער גייט ווי אין אַ שווערן חלום,
און האַלט דעם קאָפּ זיך צו מיט די הענט.
די אויגן זיינע מיט בלוט פאַרלאָפן
און זיינע ליפּן פאַרברענט.

ער הערט איר קול ווי דורך אַ נעפּל,
און האָט אין גאַנג זי אָנגערירט.
שטערן צינדן זיך אים אין די אויגן,
דאָס בלוט אין די אָדערן פרירט.

ס׳טליען אין קלויז די יאָרצייט לאָמפּן,
געלעכטערס הילכן אויפן שפּאַציר.
אויף אַ האַרטער באַנק ליגט דער שטרויענער ריטער,
מיטן פּנים צו דער וואַנט, מיט די פיס צו דער טיר.

צום ערשטן מנין קומען יידן
און נעצן די הענט אין נאַסן גראָז.
צום פערטן מנין קומען יידן
און לייגן צוויי פעדערן צו צו זיין נאָז.

דאָס גנעדיקע פרײלין טוט אָן אַ שאַל,
די אויגן פון טרערן ווערן גרויס.
זי גייט נאָכן קאַסטן אַזוי צעבראָכן,
ווי אַן אַלטע יידענע זעט זי אויס.

זי שטעלט זיך אַנידער ביים אָפענעם גרוב:
„קיין פאַרענטפערונג וויל איך ניט האָבן".
זי שטרעקט זיך אויס אין דער גאַנצער לענג:
„מיט אים זאָלט איר מיך באַגראָבן."

פון קאַשטנביימער פאַלן בלעטער
און קאַלינעס זײַנען רויט ווי בלוט.
אונטער אַ בערגל פרישן ליים
דער שטרויענער ריטער רוט.

פון שטרויענעם ריטער איז אַ קופערט
מיט ביכער און בריוו געבליבן.
די ביכער האָבן די רוסן צעריסן,
פון די בריוו האָב איך לידער געשריבן.



# לידער

## מאיר שטיקער

## דעראינערונגען ביים קלאַוויר

### א

קום שמייכל, לייג זיך אין דער לענג און ברייט,
שפּאַלט מיינע אויגן אין זוניקע שניטן.
די סאָוועס שרייט, דאָס וואַסער שרייט, דער הילך פאַרגייט,
די גרויסע פאַווע האָט אירע טויזנטפאַרביקע עקן אויסגעשפּרייט,
די לבנה האָט דעם מילכוועג אויסגעמיטן.

אין געשליפענעם גלאָז די טויזנטפאַרביקע פּאַווע־עקן
שימערן שאָטנס און ליכט אַרוםביימער, אַרום זיך,
שלענגלען, וואַרפן זיך און שטרעקן
די טויזנט פאַרבן פון די פּאַווע־עקן, שפּרייטן און פאַרדעקן
די היפּערדיקע טריט וואָס שווינדלען גיך.

די לבנה איז ווייך, זייד, איבערגעריסן.
איך בין קליין, איינגעקאָרטשעט, מיינע שפּיצפינגער
זיינען אויסגענאָגט, די נעגל צעביסן,
די קלאַווישן קוקן פינצטער, גרינגער,
ליכטיקער ווערט פּלוצלינג מיין געוויסן.

אויף וועלכן וואַלדוועג האָב איך זי דעמאָלט געפירט,
וויפל שטערן זיינען פון הימל אַראָפּגעשפּרונגען
אויף איר קאָפּ? די לבנה האָט מיינע ליפּן אָנגערירט.
די סאָווע שרייט, דאָס וואַסער פרירט
און די טויזנטפאַרביקע פּאַווע עקן קלינגען.

ב

אויף וועלכן וואַלדוועג זיינען מיר דעמאָלט געגאַנגען —
די שלייפן האַקן הייס, די האָר קריכן אויס,
דער שאָטן אויף דער וואַנט הענגט שווער און גרויס.
די קלאַווישן שליידערן טויבע קלאַנגען.

שפּרייט, גרויסע פּאַווע, דיינע טויזנט פאַרביקע עקן,
דער שטויב פון טויבע קלאַנגען וועט מיך איבערדעקן.

איך האָב דערזען דעם גרויען קאָרטש האָר אויף דיין קאָפּ,
איך האָב געזען די סאָווע, איך האָב געזען דעם אַנטלאָף,
איך האָב געזען די שטערן נידערן אַראָפּ, אַראָפּ,
און די רוישנדיקע וואַסערן האָב איך געהערט
און די זינגענדיקע ערד.
ווער איז דעמאָלט מיט אונדז מיטגעגאַנגען
און אויסגעווישט די אויגן וואָס האָבן געטרערט?
די קלאַווישן שליידערן ברודיקע קלאַנגען.
שפּרייט, שפּרייט, גרויסע פּאַווע, דיינע טויזנטפאַרביקע עקן —
דער שטויב פון טויבע קלאַנגען וועט אונדז איבערדעקן.

# ליגן

ווער ס׳האָט אויפגעציטערט, אויפגערוישט פאַרווירט
און ווער ס׳האָט מיט אַ ביטער מויל געשוויגן,
ווען וועלקע ווערטער האָבן אָנגערירט
דעם זינקעדיקן זומפּ, דעם ליגן.
אַ, ווילד געוויקס, פאַרקנעכטסט די פרייד
מיט האַרטגעקניפּטע און מיט שניידנדיקע צאַמען —
נאָך אויף מיין יונגן האַלדז האָט מיר דיין קייט
געשניטן צייכנס און געזיגלט פלאַמען.
אַ, דאָרנבוים מיט וואָרצלען גרינעם גיפט
אין מיינע אָדערן, ווי גליענדיקע שניטן —
די אויגן שווינדלען און ווי שפּיגלשריפט
צערייצטע ווערטער זיינען אָנגעריטן,
מיט פרירנדיקן אָטעם, פאַר מיין טיר
און טויט געבליבן ליגן איבער מיר.

# באַלאַדע

מיין פעטער שמעון איז געגאַנגען פאַרדריפּעט,
מיין פעטער וואָלף האָט געלעבט פון פּראָצענט.
שמעונס ווייב האָט געוויינט און געכליפּעט
און טאָג און נאַכט געבראָכן די הענט.

מיין פעטער שמעון האָט געהאַט צוויי טעכטער,
מיין פעטער וואָלף האָט געהאַט צוויי זין,
איז איינער פון צווייטן געוועזן שלעכטער
און יעדן ווינטער געפאָרן קיין ווין.

פון ווין האָבן זיי אהיים געבראַכט ווייבער
מיט שמאָלע טאַליעס און בלאָנדע האָר.
שמעון איז געוואָרן אַ שמאַטע קלייבער
און וואָלף אלץ רייכער פון יאָר צו יאָר.

שמעונס טעכטער ווערן עלטער און בלאַסער
און יונגער די בלאָנדע ווייבער פון ווין,

זיי טרינקען ווייַן מיט זעלצער וואַסער
און שלאָפן אין העמדער פון קרעפּ־דע־שין.

זיי פאָרן אין בריטשקעס אינדערוואָכן
און שבת רייטן זיי אויף פערד.
שמעונס ווייב ווערט איינגעבראָכן,
שמעונס טעכטער ווערן פאַרצערט.

מייַן פעטער וואָלף האָט די זאַטע יאָרן
געשעפּט ווי וואַסער מיט אַ גאָלדענער קוואָרט.
צו פערציק יאָר איז אַ וואָגן געפאָרן
און שמעונען געפירט אויפן הייליקן אָרט.

אין הקדש זייַנען שמעונס טעכטער,
זייערע קעפּ זייַנען ווייס ווי דער וויַסער שניי.
אַ גאָט, וואָס ביזטו אַזאַ שלעכטער
געווען צו שמעונען און צו זיי?

# גוטע לייט, אידעלע לייט

א

איך וויל איר זאָלט פאַרצייכענען, געדענקען,
און אויפבאַוואָרן ווי אַ לעצטן שטראָל:
דער אָדלער מיידט זייַן נידערפאָל
און שניידט זייַן שאַרפסטן קרייז איבער דער ערד
און וויל זייַן לעצטן אָטעמהויך ניט שענקען
דעם יעגערס ביסטרע אויג. איבערגעקערט
זינקט ער, נאָך ווען דער ווינט וועט אייביק בענקען.

איך בין ניט קיין אָדלער, נאָר פון אייערע אויגן דער שרויט
וועט ניט גרייכן די נאָענטע פיר איילן צו מייַן הויט.
מיט מייַנע שאַרפע פלייצעס האָב איך איבערגעשניטן
דעם רוים און געבליבן הענגען אינמיטן
פאַלן. זעט, דער הימל האָט אויפגעבלויט
אין מייַנע אויגן, אין אייַערע פינצטערט קויט
און דער שטויב פון טרונעס און דער שטויב פון טויט.

ב

איצט בליט דער בעז, אָדער פאַרקערט,
האַרבסטיקע שטרויפייערן פלאַקערן אויף דער ערד.
דער לעצטער זומער פויגל שערט די לופט, ווינטן קנאַלן
און רויטע בלעטער טראַסקען פאַרן פאַלן.
לאַנגע רעגנס קומען, פעלדמייז שטאַרבן —
ווער שניידט די קאָרע, ווער האַקט די קאַרבן,
ווער זייעט פינצטערגיש, ווער שפּרייט
זי אויס אויף לעבעדיקע זאַכן, ווער באַלייט
דעם ווינט וואָס ציט פון בוים און גראָז דעם לעצטן אָטעם אויס?

גוטע לייט, איידעלע לייט, אייער טרויער איז גרויס
און אייערע אויגן זיינען איבערגעלאָפן מיט טרערן —
ווייסט, דער ביטערער ווינט וועט אייך פאַרקערן
פון מיין שוועל, צוזאַמען מיט די בלעטער און דעם לעצטן שטויב,
ווי אַ גיריקע חיה וואָס באַפאַלט איר רויב.

# צום דיכטער א. טאַבאַטשניק

דאָ, וואו איך בין געשטאַנען אין אַ דורכגעשטריפטן זייל פון דער זון,
אין קעלער שטויב, אין פייכטקייט, אין דער שמאָל געוועלבטער
קאַמער, און
געקליבן דעם איבערגעבליבענעם רעשט פון דיין קאַרג פאַרמעגן —
פאַר דיר, פאַר דיין ווייב און פאַר דיין קינד —
האָב איך דיך פון דער ווייט געפרעגט, אָדער דיך געוואָלט פרעגן,
וועגן אזוינע זאַכן וואָס שטייען אייביק שטאַר פאַר אונדז און קוקן בלינד
אונדז אָן, ווי גאַרניט, און בלייבן אייביק אָן ענטפער שולדיק.
שטיל און געדולדיק האָב איך געקליבן:
אַ ניט דערוואַשן אונטערהעמד, מיט ברודיקע, געקניפּטע שפּיצן,
אַ דינעם העפט מיט אַ רויער, קינדערישער שריפט פאַרשריבן,
אָפּגעריבן געשיר, פאַרזשאַווערטע האַרנאַדלען, אַ שליטעלע —
דיין קינדס? —
איך האָב זיך דערמאָנט די מעשות פון פאַרבלאָנדזשעטן ציגיינער פרינץ
וואָס דו פלעגסט איר דערציילן.
דאָ, אין קעלער־קאַמער, אין די שמאָלע, שטויביקע פיר איילן,

האָב איך ווידער דערזען דאָס קינד אויף דיינע קניען,
(דאָס קליינע, דערשראָקענע ווייב האָט זיך געפּאָרעט אין קיך,
געקלאַפּט מיט די האַרטע, הילצערנע אָפּצאָסן פון די שיך.)
איך זע נאָך איצט דיינע אָנגעצונדענע אויגן גליען:
— אַמאָל איז געווען אַ ציגיינער פּרינץ...

ב

ניט איינמאָל האָב איך געפרעגט פון וואַנען דו ביזט צו אונדז געקומען
אַזוי פלוצלונג און ווי אַ דאָרנבוש פלוצלונג אויפגעבערענט?
(ווער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דיך אין לויטערן פייער
דערקענט?)

ווילדער וויכער פון רוסישן סטעפּ,
פאַר אונדזערע בלאָסע שויבן, פאַר אונדזערע געבראָכענע טרעפּ,
וואָרצלדיקער קראַט אין אונדזער ווייכער, פייכטער ערד —
פון וואַנען ביזטו געקומען און אונדזערע גערטנער איבערגעאַקערט
און איבערגעקערט?

דו האָסט געזאָגט: איך שענק אייך מיינע הייסע, מיינע ערלעכע הענט.
(ווער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דיך אין לויטערן פייער
דערקענט?)

דו האָסט געזאָגט: זעט, דאָס איז גאָלד און דאָס איז מיסט.
מיר האָבן ניט געפרעגט פון וואַנען דו קומסט און ווער דו ביזט,
נאָר גאָלד מיט גאָלד און מיסט מיט מיסט געוואויגן —
דו האָסט אונדז געגעבן דיינע הענט, דיין האַרץ און דאָס לויטערע פייער
פון דיינע טאַטערישע אויגן.

ג

דו האָסט א ווייב, דו האָסט אַ קינד,
דו האָסט חברים וואָס צייכענען דעם גאַנג פון שטערן, דער ווינט
רינט ווי דין געזאַנג אין זייער בלוט.
דו קענסט עס הערן און דיר איז גוט.
אין דיינע אָדערן ווערט עס געשריי, הילכיק און פריי.
„אין גרויסע שטעט, אין שטיינערנע אַלייען,
בליען מיר ווי יאַשמין, רוישן מיר ווי מאַי.״

ס׳איז ניט דער ערשטער פרילינג, ניט דער צוויטער, ניט דער דריטער,
פון צופיל נאַענטקייט שפּרינגען די ערשטע שפּליטער.

# לידער

האַרבסטן קומען ביטער און ווינטן וואָס זויגן
די לידער פון די ליפּן, די לידער פון די אויגן.
ציגײַנער פּרינץ, אָנגעטרונקען מיט זון, איצט ווילסטו מײַדן די שוועלן
פון אונדזערע שטיבער —
פון אַלע אַנדערע דיכטער געזעלן האָב איך דיך אַליין נאָך ליבער.

ד

איך קען ניט זאָגן אַז דאָ אַהער בין איך דיך געקומען זוכן —
אַ, ווילדער וואַלד פון ווידערשפּרוכן! —
אין קעלער־שטוב, צווישן אַלטן בלעטערוואַרג און טונקעלע גערוכן.
נאָר דאָ האָב איך דיך געפונען, דאָ האָב איך צו דיר גערעדט,
דאָ, וואו דער טרוקענער זשאַווער האָט געגלעט
די אײַזערנע געשטעלן פון צעבראָכענעם בעט
און דער שטויב איז געווען ווי גאָלדענער שפּריי פון זומער רעגן —
דאָ האָב איך דיך געפרעגט, אָדער דיך געוואָלט פרעגן,
וועגן די ערשטע טעג און די באַרוישטע נעכט,
מיט לידער ווי געליבטע, און צו די לידער — קנעכט.
נאָר וואָס האָסטו געענטפערט? איך האָב אַמאָל געהערט
דעם אָפּגעהילכטן קלאַנג פון צעבראָכענע שפּאָרן, דעם לעצטן הויך
פון אַ פאַרזשאַווערטער שווערד,
און געזען דעם רײַטער און געזען דאָס פערד
ליגן זײַט בײַ זײַט — און דאָס פאַרטריקנטע בלוט אויף דער ערד.
אַזוי האָט דײַן קול געקלונגען, אַזוי
האָב איך דיך געזען. פינצטער, פינצטער גרוי
איז געווען דײַן פּנים. דער ווינט
האָט געשפּילט אויף די שטומע סטרונעס פון דײַן קאָפּ, שטאַר און בלינד
האָסטו געקוקט אויף מיר. וועמענס בליק איז עס געווען, דײַנער
אָדער דעם ווינטס?
דו מוזט מיר ענטפערן, ציגײַנער פּרינץ!

# אין דאָרף

(דערציילונג)

## נח גאָלדבערג

דאָס דאָרף האָראָדיעץ איז געלעגן אויף אַ פלאַך שטיק ערד. פון איין זייט איז געלאָפן אַן אַלטער אַלכאָווער וואַלד. די ביימער, הויכע, צעצווייגטע זיינען געשטאַנען מיט זייערע אַלטע צעקאַרבטע קאָרעס פון וועלכע ס׳האָבן זיך אַרויסגעזען רויטלעכע, זאַפטיק־האַלצערנע לייבער. פון דער אַנדער זייט איז שטיל און רואיק געלעגן אַ קליינע אָזערע. לענגאויס אירע ברעגן האָבן וואַסער־בלומען אויס־געוואָרפן גרינע סטעזשקעס, וואָס ניט די פויערים פון דאָרף און אוודאי ניט ברוך דער איינציקער ייד צווישן די פויערים האָבן גע־וואוסט פון וואַנען די בלומען פלעגן זיך נעמען אין די זומערס און וואו זיי ווערן פאַרפאַלן אין די לאַנגע, קאַלטע ווינטערס.

דער אָוונט האָט זיך אויפן דאָרף אַראָפּגעלאָזן שטיל און פויל. פון די נידעריקע כאַטקעס האָבן אַרויסגעשטאַרצט שטיקלעך טויטע קוימענס, קליינינקע, זיך טוליענדיקע צו די ווייך־שטרויענע דעכער.

אין גאַנצן דאָרף איז געווען פינצטער, בלויז ביי ברוכן אין שטיבל האָט אַן אַכטער קעראָסין לעמפּל געדרויכערט און פאַרקאַפּטשעט דעם אויבערשטן טייל פון גלעזל. רויטע, שעמעוודיקע פלעמלעך האָבן זיך געצאַפּלט, געוואָרפן קליינע, שטילע שאָטנדלעך אויף די שווערע בערווענע ווענט און אַרויסגעשאָסן אַביסעלע ליכט דורך די קליינע שייבלעך, גלייך אויפן מיסט־בערגעלע, וואָס הינטערן פענצ־טער.

ברוך, אַ הויכער ייד מיט אַ רויטער באָרד און האַרטע, אָדערדיקע, רויט־באוואקסענע הענט איז געזעסן ביים רוי־האָלצערנעם טיש און געטרונקען טיי פון אַ געל געגלייזט טעפּל. פון גרויס הנאה האָבן זיך אָזש זיינע רויטע וואָנצעס געבאָדן אין דער טיי. ביי יעדן זופּ האָבן זיינע נאָסע, צעפּאַרעטע ליפּן זיך געעפנט פון גרויס תענוג און געסמאַקעוועט הויך: אַ! אַ! אַ!

אין מיטן דרינען האָט זיך געעפנט די טיר. אין שטיבל האָבן זיך אריינגעשטעלט דער דאָרפישער „סטאַראָסטע" מיט נאָך צוויי קליינע, מיזערנע פויערלעך. די געסט האָבן אַראָפּגענומען די היטלען:

— גוט אָוונט דיר, ברוכקע.

ברוך, אַ פאַרשוויצטער פון דער הייסער טיי, האָט אונטערגעהויבן ס׳פּנים וואו, אויף די וואָנצעס, זיינען אים געבליבן הענגען עטלעכע בלישטשענדע טיי טראָפּנדלעך, ווי דימענטלעך. ער האָט געוואוסט אז

בחינם וועט דער „סטאַראָסטע" צו אים ניט קומען. ער איז גיך אויפגעשטאַנען פון טיש און, אַביסעלע א דערשראָקענער, זיי אַנטקעגן געגאַנגען:

—אַ גוטן אָוונט אייך אויך! וואָס עפּעס פּלוצים? שוין ווידער אַ „נאַלאָג"? רק גיב און גיב! וואו וועל איך דאָס נעמען, אז מיין איינציקע בהמה האָט מיר געהאַט א ביקל ניט קיין קעלבל.

דער „סטאַראָסטע", אַ פּויער אין די הויכע פּופּציקער מיט חרובע לאַפּטשעס און שטייף־געוויקלטע אַניצעס מיט שטריקלעך אויף די פּיס, האָט פּאַוואָליע אַרויסגענומען דאָס מאַכאָרקע זעקעלע פון בוזים, געלאָסן פאַרדרייט א פּאַפּיראָס, אים פאַררויכערט ביים קאָפּשענדיקן לעמפּל און ערשט נאָכדעם ווי ער האָט גוט פאַרצויגן דעם רויך האָט ער געזאָגט:

— אָט טאַקע צוליב דעם, ברוכקע זיינען מיר געקומען צו דיר! אַז זינט זאַכאַרס בוהיי איז געפאַלן האָט ניט אונדזער דאָרף קיין לייטישן ביק!

ניט ווילנדיק וואוהין דער „סטאַראָסטע" צילט, איז ברוך אים אריינגעפאַלן אין די רייד:

— אַנטקעגן וואָס דערציילט איר דאָס מיר, טאַראַס עפּימיטש?

אין דעם „סטאַראָסטעס" אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס האָט זיך אַ קלוגיטשקע שמייכעלע צעלייגט:

— אַנטקעגן דעם, ברוכקע, אַז דו זאָלסט אויסהערן אַן עלטערן מענטש און ניט אריינפאַלן אין די רייד ווי אַ האָן אין אַ מיטעליצע! האָט דער פּויער אים גוטמוטיק אויסגעמוסרט. דאָס דאָרף דאַרף א בוהיי צו ניט? און ביים פריץ דינגען דעם בוהיי קאָסט דריי פּודלעך קאָרן צו ניט? און אַז האָסט ניט צו געבן מעג דיין בהמה אויסציען די פּיס? וואָזשע פאַרשטייסטו דאָ ניט?

ברוך איז אָבער נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַ פרעגנדיק פּנים ווי ער וואָלט נאָך אַלץ ניט געוואוסט וואָס דאָס אַלץ האָט מיט אים צו טאָן. אויך די אַנדערע צוויי פּויערלעך, מיט די היטלען אין די הענט זיינען געשטאַנען שטילע, מיט הכנעהדיקע שמייכעלעך אויף די צעאַקערטע פּנימער, ווי זיי וואָלטן הנאה געהאַט פון די קלוגע רייד, וואָס דער „סטאַראָסטע", דער בעל דברן זייערער, לייגט דאָ ארויס:

— מען זאָגט יאַקבי אַז די אייעריקע האָבן קלוגענקע קעפּעלעך, האָט דער „סטאַראָסטע" פאַמעלעך געצויגן די ווערטער, בלאָזנדיק דערביי דעם בלוילעכן מאַכאָרקע־רויך פון צווישן די וואָנצעס, און דו, ברוכקע טאַפּטשעסט גאָר אין דער פינצטער! וואָס איז דאָ צו רעדן?

גאָט האָט דיר געגעבן אַ שיין ביקל? זיינען מיר געקומען זיך דינגען! אַ שכן, וועסטו אים ניט זשאַלעווען פאַר אונדזערע בהמות און וועסט אונדז ניט באַרייסן ווי דער הינטישער פּאַן, דער פּריץ!

ניט געריכט זיך אויף אַזאַ מעשה איז ברוך געבליבן ממש מיט אָן אָפן מויל. ער האָט פּשוט ניט געגלויבט די אייגענע אויערן! און ווי אַ מענטש וועמען מען האָט דאָ באַליידיקט האָט ער געענטפערט:

— וואָס? געלט פאַר דעם? און וואו איז מיין „סאָוועסט״?

און אַ מאַך טוענדיק שאַרף מיט דער האַנט, האָט ער געזאָגט: — ניין! יידן האַנדלען ניט מיט גאָטס גאָב.

נאָר דאָ איז באַשע, ברוכס ווייב, אַ יידענע מיט לאַנגע הענט און מיט אַ מענערישן קול, פּלוצים אויסגעוואַקסן לעבן אים און אַ צי געטאָן טאַקע די זעלבע האַנט זיינע, וואָס האָט אַזאַ שאַרפן מאַך געטאָן אויף ניין:

— ברוך, האָט זי נעבעך מיט געבעט אין קול אים איבערגע־פרעגט, ס׳הייסט אָן געלט? ביזט דען ראָטשילד? האָסט דען ניט דריי אונטערגעוואַקסענע מיידן? אַז דער אייבערשטער האָט דיר יאָ צוגעשיקט א פּרנסה ווילסטו זי גאָר מיט די אייגענע הענט אַוועק־וואַרפן? ברוך!

ביי ברוכן אין האַלדז זיינען די אָדערן אויפגעלאָפן ווי בלויע שטריק. זיין פּנים איז נאָך רויטער געוואָרן:

— ניט דיין עסק! האָט ער אַ געשריי געטאָן און אַ ריס געטאָן דעם אָרעם פון איר האַנט. אַ יידענע מישט זיך ניט אין אַזעלכע זאַכן! האָסטו געהערט, נו, כ׳על מיר גאָר מאַכן אַ פּרנסה פון אַזוינע זאַכן!

ניט ווויסנדיק וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, קראַצנדיק זיך דעם קאָפּ אין גרויס פאַרלעגנהייט, איז דער „סטאַראָסטע״ הכנעהדיק צו־געגאַנגען צו מאַשען:

— אַז ווער וויל דען אומזיסט? דו, באַשקע, ווייסט דאָך, ס׳דאַרף איז אָרעם, מען דאַרף ניט באַרייסן...

אין שטוב איז שטיל געוואָרן. עס האָט זיך געהערט ווי אונטערן אויוון האָבן די הינער, איבערגעשראָקענע פון דער פּלוצימדיקער גערעדעריי, געראַיעט אינעם ערדענעם דיל און צעקוואָקעט זיך הויך, מאָנענדיק: — קראָ, קראָ, קראָ! באַשע האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט:

— ברוך, זאָג שוין א מקח! דער פּריץ מעג?

נאָר ברוך, אָנשטאָט האָרכן באַשען, האָט זיך גאָר געטאָן א דריי אויס צו די גוים:

— איך האָב געזאָגט אז קיין געצאָלט וויל איך ניט און ווער עס וועט דארפן דעם ביק קאָן אים געמען! א נייער מסחר גאָר!

די פויערים האָבן זיך דערשראָקן. זייערע פויערישע קעפּ האָבן ניט באַנומען ברוכס רייד. וואָס הייסט עפּעס אומזיסט? אומזיסט שערט מען ניט קיין שעפּסן! עפּעס שטעקט דאָ א שפּיצל...

— טאַראַס עפּימיטש, האָט איין פויערל אין גרויס חשד אָ וואָרטשע געטאָן, עפּעס טויג דאָ ניט! דער ייד באַהאַלט דאָ עפּעס, ער באַהאַלט, טאַראַס עפּימיטש!

ברוך זעענדיק ווי ער האַלט דאָ, האָט זיך גאָר דערשראָקן. דער „סטאַראָסטע" קאָן דאָס נאָך אויסטייטשן ווי ער גייט קעגן נאַטשאַל־סטוואָ...

— נו מילא, האָט ער מיט ביטול אָ זאָג געטאָן. זאָל זיין אזוי! איר וועט אַמאָל ברענגען א צענדליק אייער צו אַביסל מעל וועט מיין באָשע עס צונעמען. איך וועל זיך אָבער צו דעם ניט צורירן. איר קאָנט זיך אויסהאַלטן דעם ביק מיט פאַשע, אָבער איך וועל פון „דעם" קיין געשעפט ניט מאַכן...

**
*

פרילינג, אַז די פעלדער זיינען אויפגעגאַנגען מיט קליינינקע גראָז־שפּראָצערלעך, און די פּאָרונג־צייט איז געקומען, האָט מען מיט־קאָן, ברוכס יונגן ביק ארויסגעפירט אין פעלד, אים אריינגעטריבן אין דער דאָרפישער סטאַדע און אים דאָרטן געלאָזן אויף אייגענעם באַראָט...

דערזען קי, קעלבער, האָט זיך מיטקא אָפּגעשטעלט, זיי באַטראַכט, עפּעס ווי ער וואָלט זיך געשלאָגן מיט דער דעה: פאַרטשעפּען זיך מיט דער רויטער בהמה, וועלכע האָט אויף אים געקוקט מיט הונגעריקע אויגן, אָדער א סלוניע איז געגאַנגען פון איר מויל, אָדער פאַרנעמען זיך מיט אַנאַנדערער, א יינגערער?...

און אָט איז גאָר זיין בליק געפאַלן אויף אַן איין־יעריקער טעליצע, אָ ברוינע, מיט העלע פלעקן אויף די זייטן, מיט אָ ווייסער פליאָמע אויפן שטערן. מיטקאס קליינע אויערן האָבן זיך אָנגעשפּיצט; די שוואַרצע, גלאַנציקע פעל, האָט אָ בליאַסק געטאָן אַנטקעגן דער זון. ער האָט אָ קאָפּע געטאָן מיט דעם רעכטן פוס אין דער ערד, אַרויס־געלאָזן אָ שטילן מו־הו! און זיך אָ לאָז געטאָן צו איר.

די טעליצע האָט אים באַמערקט און איז צעטומלט געוואָרן. זי האָט מורא געקראָגן פאַר מיטקאס צעווילדעוועטע אויגן. פאַר דעם לויפן גלייך אויף איר. אַן אומרואיקע, האָט זי זיך גענומען רוקן

טיפער אין טשערעדע, עפּעס ווי זי וואָלט געוואָלט די עלטערע בהמות זאָלן זי באַשיצן...

מיטקא איז שוין שיער־שיער געווען אויף דער טעליצע. מיט זיין גאַנצער, יונגער גבורה, האָט ער זיך געוואָלט טאָן אַ וואָרף אויף איר. נאָר פּלוצים, איז צווישן אים און דער טעליצע אויסגע־וואקסן דעם פּריצס בוהיי, אַ שווער־גופיקער פּאַרשוין מיט אַ געפּאַלבטן קאַרק, מיט גראָבע פיס, ווי ביי אַ העלפאַנד, און אים פאַרשטעלט דעם וועג.

דער אַלטער האָט אויף דעם יונגן ביקל אַ מוקע געטאָן, ווי ער וואָלט אים געוואָרנט: טשעפּע ניט די בהמות! טראָג זיך אָפּ! און טאַקע באַלד זיך געשטעלט אין אַן אַנגרייפנדיקער פּאָזע וואָרטנדיק, ווי ער וואָלט דאָ געוואָלט זעען, וואָס דער יונגער שניעק וועט טאָן: צי ער וועט צוגיין צו דער טעליצע, אָדער ניט.

פון אַנטלויפן האָט אָבער מיטקא, אפנים ניט געטראַכט. ווי אַן עקשן האָט ער זיך געשטעלט קעגן דעם מעכטיקן בוהיי.ביידע זכרים האָבן זיך שאַרף אַנגעקוקט. פוןביידנס אויגן האָט אַ שלאָג געטאָן מיט פאַרצוקענדיקן האַס. באַלד האָבן זיי זיך דערנענט איינער צום אַנדערן, אויף צוכלומרשט אַ פּרואוו געטאָן די כחות, און טאַקע זיך צעבוצקעט מיט די האַרטע שטערנס, אָט, אָט און זיי לעכערן זיך דורך מיט די הערנער.

אַן איין יעריקער, אָן אַן ערך קלענער פאַרן אַלטן, האָט מיטקא גיך דערפילט יענעמס גוואַלדיקע גבורה אויף זיך. ער איז גיך אָפּגעטראָטן אויף צוריק, ווי ער וואָלט זיך באַרעכנט וואָס ווייטער צו טאָן. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויף דעם שונאס שווערן גוף, אויף זיינע גראָבע פיס, און איז ווידער צוגעגאַנגען צו אים, אַ קאָפּע געטאָן מיט דעם פוס אין דער ערד, אַ דראָע געטאָן מיט די קורצע הערנער און ארויסגעלאָזן אַן אומהיימלעכן: מו הו!!

דער אַלטער בוהיי האָט אפנים ניט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָס אַזאַ צוציק רייצט זיך מיט אים, האָט ער אַנגעשטעלט דעם קאַרק, אַזש די שווערע פאַלדן האָבן זיך אים אויסגעגלייכט, איינגעבויגן דעם קאָפּ און מיטן גאַנצן כוח אַ לאָז געטאָן זיך צו מיטקאָן.

דער יונגער שנעק, ווי ער וואָלט גאָר געוואָרט אויף דעם, האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַנגעהויבן ארומלויפן איבערן פעלד. אַפריער איז ער געלאָפן אין אַ גלייכער ליניע. דערנאָך, ווי אַ יונגער הירש, געצויגן אין זיגזאַגן און דערביי אַלעווײלע אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום אַלטן, צו זעען, אויב יענער שטייט נאָך ניט אָפּ.

אַ שווערער אויף די פיס, איז דער אַלטער מיט די לעצטע כוחות נאָכגעלאָפן דעם יונגן ביקל. פון זיינע נאָסע, צעשפּרייטע נאָזלעכער האָבן געשלאָגן קנוילן ווייסע, פאַרעדיקע סליונע. די דעכוועגעס האָבן זיך אים געוואָרפן ארויף און אַראָפּ, ווי א בלאָז־זאַק אין אַ קוזשניע. מיט האַס־פאַרלאָפענע אויגן, האָט ער געקוקט אויפן יונגן שניעק, וואָס איז אלע ווילע שטיין געבליבן, געריסן שטיקער ערד מיט די קלאָען, דאָס געוואָרפן אין דער לופטן און אים, דעם מעכטיקן בוהיי שקאָציש ארויסגערופן אין א געיעג.

די חוצפּה זיך צו רייצן מיט אים, האָט דעם אַלטן ממש ווילד געמאַכט. דערצו נאָך די בושה פאַר דער טשערעדע בהמות, וואָס האָבן אויפגעהערט צופּן דאָס גראָז און מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער — געקוקט אויף אים און באַלד אויפן יונגן ביק, וואָס איז כסדר געווען פאַראויס...

דאָס אַנטלויפן און דאָס נאָכלויפן פון די צוויי זכרים האָט אָנגעהאַלטן אַ שטיק צייט. די פרילינג־זון איז דערווייל אַרויסגעשוואומען אין מיטן הימל און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אז דאָס ביקל מיטן אַלטן בוהיי, וועלן אַזוי זיך רייצן איינער מיטן אַנדערן אַ גאַנצן טאָג און אפשר א גאַנצע אייביקייט. מיטאַמאָל אָבער, האָט זיך דער אַלטער אַ בויג געטאָן און איז אומגעפאַלן. אַ פאַרמאַטערטער האָט ער נאָך געפּרואווט א הויב טאָן דעם שווערן גוף און ווידער נאָכלויפן דעם יונגן ביק, אָבער די פיס ווי געליימטע, האָבן אים ניט געדינט, האָט ער אַ מאַכטלאָזער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און כאָטש מיט איין אויג, קינאהדיק געקוקט אויף דעם שונא.

אין דער רגע, איז מיטקא, א פלינקער ווי א טיגער, צוגעלאָפן צום אומגעפאַלענעם בוהיי און מיט חיהאישער ווילדקייט גענומען שפּרינגען אויף אים, קאָפּען אים מיט די פיס אין בויך, אין די דעכוועגעס. און ווען יענער האָט שוין קוים געסאָפּעט, און אָנשטאָט שנאה, געפינטלט צום שלעגער מיט א רחמנותדיק אויג, האָט נאָך מיטקא אים אריינגעשטאָכן די יונגע, שאַרפע הערנער אין די ווייכע ריפּן אריין.

אָפּגעפאַרטיקט זיך מיטן אַלטן איז מיטקא, שוין ווי אַ זיגער, — מיט געמאָסטענע טריט צוריקגעגאַנגען צו דער טשערעדע, באַשמעקט יעדער בהמה באַזונדער און ערשט איצט מיט א פאַרריסענעם עק אָפּגעקערט זיך פון זיי, כאָטש זיי, די בהמות, האָבן אים אויפגענומען מיט לאַסטשענדיקע בליקן און אים גערופן מיט שטילע, הכנעהדיקע מו־הו־קען...

אויך די געפּלעקטע טעלעצע, וועלכע איז אין אָנהויב אַנטלאָפן אין דער טשערעדע, האָט זיך איצט, מיט קעלבערנער ליבע געקלעפּט צו מיטקאָן. געוואָלט ביי אים אויסנעמען און פריילעך געשמיסן מיטן עק איבער די אייגענע זשעברעס. נאָר ער איז איר פאַרבייגעגאַנגען, מיט אַזאַ שטאָלץ אין טראָט, ווי זי וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען.

די גאַנצע צייט, וואָס דאָס גייעג צווישן די זכרים איז אָנגעגאַנגען, איז דער פּאַסטוך, אַן אַלטיטשקער גויעלע, מיט אַ קורצן, צעפּליקטן פּעלצל, געלעגן אויף דער לאָנקע און געכראָפּעט ווי אַ באַזויפּענער פּרינץ. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזען, וואָס מיטקאָ האָט דאָ אָפּגעטאָן צום אַלטן בוהיי איז ער אַ דערשראָקענער, מיט גיכע טריטעלעך, אַוועק צום פּריץ דערציילן פונעם אומגליק.

און פאַרנאַכט, ווען די בהמות זיינען שוין געשטאַנען אין די פּויערשע שטאַלן און גויעס, מיט „דאַניעצעס" צווישן די קני זיינען געזעסן אויף נידעריקע בענקלעך און געמאָלקן ווייסע שנירעלעך־מילך פון די בהמהשע הויכע ראָזעווע סאָסקעס — זיינען אין דאָרף געקומען אָנצורייטן אין אַ גאַלאָפּ דער פּריץ, מיט זיינע דריי בנים, הויכע, געזונטע יונגען, רויטע פון זודיקן כעס.

נאָך פריער, ווי נאָר די נייעס, אַז ברוכס ביקל האָט אַזוי אָוועקגעלייגט דעם אַלטן בוהיי, האָט זיך ווי אַ בליץ צעטראָגן איבער די כאַטעס האָט זיך שוין צו ברוכן אין הויף פאַרקליבן אַ האַלב דאָרף פּויערים, מיט דראַבינקעס, מיט גראַבליעס אין די הענט. די פּויערים זיינען דאָ גרייט געווען אונטערצופירן אַ חשבונדל מיטן פּריץ פאַר אַלע עוולות און דער עיקר פאַר די דרייער פּודן קאָרן וואָס ער האָט געשלעפּט פון זיי פאַרן נוצן דעם בוהיי.

און איצט, אַז דער פּאַן מיט די זינדלעך האָבן געקלאַפּט אין ברוכס פאַרריגלטן טויער און געשריען:

— העי! זשידאָווסקאַ מאָרדאַ! עפן אויף!! — האָט זיך די פאָרטקע געטאָן אַן עפן מיט רוגזה און אָנשטאָט דעם צעשראָקענעם ייד, האָבן גאָר דער סטאַראָסטאַ און אַ כאַפּטע פּויערים היגטער אים זיך געטאָן אַ ווייז אין ארייַנגאַנג:

— וואָס ווילסטו?

—וואָס וויל איך? — האָט דער פּריץ איבערגעקרומט דעם סטאַראָסטאָס רייד — וואו איז דער זשיד? דריי הונדערטער האָט דער בוהיי מיך געקאָסט! איך וועל דעם זשיד מיט מיינע אייגענע הענט דערוואָרגן!

— נאָר ניט געסטראַשעט! — האָט דער סטאַראָסטע אזוי ווייכ־לעך א זאָג געטאָן און דערביי א דרייסטן רוק זיך געטאָן אין דער געעפנטער פאָרטקע, נענטער צו די געסט. ברוך איז דיר ניט קיין זשיד! אַ האָרעפּאַשנער יעוורעי איז ער! און דו פּאַניטש, פאַרנעם זיך פונדאַנען מיט דיינע זינדלעך, כל זמן אייערע פריצישע ביינדעלעך זיינען נאָך גאַנץ.

— מיך סטראַשעסטו, דו קנעכטישער הונט? וויסט כאַטש צו וועמען דו רעדסט? פאַר אַזעלכע רייד קאָן איך דיך אין קייטן שמידן, אויף קאַטאָרגע אַוועקשיקן! אַוועק פון דער פורטקע!

נאָר דער סטאַראָסטע זאָל דאָס נתפעל ווערן! א רואיקער איז ער זיך געשטאַנען קעגן דעם פריץ און גערעדט געלאַסן:

— וועמען אַרט דאָס ווער דו ביזט

דעם פריצס אַ זינדל האָט ניט אויסגעהאלטן. ער האָט אויפגע־הויבן אַ האַנט, זיך פאַרמאָסטן אויף דעם סטאַראָסטע, נאָר איידער ער האָט צייט געהאט אים אַנצורירן, האָט ער געקראָגן מיט אַ דרענגל איבערן קאָפּ און ער איז שוין געלעגן אויף דער ערד, אַן אויסגע־טאַרליעטער אין שטויב און קויט, און דער סטאַראָסטע, ניט ווי אים מיינט מען, האָט נאָך אַלץ רואיק גערעדט:

— מיטן צונג פּאַניטשל, קאָנסטו באַלעבאַטשען וויפיל דו ווילסט, קאָנסט אים אפילו אין פריסעק שטעקן, אָבער מיט די הענט ניט סמייען!

דער פריץ מיט די אַנדערע צוויי זינדלעך האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם סטאַראָסטע. ערשט איצט האָבן די פויערים אין ברוכס הויף זיך א וויג געטאָן ווי אַן אַנלויפנדיקע כוואַליע, זיך דורכ־געשטופּט דורך דער פורטקע, ארויס אין מיטן דרויסן. דאַ האָבן אין דער לופטן א שוועב געטאָן הראַבליעס, שטעקנס, דראַבינקעס און איבערן דאָרף האָבן זיך צעטראָגן פויערישע קולות: „איבערן קאָפּ! מיקיטאַ! אין די דעכוועגעס מישקאַ! פּלעם אין די אויגן! אַזוינע הינטישע זין!"

אין דער טונקל שוין האָט דער פריצל מיט די בנים, צעהרגעטע, אָן די היטלען, זיך קוים ארויפגעכאַפּט אויף זייערע פערד און גענומען זיך אָפּטראָגן פון דאָרף איבערלאָזנדיק א געדיכטן שטויב הינטער זיך.

***

עס איז אוועק דער זומער. האָט זיך די ערד ביסלעכווייז איינגע־טוליעט אין אַ ווייסן, ווינטערדיקן פעלץ און אנטשלאָפן געוואָרן, ווי

אַ בער אויף די ווינטער חדשים. דערנאָך איז ווידער געקומען אַ זומער. אויף מיטקאס הערנער האָט זיך באַוויזן נאָך אַ שטרייפעלע, אַ סימן אַז ער, מיטקאַ, איז צוויי יאָר אַלט געוואָרן...

דורך דער צייט איז מיטקאַ אויסגעוואַקסן אַ שווערער, געזונטער בוהיי, מיט קורץ־געזעצטע הערנער. אַ הייסבלוטיקער, מיט אַ ווילדער יוכע אין זיך, האָט ער קיין אין בהמה ארום דאַרף ניט דורכגעלאָזן, אַלע האָט ער אריינגענומען צו זיך אין „האַרעם". און דער האַרעם זיינער איז גרעסער געוואָרן. דורכן ווינטער וואָס די קי זיינען גע־שטאַנען אין די שטאַלן איז דערוויל אויפגעגאַנגען מיטקאס אייגענער פאַרזיי... און איצט, צום נייעם זומער, האָבן די מאַמעס מיט די יונגע קעלבלעך ביי דער זייט זיך ווידער געטראָפן מיט זייער יונגן, געזונטן ביק.

דאָס דאָרף האָט גאָר אַן אַנדער פנים געקראָגן. די יונגע קעלבלעך, וואָס זיינען דורך די טעג פריידיקע, מיט פאַרריסענע עקלעך ארומגע־לאָפן איבערן פעלד, און אין די פאַרנאַכטן — אין די הויפן, לעקענדיק מיט די ווייכע צינגלעך די שוועלן און טירן פון די פויערשע כאַטעס, האָבן ביי די פויערים נייע האָפענונגען געוועקט — האָפענונגען אויף שפע, אויף מזל ברכה.

אויך די געפלעקטע, דעם סטאַראָסטעס טעליצע, פאַר וועלכער מיטקאַ האָט זיך אַזוי געשלאָגן מיטן אַלטן בוהיי, האָט זיך אָפּגעקאַלבט, אָבער ניט מיט אַ קעלבל נאָר מיט אַ ביקל; אַ קורץ ביקל, מיט אַ שוואַרצער פעל, מיט אַ שטייפן קאַרק, וויביים טאַטן, מיט אַ דריי־קאַנטיקער פליאַמע אויפן פנים ווי ביי זיין מאַמען.

אַז די פויערים זיינען געוואויר געוואָרן פונעם נייעם ביקל, האָבן זיי זיך פאַרקליבן צום סטאַראָסטע אין שטוב, געבראַכט „סאַמאַהאַנקע", אַ דאָרפיש געטראַנק און אויך צובייסן. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פויערל מיט אַ האַרמאָניקע. מען האָט געשיכורט, געהוליעט ווייט אין דער נאַכט אריין, זיך געפרייט וואָס איבערן דאָרף איז גאָטס ברכה אויפגעגאַנגען, וואָס זיי זיינען באַפרייט געוואָרן סיי פון פריץ און סיי פון ייד, און זיי האָבן איצט אַן אייגענעם, פויערישן ביק.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און די האַראַדיעצער פויערים האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגעסן זיך וועגן מיטקאָן, ברוכס בוהיי, וואָס איז מיט איינמאָל „אַראָפּ פון מאַרק", און במילא אָנגעוואוירן דעם פריער־דיקן ווערט...

אפילו די פויערטעס, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט אים אונטער־טראָגן אַ צעבער פויעלע—אַמאָל פון צעריבענע בולבעס, פון מעקענע

צי פון צעקלאַפּטע קירבעס, האָבן איצט דאָס אויפגעהערט צו טאָן, פונקט ווי ער, מיטקאַ, וואָלט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט אנטקעגן דעם דאָרף.

מיטקאַ, וואָס האָט נאָך זייער גוט געדענקט, ווי די פּויערים, פּויערטעס, און אפילו זייערע קינדער פלעגן אים באַגעגענען מיט הויפנס עסן און ניט מורא געהאַט פאַר זיינעם אַ שטורך, אים געקאָר־מעט פון האַנט, האָט איצט ניט געקאָנט באַנעמען: הלמאַי אַלץ האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן הלמאַי קיינער גלעט אים מער ניט דעם האַלדז, רופט אים מער ניט מיט לאַשטשענדיקע נעמען.

לכתחילה האָט ער נאָך געקוקט יעדע פּויערטע אין האַנט. אַ געהאָרכזאמער, אַ שטומער איז ער זיי נאָכגעגאַנגען די טריט. אָבער דערנאָך, האָט ער זיך צוגעוואוינט צו זייערע „פאַרמאַכטע הענט”. ער האָט אויפגעהערט צו זיין אָן איבערקלייבער. ער האָט איצט געגעסן וואָס עס האָט זיך געמאַכט און איז דאָך געוואָרן אַלץ דיקער און שווערער. פון פעטס און גבורה האָט זיך דער קאָרק ביי אים געפאַל־דעוועט און אונטערן האַלדז איז ביי אים אָנגעוואָקסן אַ לאַנגער גוידער, וואָס האָט—בעתן גיין—זיך געוואָרפן ווי אַ נאָכהענגענדיקע, איינגע־שרומפּענע טאָרבע.

עס איז אַוועק נאָך אַ יאָר. צום נייעם פרילינג האָט זיך אין פעלד באַוויזן מיטקאַס זון, אַ יונג, געזונט ביקל, מיט הייסע הונגעריקע אויגן, ווי ביי אַ וואָלף, און מיט דער געירשנטער ווילדקייט פונעם טאַטן. ער האָט זיך אריינגעריסן אין טאַטנס טשערעדע מיט שטורעם.

דערזען דעם ביי־געקומענעם נעבן אַ קו, האָט מיטקאַ אַ קורצן מוקע געטאָן. אים איז ניט געפעלן געוואָרן דעם יונגס דרייסטקייט.

מיטקאַ איז אָבער געווען אַ קלוגער בוהיי. ער האָט געפילט, אַז צוליב זיין שווער־גופיקייט, וועט ער קיין אָפענעם קאַמף מיט דעם יונגן ניט קאָנען אויפנעמען; די פיס וועלן אים ניט דינען ווי אַמאָל. איז ער געוואָרן אַפּאַטיש צו אַלץ ארום זיך, געקוקט אויף דעם זונס אויפפירונגען מיט די בהמות, מיט אַ רעזיגנירטן בליק, ווי קיין זאַך וואָלט אים מער ניט געאַרט.

אַזוי איז אַוועק נאָך אַ יאָר. אין דאָרף זיינען צוגעקומען נאָך נייע קעפּ. די סטאַדע איז גרויס געוואָרן און זייער שם אלס מילך־געבערקעס האָט זיך געהערט ווייט ארום דעם קאַנט.

די האַראַדעצער פּויערים, האָבן אָפּט אָנגעהויבן פאָרן אין שטאָט, אַהין געפירט דיישקעלעך מילך, פרישע סמעטענע, מאַשלינקע; באַ־טעמטע גאָמולקעס. אויך עמערס פוטער פלעגן זיי ברענגען צום

פּאַרקויפן, ממש א שפעדיקע פּרנסה, פון וועלכע זיי האָבן גאָרניט געחלומט!

און וועגן מיטקאַן, דעם בוהיי, וואָס האָט זיי געגעבן די דאָזיקע שפע, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן. איז דער בוהיי, א געעלטערטער מיט זעקס שטרייפן אויף די פאַרהאַרטעוועטע הערנער, ארומגעגאַנגען סיי זומער און סיי ווינטער אין פעלד, אָפּט געשלעפּט זיך פון הויף צו הויף, מיט אזעלכע געגנבעטע טריט, ווי איינער, וועמען עס איז פרעמד געוואָרן די אייגענע ערד...

מיט זיין בוהייעשן קאָפּ, האָט ער גאָר ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס ניט נאָר די מענטשן פון דאָרף, נאָר אפילו די סטאַדע האַלט זיך ווייט און פרעמד פון אים. איז ער אַרומגעגאַנגען אויך צווישן די בהמות, ווי אַן אַראָפּגעקומענער פון אַ ווייטן קאַנט, וואָס מוז נעבעך אָנקומען צו זייער פאַשע, צו זייערע עמערס וואַסער נאָך אַ טרונק.

און אויך האָט ער ניט באַנומען, וואָס די געפלעקטע קו, שוין אויך א זעקס יעריקע, מיט דערזעלבער צאָל קאַרבן אויף די הערנער וואָס איז ארומגעגאַנגען צווישן די אַנדערע בהמות און אויף אים אפילו ניט אומגעקוקט זיך, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל איר מאַן ניט געווען.

**
*

די ערשטע צייט, וואָס אַן אמת, האָבן די פּויערים געהאַלטן וואָרט. פאַר יעדער „לויפן" האָבן זיי באַשען געבראַכט אַ צענדליק אייער, אַביסל קאָרן, און אַז גאָט האָט געהאָלפן דאָס „לויפן" האָט אָנגענומען און אַ ניי־געבוירן קעלבל האָט דערזען די ליכטיקע וועלט, האָט באַשע געקראָגן אַ פּוד קאָרן, און אים, מיטקאַן, דעם טאַטן, האָבן זיי גע־בראַכט גאַנצע עמערס מיט מעקענע, ער זאָל זיך פּיטערן בהרחבה. אָבער ווען אין דאָרף האָט זיך א נייער ביק געוויזן, נאָך דערצו אַן איי־גענער, פּויערשער און דערנאָך א צווייטער, א דריטער, האָבן סיי די אייער און קאָרן צו באַשען און סיי די מעקענע צו מיטקאַן אויפגעהערט...

איז דאָס אויסהאַלטן מיטקאַן מיט עסן געפאַלן זייער שווער אויף ברוכס אָרעמע פּלייצעס, און דאָ רוקט זיך אָן אַ ווינטער אויף דער וועלט. דער שייער איז כמעט ליידיק. גראָד איז געווען א טרוקענער זומער. עס וועט אליין שווער זיין זיך דורכצושלאָגן דעם ווינטער. איז אפשר זאָלן מיר דעם בוהיי פאַרקויפן? האָט ברוך אין גרויס פאַרלעגנהייט הויך א טראַכט געטאָן.

באַשע, אליין אויך א פאַרזאָרגטע, וואָס דאָס ביסל שפע האָט אויפ־געהערט, האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט:

— וואָס דען? האַלטן אַזאַ פּרעסער? נאָך לעצטן יאָר האָב איך דאָס געטראַכט. נאָר כל זמן די גויים האָבן ארויסגעהאָלפן, האָט ניט געברענט. אָבער איצט? וואָס וועט מען וואַרטן? און אפשר, מיט די עטלעכע קערבלעך, וועט זיך דער אויבערשטער דערבאַרעמען און אונטערשיקן אַ שידוך פאַרן מיידל, וואָס וועט זי נעבעך זיצן ביזן גרויען צאָפּ אריין?

אין אַ פּראַסטיקן מיטוואָך אינדערפרי איז אַ דאָרפישער שליטן געשפּאַנט צו אַ רויט, פאַרשוויצט פערד פאַרפאָרן לעבן ברוכס שטוב. כאַצקעלע קאַזשוך, אַ איד אַ ריז, מיט אַ רויט, געזונט פּנים און מיט אַן אויסגעקנאָטענעם קאַרק, מיט הענט ווי קאַנאָטן, האָט געטאָן אַ שפּרונג ארויס פון שליטן. ער האָט פאַרוויקלט די לייצעס אָן דער קלאָניצע, זיך ארייַנגעהויכט אין די הענט, אַ גלעט געטאָן דעם פערד איבער דער גלאַנציקער, צעהיצטער פעל, דערנאָך איז ער צו און אָן עפן געטאָן ברוכס טיר. מיט ברייטקייט אין קול האָט ער געטאָן אַ זאָג:

— שלום עליכם, ר׳ ברוך! וואָס מאַכט איר? שוין לאַנג ניט געוועזן ביי אייך. איר ווילט טאַקע פאַרקויפן אייער בוהיי? מסתמא אַ ריכטיקע פּגירה, האַ?

אַ באַליידיקטער וואָס דער קצב האָט שוין באַצייטנס מיטקאָן אָנגערופן „פּגירה“, האָט ברוך אָן חשק און קאַלט אויסגעשטרעקט אַ האַנט:

— עליכם שלום. איר האָט דען אים געזען דעם בוהיי מיינעם? איז ווי זאָגט עס אַ ייד אַזאַ וואָרט אויף אַ לעבעדיק באַשעפעניש?

אין אַ ווײַלע ארום האָט ברוך ארויסגעפירט מיטקאָן פון שטאָל. דער ביק געפירט ביי אַ שטאַרקן שטריק, פאַרבונדן אין אײַזערנעם רינג וואָס האָט אים נאָכגעבאָמבלט פון די ברייטע, מעכטיקע נאָזרעס, איז געגאַנגען שטיל און פאַלגעוודיק. ברוך האָט אים אַ פּאַטש געטאָן איבערן הינטן און מיט בייזקייט אין קול געפרעגט דעם קצב:

— ווי געפעלט אייך עפּעס די פּגירה?

דער קצב האָט אַ קוק געטאָן אויף מיטקאָס געפּאַלדעוועטן קאַרק, אויף זיין שווערן גוידער, וואָס איז אים אַראָפּגעהאַנגען און געבראָכן זיך פון פעטס, אַ טאַפּ געטאָן אַ ליטקע, אַ ריפּ, אַ הויב געטאָן דעם בוהייס קורצן עק, און מיט אַ קאַלטבלוטיקער מינע געענטפערט:

— נישקשה!

ברוך איז אויפגעקאָכט געוואָרן. נאָך מער אבער האָט געפייערט

באַשע, וואָס איז נאָכגעגאַנגען זען צו דער קצב נאָרט ניט חלילה אויס
דעם ביק.

— אַפריער איז ער ביי אייך געווען אַ פּגירה, איצט איז ער
נישקשה! איך זע שוין אַז איר וועט שוין דעם בוהיי ניט קויפן!

שוין געוואוינט געוואָרן צו אַזעלכע בייסיקע רייד, האָט דער
קצב אַ הילכיק לאכעל געטאָן און דערביי ארויפגעלייגט זיין שווערע
האַנט אויפן בוהייס רוקן.

דערפילט דעם קצבס האַנט אויף זיך, האָט זיך ביי מיטקאַן די
שוואַרצע פעל אַ רונצל געטאָן; ווי אַ סקרוך וואָלט איבער זיין לייב
אַדורכגעלאָפן. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, באַפּאַלן איז אים אַן
אומעט. די אויגן האָבן זיך אים מיט אַ נעפּל פאַרצויגן. מיט זיין
גאַנצער גבורה איז ער איצט נעבעך געשטאַנען אונטערן קצבס לאַפּע,
ווי א געפאַנגענער האָז אין אַן אייזערנער שטייג.

קוים דורכגעקומען מיטן מקח, האָט דער קצב אַ נעם געטאָן
דעם שטריק פון ברוכס האַנט, אַ שמיץ געטאָן מיטקאַן צווישן די
הערנער, אים ארויסגעפירט פון הויף און אים פאַוואָליע צוגעבונדן
צום שליטן. אַ צופרידענער האָט כאַצקעלע קאַזשוך א נעם געטאָן
די לייצעס, אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד איבער די הינטערשטע פיס;
ניאַ!

דער שליטן, וואָס איז דורך דער צייט צוגעקאָוועט געוואָרן צום
שניי, האָט א גרילצנדיקן סקריפּ געטאָן און גערירט זיך פון אָרט.
און מיטקאַ, אַן אומעטיקער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָט געשטעלט
קליינע טריט, ווי ער וואָלט זיך ניט געוואָלט שיידן מיטן דאָרף,
מיט דער וואַרעמער שטאַל און מיט דער גאַנצער משפחה ברוכס,
וואָס זיינען איצט געשטאַנען אינדרויסן, אין דער קעלט, און מיט
פייכטע אויגן צוגעזען ווי מיטקאַ דערווייטערט זיך פון זיי. מיט
יעדן טראָט פאַראויס ווערט ער קלענער און קלענער ביז, אָט ווערט
ער אינגאנצן פאַרשוואונדן פון די אויגן: אויס! ניטאָ מיטקאַ!

ערשט איצט האָט זיך ברוך מיט דער גאַנצער משפחה אויסגע־
דרייט און מיט אַ טיפן זיפץ אריין צוריק אין הויף, וואָס איז מיט
איינמאָל געוואָרן אזוי פּוסט, ווי עס ווערט פּוסט אַ שטוב נאָכן טויט
פון אַ ליבן מענטשן... די שטאָל־טיר איז געשטאַנען אָפן, לעער.
דעם בוהייס צעבער, אַ שווערער פון דעמבענע קלעפּקעס, ארומגענומען
מיט דיקע רייפן, איז געלעגן אַן איבערגעקערטער און געקנאַקט פון
צוגעכאַפּטן פראָסט.

# נעגער לידער

ייִדיש פון **הערש ראָזענפעלד**

## די שוואַרצע מאַראָנע

פון אַלבערט רייס

ניט ווי די ווייסע פעלקער
קענען דיך
אָ, מוטער!
נאָר מיט טונקל־ברוינע באַקן
און פולע ליפּן,
ווי די קינדער־פעלקער זינגען.

אָבער דו ביסט טאַקע זי,
די אומבאַפלעקטע יונגפרוי,
ניט קיין אַנדערע,
געקרוינט אין שטאַל
פון בית־לחם,
געגריסט פונעם שטערן.

זע, ווי זיי קומען,
דיינע מענטשן,
אַזוי הכנעהדיק בעטן
פון די אור־אַלטע לענדער,
וואו אַמאָליקער גלויבן
איז געבוירן,
מידע טונקעלע הענט
אויפגעהויבן נאָך דיין
היילונג.
זיי זיך מרחם, מוטער,
אויף זיי, די ניט־געלערנטע
אויף דער ערד.

## און וואָס וועסטו זאָגן?

פון דזשאָזעף קאָטער, דזשוניאָר

ברודער, קום!
קום, לאָמיר גיין צו אונדזער גאָט,
און ווען מיר וועלן פאַר אים שטיין,
וועל איך זאָגן:
האַר, איך האָס ניט,
איך ווער געהאָסט,
איך פּייניק ניט קיינעם,
איך ווער געפּייניקט,
איך גלוסט ניט צו קיין פרעמדע לענדער,
מען גלוסט צו מיינע לענדער.
איך שפּעט ניט פון קיין פעלקער,
מיין פאָלק ווערט פאַרשפּאָט, —
און, ברודער, וואָס וועסטו זאָגן?

## צ י י ט

### פון מעי וו. קאודרי

איך פלעג זיצן אויפן הויכן גרינעם באַרג
און לעכצן, אַז דו זאָלסט זיין ווי די וואָלקנס
ווייך און ווייס...
און דיינע אויגן זאָלן זיין הימל־בלוי,
און דיינע האָר — ווי זון, דורכגעזיפּט דורך אַ בוים...
נאָר דעמאָלט בין איך געווען יונג און מיינע אויגן
רונד פון וואונדער.
איצטער זיץ איך ביי אַן ענדלאָזן וועג און קוק
ווי דו קומסט אָן... שנעל ווי דעמערונג.
דיינע האָר — ווי אַ נאַכט אָן שטערן,
דיינע אויגן — ווי געדיכט פיאָלעטעווע שאָטנס,
און ווייכע אָרעמס וויגן מיך אויף דיין זיסן
ברוינעם האַרצן... ווייל איך בין שוין אַלט,
און מיינע אויגן האַלטן איין ניט־פאַרגאָסענע טרערן,
און מיין פּנים איז דאַר און האַרט
אין דעם אָפּלאַכיקן בלענד פון טאָג־ליכט.
אָבער מיט דער נאַכט
ווישן אַראָפּ שוואַרצע פינגער און ליפּן, ווי טוי,
יעדע וואונד פון צייט,
און מיינע אויגן ווערן רונד פונעם וואונדער
אויף דיין שיינקייט.

## א מ ע ר י ק ע

### פון קלאוד מעקעי

כאָטש שפּייזן שפּייזט זי מיך מיט ברויט ווי גאַל,
און בייסט מיין האַלדז מיר איין מיט טיגער־ציין,
און רויבט מיין אָטעם ביי מיר צו, דאָך שאַל
איך אויס: כ׳האָב ליב דעם העלישן געפּלאַם!
עס פליסט איר קראַפט און שטראָמט צו מיר אין בלוט,
און קרעפטיקט מיך צו ווידערשטיין איר האַס.
איר גרויס באַוועלטיקט מיך ווי ים־פאַרפלייץ.
נאָר פונקט ווי פאַר אַ קיניג דער רעבעל,

אזוי שטיי איך אין אירע וועגט אָן שרעק
און אָן דעם מינדסטן וואָרט פון בייז און שפּאָט.
אין נעפּל זיי איך אירע ווייטע טעג,
און זע איר קראַפט אין וואונדער פון גראַניט,
און זע, ווי אונטער דעם באַריר פון צייט
די אוצרות אירע זינקען איין אין זאַמד.

# פינף לידער

## פון לענגסטאָן היוז

### אַ האַרלעמער נאַכט

קום,
לאָמיר אַרומוואַנדערן צוזאַמען די נאַכט
און זינגען.

איך האָב דיך ליב.

אויף די האַרלעמער דעכער
שיינט די לבנה.
דער נאַכטיקער הימל איז בלוי,
שטערן זיינען גרויסע טראָפּנס
פון גאָלדענעם טוי,
אין קאַבאַרע
שפּילט דער דזשעז־אָרקעסטער.

איך האָב דיך ליב.

קום,
לאָמיר אַרומוואַנדערן צוזאַמען די נאַכט
און זינגען.

### איך אויך

איך באַזינג אויך אַמעריקע.
איך בין דער טונקעלער ברודער.
זיי שיקן מיך עסן אין קיך,
ווען סע קומען געסט.
נאָר איך לאַך
און עס געשמאַק
און ווער וואַס אַמאָל שטאַרקער.

מאָרגן וועל איך זיצןביים טיש
ווען געסט וועלן קומען.
קיינער וועט ניט וואָגן
דעמאָלט
מיר צו זאָגן:
„גיי עסן אין קיך".

און דערצו
וועלן זיי זען ווי שיין איך בין,
און בלייבן פאַרשעמט, —
איך בין אויך אַמעריקע.

### אָ ר ד ע ל אָ

כ'וואָלט געגליכן דיך
צו אַ נאַכט אָן שטערן,
ווען ניט דיינע אויגן.

כ'וואָלט געגליכן דיך
צו אַ שלאָף אָן טרוימען,
ווען ניט דיינע לידער.

# האַרבסט־ליד

די האַרבסט־בלעטער
זיינען איינגעטונקען אין קאָלירן.
די שלאַנקע בוימער
אויף וואולקאַן ראָוד
זיינען אָנגעטאָן אין פּורפּור און אין גאָלד
ווי יונגע קורטיזאַנקעס,
וואָס וואַרטן אויף געליבטע.
נאָר באַלד וועלן ווינטערדיקע ווינטן

אויסטאָן זיי אינגאַנצן נאַקעט,
און נאָכדעם
וועט דער שאַרפער
שנייאיק־נאַסער ברי פון קעלט
צערטלען זייער לייב
און זיין זייער איינציקע
ליבע.

# דער מומע סועס מעשהלעך

די מומע סוע האָט אַ פולן קאָפּ מיט מעשהלעך.
די מומע סוע האָט אַ פול האַרץ מיט מעשהלעך.
אין די זומער־נעכט זיצט די מומע סוע אויפן גאַניקל,
טוליעט צום האַרצן אַ קינד מיט אַ ברוין פּנימל
און דערציילט אים מעשהלעך.

שוואַרצע שקלאַפן
אַרבעטן אויף דער הייסער זון,
שוואַרצע שקלאַפן
גייען אין דער טויאיקער נאַכט,
זינגען טרויער־לידער אויף די ברעגן פון אַ מעכטיקן טייך,
און אַלע מישן זיך שטיל צוזאַמען
מיט די טונקעלע שאָטנס,
וואָס האַלטן אין איין איבערקרייצן
דער מומע סועס מעשהלעך.

און דאָס קינד מיטן טונקעלן פּנימל הערט און ווייסט,
אַז דער מומע סועס מעשהלעך זיינען אמתע מעשה־לעך,
עס ווייס, אַז זי האָט אירע מעשהלעך ניט גענומען פון קיין בוך,
נאָר זיי קומען טאַקע פון איר אייגענעם לעבן.
און דאָס קינד מיטן טונקעלן פּנימל ליגט שטיל
און הערט דער מומע סועס מעשהלעך.

## ניטאָ דאָרט קיין באַהעלטעניש
(ספּיריטשואַל)

ניטאָ דאָרט קיין באַהעלטעניש, ניטאָ!
ניטאָ דאָרט קיין באַהעלטעניש, ניטאָ!
כ׳בין אַוועק צום פעלז מיין פּנים צו באַהאַלטן,
שרייט אויס דער פעלז: „ניטאָ קיין באַהעלטעניש״,
ניטאָ דאָרט קיין באַהעלטעניש, ניטאָ.״

אוי, דער פעלז שרייט אויס: „איך אליין ברען אויכעט״
אוי, דער פעלז שרייט אויס: „איך אליין ברען אויכעט״
אוי, דער פעלז שרייט אויס: „איך אליין ברען אויכעט״
איך וויל אויך גיין אין גן־עדן אזוי ווי דו,
ניטאָ דאָרט קיין באַהעלטעניש, ניטאָ״.

אוי, דער זינדער האָט געשפּילט און דורכגעפאַלן,
אוי, דער זינדער האָט געשפּילט און דורכגעפאַלן,
אוי, דער זינדער האָט געשפּילט און איז אַ—דורכגעפאַלן;
ער האָט געוואָלט גן־עדן, נאָר ער מוז גיין אין גדהינום,
אוי, ניטאָ דאָרט קיין באַהעלטעניש, ניטאָ.

## מאַגאַלן
### פון העלין דזשאַנסאָן

זומער קומט.
דער זיג־זאַג הויערט
אַרום דעם גיריג־מויליקן קראָקאָדיל.
אַ שפּאַרבער טראָגט אַוועק אַ נאַרישן שאַקאַל.
דער פלאַמינגאָ איז אַ שטראָם רויטס,
וואָס שלאָגט זיך אָפּ אויף גרינעם וואַלד,
זיינע שלאַנקע פיס גרויסן זיך מיט דינקייט אַקעגן דינעם האַלדז.
די לאַכענדיקע אַזורע פאַרגייט זיך מיט מוזיק
און שלעפערט איין דעם פוילן עקדעש —
אַ גרוי באַשעפעניש אויף אַ שטיין, אָנגעהיצט פון זון.
אויף אַזאַ אָרט,
אין אַזאַ געפּליס און אויפברויז פון קאָלירן,
האָב איך דערזען מאַגאַלון, טונקל, ווי אַ בוים אין מיטן נאַכט,
איינהערן זיך, מיט ליפּן לעכצנדיקע, אין אַ מענטשן מיט אַ ווייסן קראַגן,

אַ קליין שוואַרץ ביכל מיט אַ צלם פון אויבן.
אָ, מאגאלו, קום! נעם אָן מיין האַנט און איך וועל דיר לייענען פּאָעזיע,
קלינגעוודיק־זינגעוודיקע ווערטער,
הימל־סימפאָניעס!
פיל אָן דיין האַלדז מיט געלעכטער און דיין האַרץ מיט געזאַנג,
לאָז אים ניט פאַרנאַרן דיך פון דיינע לאַכענדיקע וואַסערן,
כוואַליענדיקע אָזערעס און קילנדיקע ווינטעלעך!
ווערסטו פאַרקויפן דעם די קאָלירן פון דיין זונפאַרגאַנג, און דעם דופט
פון דיינע בלומען, און דעם ליידנשאַפטלעכן וואונדער פון דיין וואַלד
פאַר אַ גלויבן, וואָס וועט דיך ניט לאָזן טאַנצן?

# פאַרקאָרקעוועט

## פון העלין דזשאנסאן

אויפן דריטן גאָרן אויבן
אין ביבליאָטעק פון דער 125טער גאַס,
אין האַרלעם, האָב איך געזען
אַ קליין פלעשעלע זאַמד, ברוינע זאַמד —
אַזאַ, וואָס קינדער מאַכן באַבעלעך
דערפון אויפן ברעג ים.
נאָר אויפן צעטל איז געשריבן:
„זאַמד פון דער מדבר סאהארא״.
באַרעכנט נאָר! די מדבר סאהארא!
אַ מענטש האָט זיך געשלעפּט אַזש קיין סאהארא נאָך אַביסל זאַמד!

און נעכטן האָב איך אויף דער זיבעטער עוועניו
געזען אַ נעגער אָנגעטאָן אויף צו סמאַליען אַ וועלט:
אין געלע האַנטשו און אַ צוגעפּאַסטן פראַק,
און אין האַנט אַ שטעקעלע געדרייט. און אַלע
האָבן פון אים געלאַכט. איך אויכעט,
אָנפאַנגס, ביז איך האָב דערזען זיין פּנים,
ווען ער איז געבליבן שטיין זיך איינהאָרכן אין אָרגעל,
וואָס האָט געשפּילט אַ דזשעז־טאַנץ.

קינדערלעך! איר האָט געדאַרפט זען דעם נעגערס פּנים!
אי, האָט ער געשיינט! דזשי, איז ער געוועזן גליקלעך!
און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן טאַנצן,

ניט דעם „טשארלסטאָן”, ניט דעם „בלעק־באָטעם”־טאַנץ.
אָ, ניין. ער װאָט געטאַנצט אַזױ װירדיק
און פּאַמעלעך. ניין, ניט פּאַמעלעך.
נאָר עפּעס אַזױ װירדיק און שטאָלץ!
ניין, מען קען עס ניט
רופן פּאַמעלעך, װײל ער האָט אַלע װײל
אַרױסגעװאָרפן אַן אַנדער קונץ.
מ׳האָט געקענט פּלאַצן קוקנדיק אױף אים...

דער עולם האָט געליאַרעמט, נאָר ער האָט ניט געהערט.
ער האָט געהאַלטן אין איין טאַנצן און דרײען מיטן שטעקעלע,
און פון צייט צו צייט אױף אַ קול צוגעברומט.
איך װײס, דער עולם האָט געמיינט, אַז ער איז פון זינען.
אָבער איך בין גראַד געשטאַנען אַזױ, אַז כ׳האָב געקענט זען זײן פּנים.
און איך װײס ניט װי אַזױ, נאָר מיר האָט זיך געדאַכט: ער טאַנצט אין
אַ דזשאַנגל,
טאַקע אין אַן אמתן דזשאַנגל, און ער איז ניט אָנגעפּרינדעט מיט אָט־די
פּאַיאַצן־קליידער — אָט די געלע שיך, געלע האַנטשו
און דעם צוגעפּאַסטן פראַק. ער גייט גאָרניט אָנגעטאָן.
און ער טראָגט אױך ניט קיין שטעקל.
ער האַלט אין האַנט אַ שפּיז מיט אַ פיין־פאַרשאַרפטן שפּיץ,
װי די באַגנעטן, װאָס מיר האָבן געהאַט אַ־דאָרטן־אָ.
און דער שפּיז איז ארײנגעטונקען אין עפּעס אַ מין
„הו־דו”־סם. און ער טאַנצט שװאַרץ און נאַקעט און גלאַנציק.
און ער טראָגט רינגען אין די אױערן און אױף דער נאָז,
און בראַסלעטן און האַלדזבאַנדן פון עלפאַנט־ציינער.
דזשי, װאָלט ער דעמאָלט געװוען שיין!
קיינער װאָלט פון אים זיכער ניט געלאַכט.
הערט איר? דער מענטש, װאָס האָט גענומען די זאַמד אין סאַהאַרא
און זי אַרײנגעלײגט אין אַ פּלעשעלע אױף אַ פּאָליצע אין ביבליאָטעק,
אָט־דאָס האָט מען דאָך געטאָן מיט אָט־דעם מענטשן, ניט אַזױ?
מ׳האָט אים ארײנגעשפּארט אין אַ פּלעשעלע.
פּאַיאַצקע שיך, אַ פּאַיאַצקער פראַק, אַ פּאַיאַצקע שטעקעלע, אַלצדינג
פּאַיאַצקע.
אַלץ גלאַז...
אָבער אינװייניק —
דזשי...

# אַכנאַטאָנס הימנע צו דער זון

## אברהם רעגעלסאָן

די „הימנע צו דער זון" איז פאַרפאַסט געוואָרן פון דעם אידעאַליסטישן קעניג פון מצרים, אַכנאַטאָן, וועלכער האָט געוואָלט מאַכן אַ רעפאָרמע אין דער אמונה פון זיין לאַנד. ער האָט געפּרידיקט אַ מין פאַנטעאיסטישן מאָנאָטעאיזם, פון וועלכן די זון איז גלייכצייטיק דער צענטער און דער סימבאָל. אַטאָן איז דער זון־ראָד, צו וועמען אַכנאַטאָן האָט געהייסן דינען אויסשליסלעך, צום אָפּשאַפן פון אַלע אַנדערע געטער. דער קעניג האָט געהייסן אַמענאָפיס דער פערטער; ער האָט געביטן זיין נאָמען אויף אַכנאַטאָן (מאָן פון אַטאָן) בעת ער האָט גענומען פּראָפּאַגאַנדירן זיין נייעם גלויבן. די פּריסטער פון די אַלטע געטער האָבן געקעמפט קעגן אים, און נאָך זיין טויט איז זיין רעפאָרמע אָפּגעשאַפט געוואָרן. זיגמונד פרויד האַלט אַז דאָס העברעאיש וואָרט **אָדון** (האַר), און די פאָרמע פון גאָט־באַגריסונג **אדוני** (מיין האַר) שטאַמען פון מצרישן **אַטאָן**. משה רבנו, זאָל עס הייסן, איז געווען אַכנאַטאָנס אַ תלמיד. אָבער ביי משהן שפּילט די זון ניט קיין צענטראַלע ראָליע. אייניקע ווילן האָבן אַז די „הימנע צו דער זון" איז דער פּראָטאָטיפּ פון דעם העברעאישן „ברכי נפשי". געוויסע ענלעכקייטן זיינען יאָ דאָ, כאָטש די העברעאישע תפילה, צוליב איר ריינערן מאָנאָטעאיזם, איז קינסטלעריש מער דערהויבן.

די דאָזיקע איבערזעצונג איז געמאַכט לויט ענגלישע און העברעאישע נוסחאות.

**שיין איז דיין אויפגאַנג אויפן ראַנד פון הימל,**
**אַטאָן ליבענדער, אָנפאַנג פון לעבן!**
**בעת דו גייסט אַרויס אין מזרח, ביי די ברעגן פון ליכט,**
**ווערט יעדעס לאַנד פאַרפול פון דיין פּראַכט.**
**שיין ביסטו, גרויס ביסטו, הויך שיינסטו איבער אַלע לענדער,**
**דיינע שטראַלן רינגלען אַרום די ערד**
**ביז צו דעם לעצטן פון אַלע באַשעפענישן.**
**דו ביסט דער אַל־גאָט, אַלע ברואים האָלטסטו געפאַנגען,**
**דו בינדסט זיי צו זיך מיט דיין ליבע.**
**ווייט ביסטו, און דיינע שטראַלן זיינען אויף דער ערד,**
**הויך ביסטו, און דיינע פוסטריט זיינען דאָס ליכט פון טאָג.**

ווען דו פאַרגייסט אין מערב־ראַנד פון הימל,
ווערט טויט־פינצטער אויף דער ערד.
מענטשן שלאָפן אין זייערע צימערן, דעם קאָפּ איינגעהילט ,
זיי זעען ניט איינער דעם צווייטן.
אַז מען וואָלט זיי באַגנבעט צוקאָפּנס, וואָלטן זיי אויך ניט געזען.

דאַן גייט אַרויס דער לייב פון זיין הייל,
יעדער קריכער אויף דער ערד.
ס'איז פינצטער און שטיל! דער שעפער רוט אין זיין אונטערגאַנג!
מיט טאָגליכט גייסטו צוריק אַרויף ווי אויף אַ באַרג,
אַ שיינענד זון ביסטו אַ גאַנצן טאָג,
פאַר דיינע טריט אַנטלויפט פינצטערניש, די צוויי לענדער פרייען זיך,
זיי שטייען אויף, זיי שטעלן זיך אויף די פיס,
ווייל דו האָסט זיי אויפגעהויבן.
זיי וואַשן זיך, זיי טוען אָן זייערע קליידער,
זיי בענטשן דיין אויפגאַנג מיט אויפגעהויבענע הענט.
דאַן גייען זיי אַרויס צו זייער אַרבעט.
פרייט זיך די בהמה איבער גראָז,
וואַקסןביימער און גראָזן, פייגלעך פלאַטערן איבער זייערע זומפּן,
מיט אויסגעשפּרייטע פליגלען לויבן זיי דיך.
טאַנצן שאָף, פליען פייגעלעך,
לעבעדיק זיינען זיי, ווייל דו לויכסט אויף זיי.
גייען שיפן אַרויף און אַנידער אין טייך,
ביי דיין ליכט עפענען זיך וועגן פאַר מענטשן;
שפּרינגען פיש אין דעם גרינעם ים,
ווייל דיין ליכטיקייט דערגרייכט זיי.

דו באַשאַפסט בויך־פרוכט פאַר שוואַנגערע פרויען,
דו מאַכסט זוימען פאַר די מענער,
דו היטסט אָפּ דעם זון אין בויך פון זיין מוטער,
דו באַרואיקסט זיין זעל ער זאָל ניט וויינען.
אָן אָם ביסטו אין מוטערטראַכט!

צו יעדער באַשעפעניש גיסטו לעבן ביים אַרויסגיין פון מוטערטראַכט,
עפנסט דיין מויל צו ריידן, און גיסט אים זיין באַדערפעניש.
צו דער עופהלע אין שאָלעכץ פון איי

גיסטו לופט אויף אויפהאַלטן איר לעבן.
אַ געזעץ האָסטו געמאַכט,
זי זאָל אויפברעכן איר שאָלעכץ אין צייט,
זי זאָל אַרויס,
און פּישטשען אויף אַ קול,
און אַרומשפּרינגען אויף דער ערד.

ווי פילזייטיק זיינען דיינע ווערק!
אַ סוד זיינען זיי פאַר מענטשנאויגן.
איינציקער גאָט, וואָס האָט צו דיר קיין צווייטן ניט,
נאָך דיין ווילן האָסטו באַשאַפן די ערד,
מענטש און בהמה און חיה, יעדער נאָך זיין מין נאָך,
דער וואָס גייט אויף פיס, דער וואָס פליט אין הימל,
ווייטע לענדער, ארם און כוש, און דיין פאָלק מצרים,
יעדן פון זיי האָסטו געשטעלט אויף זיין פּלאַץ,
געגעבן אים זיין באַגער,
יעדע באַשעפעניש שפּייזטו און יעדערן גיסטו זיין צאָל פון טעג.

האָסט מענטשן צעשיידט נאָך זייער שפּראַך און אויסזען,
אַנדערש־הויטיקע משפּחות צעטיילט אין פעלקער . . .
אַ טייך אין הימל האָסטו געמאַכט
וואָס נידערט אויף די בערג, שלאָגט כוואַליעס ווי אַ ים,
זעטיקט לענדער, און מאַכט זיי באַוואַקסן מיט פלאַנצן.
ווי פילזייטיק זיינען דיינע געדאַנקען, גאָט פון אייביקייט!
דאָס ליכט אין הימל האָסטו געגעבן צו אַלע לענדער,
און צו דער חיה וואָס וואוינט אין די בערג, —
און אַ טייך פון אונטערוועלט שטראָמט פאַר מצרים!
דיינע ליכטשטראַלן טוען אַנזויגן אַלע פלאַנצן, גיבן זיי לעבן.
אַז דו גייסט אַרויס, לעבן זיי פאַר דיר און וואַקסן.

די צייטן פון יאָר האָסטו געמאַכט צו באַנייען דיינע ווערק,
דעם קאַלטן ווינטער און די היץ,
און די ברייטע הימלען פאַר דיין שיינען,
בעת דו גייסט אַרויס אַלס לעבעדיקע זון אַנצוזען דיינע אויפטוען.

טויזנטער־מיליאַרד בילדער האָסטו באַשאַפן פון דיר זעלבסט,
אין באַרג, און דאָרף, און פעלד, און וועג, און טייך, —
יעדע אויג זעט זיי, ווייל דיין ליכט לויכט איבער דער ערד.

אָה! דו ביסט אין מיין האַרץ,
קיינער קען דיך ניט ווי דיין זון אַכנאַטאָן.
אים האָסטו געלערנט דיינע וועגן.
אין דיין האַנט האַלטסטו די ערד וואָס דו האָסט באַשאַפן:
דו שיינסט אויף — לעבן זיי; דו פאַרזינקסט — שטאַרבן זיי.

דו ביסט אייביק לעבן, און אין דיר לעבן אַלע.
אַלע אויגן קוקן אָן דיין פּראַכט ביז דו פאַרזינקסט.
ביי דיין שיין אַרבעטן אַלע הענט, לויפן אַלע פיס,
זינט דו האָסט באַשאַפן די וועלט;
דו הייבסט אויף מענטשנקינדער צוליב דיין זון
וואָס איז פון דיינע לענדן אַרויס,
קעניג פון הויך־מצרים און נידער־מצרים,
קינד פון דעם אַל־גאָט, — דער מאַן וואָס לעבט אין אמת
און איז האַר פון קרוינען, אַכנאַטאָן, צו לאַנגע יאָרן!
און זיין ווייב, האַרנטע פון די צוויי לענדער,
נעפער־נעפער־אַטאָן, וואָס מען רופט איר נעפרעטעטע,
לעבן און בליען זאָל זי אויף אייביק און אייביק.

# משה לייב האַלפּערן אין ראַם פֿון זיין דור

1932—1886

(פראַגמענט פֿון אַ שטודיע)

## אליעזר גרינבערג

. . . די עסענץ פֿון קונסט איז אַן אומענדלעכע איינזאַמקייט און מיקאַן זי נישט באַנעמען מיט אַזוי ווייניק ווי מיט קריטיק, בלויז מיט ל י ב ע קאַן מען זיך צו איר דערנענטערן, זי דערגרייכן און זי אויפריכטיק אורטיילן.
(ראַינער מאַריאַ רילקע: „בריוו צו אַ יונגן פּאָעט.")

### 1. דערקענטעניש

עס טרעפט אָפּטמאָל אַז פּערזענלעכער קאָנטאַקט מיט אַ קינסטלער רופט אַרויס ביים לייענער אַ געפיל פֿון אַנטוישונג; אַ פאַרדאַכט, אַז ערגעץ־וואו איז פֿאַראַן אַ סתירה צווישן דעם ווערק און דעם קינסטלער. דאָס פּאַסירט מערסטנס דעמאָלט, ווען דער לייענער פּרובירט, אויפֿן גרונט פֿון לייכט־אויפגעכאַפּטע אימפּרעסיעס געפינען דעם שליסל צום דיכטערס רייך.

דער לייענער, למשל, קאָן אַמאָל אַנטוישט ווערן ווען ער דערזעט דעם קינסטלער אין פּנים; דעם קינסטלערס אויסזען — זיין קול, זיין אויפפירונג, זיינע מאַניערן שטימען אַמאָל נישט מיט דעם נייגיר, מיט דעם אופן ווי אַזוי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט דעם קינסטלער לייענענדיק זיינע ביכער, באַטראַכטנדיק זיינע בילדער און געמעלן, אָדער צוהערנדיק זיך צו זיין מוזיק. דער מעטאָד, מעכאַניש אַנצומעסטן דאָס ווערק אויפֿן קינסטלער אָדער דעם קינסטלער אויף זיין ווערק איז זעלטן פּאַסיק, און נאָך זעלטענער צופרידנשטעלנדיק סיי פֿאַר דעם קינסטלער און סיי פֿאַר דעם לייענער.

די אַנגעלאָדענע קינסטלערישע ענערגיע וואָס ריזלט אין דער טיף פֿון יעדן עכטן קונסטווערק רייסט זיך אַלעמאָל און בענקט נאָך אויפריכטיקער און טיפֿער דערקענטעניש. נאָר דעם קינסטלערס ווערק דאַרף זיין, ביין, איז און מוז זיין, די מאָס־און־וואָג, דער פּרוביר־שטיין, דער נאָפּל־פֿאָדעם וואָס פֿאַרבינדט דעם דיכטער מיט דער וועלט. ווייל יעדע שעפֿערישע טעטיקייט איז אַ געמיש פֿון באַוואוסטזיניקן און אומ־

באַוואוסטזיניקן אָנשטרענג פון שאַפער זיך אויסצושפּרייטן, צו באַצווינגען, צו ווירקן און באַווירקן. דאָס בכבודיקע אָרט וואָס די קונסט פאַרנעמט פון אייביק־אָן אונטער נאַרמאַלע אומשטענדן און אונטער לעבנס מעגלעכע באַדינגונגען איז באמת א כשר־פאַרדינטע, ווייל זי איז געבענטשט מיט דער גרויסער אייגנשאַפט, וואָס אויב זי שטאַמט אין אורשפּרונג פון א ריין עגאָאיסטישן דראַנג צו געבן זיך אליין, ווערט אבער דער מין עגאָאיזם פאַרוואַנדלט אין פּראָצעס פון אויסדרוק, אין פּראָצעס פון רעאַליזירן זיך — אין ריינעם אַלטרואיזם. ווייל נישט נאָר וויל נישט דער קינסטלער זיין דער איינציקער צו געניסן פון זיינע קונסטווערק, נאָר פּונקט פאַרקערט, עס ליגט אין עצם פּראָצעס פון שאַפן אָט יענע פיבערדיקע טרייבקראַפט וואָס מאכט אים (מערסטנס) אָנטקעגן צו טראָגן אַ גלייכגילטיקער וועלט זיינע דערוואָרבענע קונסט־אוצרות. ביים פאַרענדיקן אַ קונסטווערק איז דער שעפער אַלעמאָל בבחינת נח אין דער תיבה — ווען ער האָט אַרויסגעשיקט די טויב — זי זאָל קומען אין באַריר און אים צוריק ברענגען אַ גרוס פון דער לעבעדיקפאַרבליבענער וועלט נאָכן מבול. במילא וואָס גרעסער דער קינסטלער, אַלץ גרעסער איז די טרייבקראַפט, דער דראַנג אַרויסצוצווינגען זיך אויף דער וועלט. אמת, דער דאָזיקער דראַנג באַדאַרף נישט באַגרענעצט זיין צו איין־און־דעם־זעלבן אופן פון אויסדרוק.

פאַראַן שרייבער וויכטיקע און ווייניקער־וויכטיקע וואָס בלויז זייערע ביכער גייען אונדז אָן. זיי אַליין בלייבן אין דרויסן פון זייער ווערק. ווידער איז פאַראַן אַ מין קינסטלער וואָס די מינדסטע באַקאַנטשאַפט מיט זייערע שאַפונגען רעגט אונדזער נייגער, אימפּאָנירט אונדזער קוריאָזיטעט אויך וועגן דעם קינסטלער גופא.

משה לייב האַלפּערן האָט ביי אונדז געהערט צו דעם לעצטן מין. זיינע לידער האָבן אין אונדז אָפּטמאָל אויך געוועקט אַ דורשט צו וועלן וויסן עפּעס וועגן דעם מענטשן וואָס שרייבט אַזעלכע טשיקאַווע, אַזעלכע הייס־אָטעמדיקע, אַזעלכע אייגנאַרטיקע לידער. און ס'האָט טאַקע געטראָפן (מיר זיינען באַקאַנט אַזעלכע פאַלן) ווען מענטשן מיט ניט קיין איבעריק־גרויסן אינטערעס פאַר דיכטונג, האָבן זיך דאָך ערנסט פאַראינטערעסירט אין משה לייבס דיכטונג. די פאַלן ווערן דאָ נישט אָנגעגעבן ווי פאָעטישע מעלות אָדער ווי פאָעטישע חסרונות — זיי ווערן דאָ בלויז געבראַכט צו באַווייזן דעם אָנשטעקנדיקן אינדיווידועלן כוח וואָס האַלפּערן האָט פאַרמאָגט אויף אַרויסצורופן צו זיך קוריאָזיטעט אָן אייגנשאפט — וואָס איז נאַטירלעך אין יענע זעלטענע

פאַלן — ווען מען קאָן נישט איבערשניידן דעם קנופּ וואָס פאַרבינדט דעם דיכטער מיט דעם ליד און דאָס ליד מיט דעם דיכטער — נישט טויטנדיק בײדע.

שרײבנדיק וועגן דער „גאַליציאַנער אַנטאָלאָגיע", אין „טאָג" פון 23טן אויגוסט, 1936, באַמערקט ש. ניגער אַז „יעדער פון זיי איז רעפּרעזענטירט אין דער אַנטאָלאָגיע סך־הכל נאָר מיט איין ליד, אָדער העכסטנס מיט צוויי לידער, דאָס איז גענוג אפשר פאַר אַ קאַטאַלאָג, אָבער נישט פאַר אַן אַנטאָלאָגיע, אפילו ווען זי איז קליין. סיידן אַ דיכטער איז אַזוי אינדיווידועל, ווי עס איז געווען מ. ל. האַלפּערן, וואָס צו זיין הייליקן „אַנדענק" איז די זאַמלונג אַרויסגעגעבן געוואָרן. אים איז לייכט צו דערקענען פון די צוויי זייטלעך וואָס ער פאַרנעמט אין דער „קליינער אַנטאָלאָגיע". מען קען אָבער נישט פאַרלאַנגען פון אַלע אייך־און־דרייסיק פּאָעטן אַזאַ הויכע מדרגה פון אייגנאַרטיקייט ווי די, מיט וועלכער דער פאַרשטאָרבענער מ. ל. האַלפּערן האָט זיך אויסגעצייכנט. אַ געוויינלעכער פּאָעט קען עס אונדז מיט איין ליד ניט זאָגן".

אַ צווייטע באַשטעטיקונג געפינען מיר אין ראובן אייזלאַנדס זכרונות וועגן דער ליטעראַרישער גרופּע „יונגע", וואָס זיינען גע־דרוקט געוואָרן אין „טאָג", 1939. אויף איין אָרט שרייבט ער: „. . . ביי האַלפּערנען איז דאָס קול ביים לייענען אַ ליד, געוואָרן אינ־גאַנצן אַנדערש ווי ביים ריידן, האַלפּערן האָט פּשוט היפּנאָטיזירט מיט זיין לאַנגזאַמען, לאַנגן ראַלענדיקן לייענען, און וואָלט איך ניט גע־וואוסט אַז ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים און פאַרערער אויף יענער זייט ים, וואו מען האָט אים קיינמאָל ניט געהערט, וואָלט איך געזאָגט אַז ער האָט אַ גרויסן טייל פון זיין דערפאָלג אַלס דיכטער, צו פאַר־דאַנקען זיין לייענען".

אויך נח שטיינבערג וויל האָבן אין „יונג אַמעריקע" אַז „מען קען פאַרשטיין האַלפּערנס לידער, ווען מען קען אים פּערזענלעך און זיין הויך הפקרדיק געלעכטער, וואָס רייסט זיך אַרויס פון זיין ברוסט מיט אַ היסטערישן האָ!־האָ־האָ!"

מ. ל. האַלפּערנס „הויכע מדרגה פון אייגנאַרטיקייט", זיין אויס־געשפּראָכענע דיכטערישע אינדיווידואַליטעט — לאָזט זיך, ווי מיר דוכט, דערקלערן דערמיט, וואָס ער האָט כמעט אַלעמאָל דערפירט זיין ליד צום סאַמע אינערלעכן גרונט־עיקר פון פּאָעטישן אויסדרוק, תמיד דורכגענומען און דורכגעגליט מיט פייער פון עמאָציע, אַן אומגע־ריכטער אימאַזש, אַ וואוילקלאַנג, איינפאַלערישקייט אין טעמע —

וועלכע ער דערפירט קאָנסעקווענט ביז שלימות. — ווען מיט דעם זעלבן ערנסט און ארבעטזאמקייט פלעגט ער מקפּיד זיין — אויף שיינקייט און נעטקייט פון זיין כתב־יד.

עס האָט זיך אים ניט געגעבן גרינג דאָס שרייבן לידער ווי ס'קאָן זיך אויסדוכטן פון אויבנאויף; און בלויז יענע וואָס האָבן געזען זיינע פּערלדיקע און זויבער־ריינע מאַנוסקריפּטן, זיינע צענדליקער ווערזיעס פון איינעם און דעם זעלבן ליד — וועלן ריכטיק באַנעמען דעם פולן זין פון מיין באַהויפּטונג. „אַז משה לייב שרייבט — שרייבט ער מיט אַ קליין גאָלדשמיד־העמערל, ווי אַ פיליגראַן־קינסטלער, ווי דער קאַווקאַזער זילבער־איינלייגער אינעם האָלץ פון שפּאַציר־שטעקן. פּאַוואָלי־פּאַוואָלי, דריבנע אויסגעצייכנטע בוכשטאַבלעך, פּאַטשער־קעלעך און מערקווירדיק גלייכע (כאָטש ניט געווירעטע) שורות אויף קליינע, שמאָל־לאַנגע שטיקלעך פּאַפּיר". (משה נאַדיר: „סיג־נאַל", מערץ, 1936). אַזויפיל געדולד און אַרבעטזאַמקייט קומען פון געפיל פון דיכטערישער אחריות, און האַלפּערן איז, אין די שפּעטער־דיקע יאָרן, קיינמאָל ניט פאַרטיק געוואָרן מיט אַ ליד, ביז וואַנען ער האָט אין דעם ניט אַריינגעהויכט אַ לעבעדיקן מענטשלעכן אָטעם. פּאַרגלייכט דעם ערשטן וואַריאַנט פון זיין באַרימט ליד „דער גאָסנ־פויקער". געדרוקט אין „דער קיבעצער" דעם 22טן סעפּטעמבער 1911; וואָס קלינגט אַזוי שוואַך און אומבאַהאָלפן אין פאַרגלייך מיט זיין לעצטן וואַריאַנט וואָס איז אַריין אין זיין בוך „אין ניו יאָרק". ערשטער וואַריאַנט:

נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָרל,
מיט מיין פויק און טאַצן־פּאָרל
טאַנץ איך אין דער וועלט אַרום,
פלינק, געשווינד,
ווי דער ווינט
אָט אַזוי ווי אָט אַצינד
טאַנץ איך אום פון הויז צו הויז.
בין איך קראַנק און אַלט און גראָ
ועמען אַרט עס? האָ־האָ־האָ!

**צווייטער וואַריאַנט:**

זינגט דער פויגל פריי און פריילעך,
ציטערט אויף זיין טראָן דער מלך,
ציטערן איז ניט כדאי,

זינג איך ווי דער פויגל פריי,
און געשווינד
ווי דער ווינט
טאַנץ איך הפקר, טאַנץ איך בלינד
גאַס אַריין און גאַס אַרויס,
בין איך קראַנק און אַלט און גראָ,
ווּעמען אַרט עס — האַ־האַ־האַ!

זיין ליד האָט געמוזט ווערן אינטים ווי אַ פריינטלעכע קאָנווער־סאַציע — כאָטש די מיטלען און די בילדלעכקייט זיינען אָפטמאָל געצייכנט מיט שאַרפער ברוטאַלקייט. זיין באַליבטסטע פאָרם איז די אינטים־היימלעכע מאַניר פון סאָלילאָגיע (אַ פאָרם פון רעדן פאַר זיך אַליין אין דער הויך); אַ פאָרם — וואָס דער זיידע מענדעלע האָט אָפטמאָל ליב געהאַט צו באַנוצן: „אָמר מענדעלע מוכר ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר ספרים״, (מסעות בנימין השלישי), און אין דער אַמעריקאַנער פּוריטאַנישער דיכטונג האָט וואָלט וויטמאַן בשעתו דער ערשטער אומדערמידלעך וואַריאירט מיט דער פאָרם. וואָלט וויטמאַן פרעגט זיך אַליין אין פאַרשיידענע לידער:

— וואָס הערסטו, וואָלט וויטמאַן?

און: — אַ נעם מיין האַנט, וואָלט וויטמאַן!

און משה לייב:

—העי, העי, משה לייב, וואָס שטייסטו דאָ!

אָדער: — טאַנצט דער תכשיט משה לייב!

און: — משה לייב וועט אויסטראַכטן אַ שיף וואָס גייט אַוועק!

אָט דעם מעטאָד האָבן שפּעטער איבערגענומען פילע פון די יינגערע דיכטער, באַזונדערס איציק מאַנגער. דאָס סאָלילאָגירן, דאָס טראַכטן אין דער הויך, אויף אַ קול, דאָס רעדן אָפּנהאַרציק, אומ־פאַרשעמט, אָן קונצן, אָן פּאָעטישע פליטערלעך, און די דירעקט־פאַמיליאַרע ווענדונגען צו זיך אַליין פונקט ווי צו אַנדערע — ווירקן אויף דעם לייענער, און ער דערפילט זיך באַלד גוט און היימיש. משה לייבס פּאָעטישע דירעקטקייט ווירקט אַזוי — אַז ער ווערט אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון ליטעראַרישע פאַרמיטלער. מיט זיינע אייגענע וואַרעמע רייד, מיט זיין אויסטענהן זיך אין דער הויך, אויף אַ קול, מיט וועלט, מיט שכן — פאַרוואַרפט ער באַלד אַ ברודערישע האַנט אויף דער פּלייצע פון לייענער, ער קריגט זיין צוטרוי און גע־ווינט אים באַלד איבער אַלס שותף צו זיך דיכטערישער וועלט, צו זיינע האָפענונגען און ספקות.

## 2. אין דער פרעמד

אַזוי גיך ווי משה לייב האָט אין 1908, אין פּעריאָד פון דער גרעסטער יידישער איינוואַנדערונג קיין אַמעריקע, געלאַנדעט אין ניו־יאָרקער האַפן, האָט ער דאָ באַלד דערפילט דעם עלנט, די פּיין, דעם גרילציקן יעוויש פון כאַאָס, פון „שמעלצטאָפּ", די הילפלאָזיקייט פון שטאָלצן רעבעל אין זיין נייַ־באַשערטער היים.

באַלד, ביים באַטרעטן די ניו־יאָרקער פרעמדע ערד, האָט דער דיכטער, ווי מיט אַ חיהשן אינסטינקט פאַר געפאַר — דערשפּירט די טראַגיק פון דעם אומגעהויערן קאַנגלאָמעראַט פון ראַסן, וואָס איז ווי אין אַ בהלה צונויפגעשלעפּט געוואָרן אַהער פון אַלע עקן וועלט, און איז דאָ פאַרשפּאַרט געוואָרן צווישן תפיסהדיקע ווענט פון ריזיקע מויערן און איז פאַרמשפּט נאָכאַנאַנד דאָ צו הערן:

דאָס ליד פון שטיין און שטאָל,
וואַנזין פון דער גרויסער שטאָט —
וואו גאָלד ווערט פון בלוט און אייזן געמאַכט!

אָדער:

ווען אַ לייב וואָלט דאָ פאַרבלאָנדזשען —
וואָלט ער וואַנזיניק געוואָרן,
וואָלט ער זיך אַליין צעריסן!

אַן ענלעכן איינדרוק פון אַמעריקע, האָט אין יענע יאָרן אויך געהאַט מאַקסים גאָרקי. נישט אומזיסט האָט גאָרקי אין 1906 באַטיטלט זיין אויפגעשריבענעם איינדרוק פון זיין באַזוך דאָ: „די שטאָט פון געלן טייוול". ביידע נוצן אפילו די זעלביקע ברוטאַלע מיטלען פון קינסט־לערישן אויסדרוק פאַר דעם זעלבן דערשיטערנדיקן איינדרוק. און פאַר גאָרקין ווי פאַר משה לייבן איז דאָ דעמאָלט דער „באַסיאַק" — דער איינציקער וואָס פּאַסט זיך אַריין אין ראַם פון גיהינום. אָט ווי גאָרקי שילדערט ניו־יאָרק:

„פונדערווייטנס זעט אויס די שטאָט ווי אַ ריזיק מויל מיט ניט קיין גלייכע שוואַרצע ציין. מען דערפילט, אַז מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ מאָגן פון שטיין און אייזן וואָס האָט איינגעשלונגען עטלעכע מיליאָן מענטשן און צערייבט זיי און קאָכט זיי איבער".

בלויז איינער פילט זיך דאָ היימיש ביי גאָרקין: „דער מענטש גייט, ער שטעלט געמאָסטענע טריט און וויגט זיין הויכן, איינגעבוי־

גענעם קערפּער. אין זיין פיגור איז פאַראַן עפּעס דענקענדיקעס, און כאָטש ניט זיכערס, אָבער — באַשליסנדיקס. מיר דוכט זיך אַז ער איז אַ גנבֿ".

דער באַרימטער נאָרוועגישער שריפטשטעלער קנוט האַמסון האָט נאָך פאַר זיי, ווי אַ קאָנדוקטאָר אויף אַ טראַם אין שיקאַגאָ, אַרויסגעטראָגן דעם זעלביקן אורטייל איבער אַמעריקע. און זיי זיינען נישט די איינציקע! מיט זיי הייבט זיך נישט אָן און מיט זיי ענדיקט זיך נישט דאָס צעטל פון די אומצופרידענע, פון די רעוואָלטירנדיקע, — מעג זייער פאָרם פון רעוואָלט, פון זייער קעגנשטעלן זיך דעם שטראָם, נישט אַלעמאָל זיין אַ שפּעדיקע פאָרם וואָס פאַרטיפט און באַזינט דעם רעוואָלט. די אומצופרידנקייט, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, דריקן אויס נישט נאָר „גרינע", איבערגעפלאַנצטע אימיגראַנטן, נאָר אויך עכטע הי־געבוירענע אַמעריקאַנער.

דאָס רויע גרילצנדיקע געווירבל פון פּיאָנערטום, דער ראַשיקער מאָרשרוט פון איבעראַשנדיקע, טעכנאָלאָגישע און וויסנשאַפטלעכע דערפינדונגען וואָס די אינדוסטריעלע ערע האָט מיט זיך אומעטום מיטגעבראַכט, האָבן אויפגעוועקט די שלומערנדיקע נאַטור־כּוחות, און וואַנזיניק אונטערגעאיילט די אַנטוויקלונג פון דער קאָמערץ און גרויס־אינדוסטריע אויפן חשבון פון מענטשן, און מענטשנס וואוילזיין.

אַ פּיאָנערן־פּעריאָדע איז אַלעמאָל גורם אַ דרויסנדיק לעבן פון אַקציע, און עס בלייבט ווייניק צייט און ענערגיע פאַרן מענטשנס אינערלעכן לעבן פון קאָנטעמפּלאַציע. אָט־דער פּראָצעס האָט נאָך פון זיין געבורט ביז היינט־צו־טאָג אומעטום באַאומרואיקט די סענ־סיטיווע גייסטער. דער באַרימטער ענגלישער דיכטער שעלי, האָט אין זיין באַקאַנטער עסיי „צו דער פאַרטיידיקונג פון דער פּאָעזיע", נאָך אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט ריכטיק אָנגעוויזן אויף דער אומרחמנותדיקער נויט וואָס איז אויפגעקומען אינאיינעם מיט דעם ענגלישן אינדוסטריאַליזם, און ער פרעגט דאָרט מיט פּאַטאָס: „וואָס נאָך פאַר אַ קוואַל האָט דערמעגלעכט אַז אַלע דערפינדונגען וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרגרינגערן, האָבן נאָך מער באַשווערט די קללה וואָס איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף אָדמען".

און אין אַמעריקע האָבן קינסטלער מיט טראַדיציע הינטער זיך, מיט זעלטענע אויסנאַמען (טאָראָ, עמערסאָן, וויטמאַן, מעלוויל) גע־בענקט און געשאַפן לויט די סאָלידע אייראָפּעאישע סטאַנדאַרטן. קינסטלער מיט אַמעריקאַנער טראַדיציעס ווי הענרי דזשיימס, וויסטלער, ביערס, לאַעל, לאָנגפעלאָ און באַזונדערס די שפּעטערדיקע ווי עזרא

פאַנד, גערטרוד סטיין, איזאַדאָרא דאַנקאַן, ט. ס. עליאָט, העמינגווי, הענרי מילער און צענדליקער און צענדליקער ווייניקער באַוואוסטע, האָבן פאַרלאָזט זייער געבורט־אָרט מיט אַ געפיל פון פאַראַכטונג; ברוגזע, וואָס דאָס גרילצנדיקע אַמעריקע האָט ניט אָפּגעשאַצט זייער קונסט, זיינען זיי געוואָרן פליטים („עקס־פּאַטריאַטן"); זיי האָבן (מיט אייגענעם ווילן) זיך אויסגעוואָרצלט פון היימישן באָדן און זיך צעפלויגן איבער איראָפּע. ביז ערשט אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך די מערסטע פון זיי צוריקגעקערט אַהיים אַנטוישטע, און זיינען, אַדאַנק אַ צאָל אויטאָביאָגראַפישע ביכער, באַרימט געוואָרן אַלס „דער פאַרלוירענער דור" — ווי זיי האָבן זיך אַליין באַצייכנט.

אין 1841 קומט ערשט ארויס ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן מיט זיין באַרימטער לעקציע וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר האַרוואַרד סטו־דענטן „אונדזער אינטעלעקטועלע דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט" אין וועלכער ער פאָדערט אויף די אַמעריקאַנער קינסטלער פון זיין צייט, אַז „זיי זאָלן ווערן אומאָפּהייניק נישט נאָר אין אינהאַלט, נאָר אויך אין פאָרם." ער ווייזט זיי אָן ווי וויכטיק עס איז זיי זאָלן פאָרשן און אינספּירירט ווערן פון דער אייגענער סביבה און ניט פון „די ווייטע אינדזלען דריי טויזנט מייל אויף יענער זייט ים".

ווי ענלעך דאָס איז צום אויפרוף פון י. ל. פּרצן וואָס פאָדערט אויף אונדזערע קינסטלער צו לערנען זיך ביי די אומות העולם און וואָרנט אין דער זעלביקער צייט „באַווירקט צו ווערן, נאָר נישט פאַרלירן זיך און בלייבן זיך אַליין געטריי!"

איצט קען מען זיך שוין פאָרשטעלן דאָס שווערע און פּיינפולע געמיט פון אַ יונגן, דערשראָקענעם פּיאָנערן־דור, צו וועלכן משה לייב אַליין האָט באַלאַנגט. — פון איין זייט איז מען אַנטלאָפן פון די צאַרישע פּאָגראָמען און אויסנאָם־געזעצן ,און פון דער צווייטער זייט — האָט זיך דאָ געפּאָדערט „אין דער פרעמדער" פּיאָנערישע עקשנות און אויסדויער, אַז מען זאָל זיך נישט פאַרלירן און אויפסניי אָנהייבן בויען און פאַרפונדעווען דורות־אַלטע זיטן און קולטור־טראַדיציעס וואָס זיינען איבערגעבראַכט צעטרייסלט און אויסגעריסן גע־וואָרן מיט די וואָרצלען. און דעמאָלט איז האַלפּערן, גראָד ער, דער שפּעטערדיקער לעסטערער, גרייט געווען צו אַקצעפּטירן די הערשנ־דיקע סאָציאַלע און „אידעאַליסטישע" שטימונג פון די יידישע פּיאָנערן־דיכטער דאָ אין לאַנד.

האַלפּערנס מיטגעבראַכטע ראָמאַנטישע באַווירקונג פון דער דייטשער פּאָעזיע, האָלט אין איין צייט נאָך זיין אָנקומען קיין אַמע־

ריקע —ביים אויסוועפּן זיך. ער ווערט באַווירקט פון דעם טאָן און דער טעמאַטיק פון עדלשטאַט, באָושאָווער, ווינטשעווסקי און מאָריס ראָזענפעלד; באַזונדערס פון לעצטן, מיט וועמען ער האָט אַ סך בשותפותדיקס. (ביידע, סיי ראָזענפעלד און סיי האַלפּערן, זיינען ביים אָנהייב שטאַרק באַווירקט פון היינען.) זייער קרובה־שאַפט צו היינען איז אָבער נישט קיין אַרויפגעצוואונגענע, קיין דרויסנדיקע, נאָר איז אין זייער בלוט. זיי פאַרמאָגן אַ היפּש ביסל אייגענע בייסיקייט און היציקן טעמפּעראַמענט (און דערפאַר קאָנען זיי טאַקע אפשר שפּעטער נישט הויזן פרידלעך). האַלפּערן פאַלט אַריין אין טאָן און הייבט אָן שרייבן ווי מערסטע דיכטער פון יענער צייט — געלעגנהייט־לידער, „פּראָפּאַגאַנדע־דיכטונג", אין וועלכע ער רופט זיך אָפּ און דריקט אויס אויף אַ גאַנץ געוויינלעכן אופן די שטימונגען פון די נישט לאַנג אַריבערגעקומענע אינטעליגענטן, האַלב־פּראָלעטאַרישע און שוואַך־אָרגאַניזירטע מאַסן.

די יידישע מאַסן האָבן דאָ דעמאָלט דורכגעלעבט דעם סוועט־שאַפּ פּעריאָד, און געזונגען מיט גרויס אידעאַליזם און התלהבות עדעלשטאַטס „מיין צוואה", „גוטער פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן", אָדער ראָזענפעלדס „ניט זוך מיך וואו פאָנטאַנען שפּריצן, געפינסט מיך דאָרטן ניט מיין שאַץ"; און האַלפּערן הייבט אָן מיטצוזינגען אין כאָר. אין דער „מאָנטרעאָלער פאָלקס־צייטונג" וואו ער האָט אַ שטיקל צייט מיטגעאַרבעט אונטער דער רעדאַקציע פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש, געפינען מיר אין דער אויסגאַבע פון 7טן יוני, 1912, אַ ליד, געדרוקט צו דער געלעגנהייט פון דעם דאָרטיקן גרויסן קלאָוק־מאַכער סטרייק. דאָס ליד הייסט — „צום סטרייק"! דאָס ליד — ווי אַ סך אַנדערע לידער פון יענע יאָרן (וואָס האַלפּערן האָט דע־מאָלט געדרוקט און שפּעטער זיי קיינמאָל נישט אַריינגענומען אין זיינע ביכער), איז אָבער כדאי דאָ צו ברענגען אַלס מוסטער, ווי ער האָט אינגאַנצן געשריבן אין סטיל פון די פריערדיקע דיכטער:

**צום סטרייק.**

שטיי אויף, שטיי אויף, גענוג געשקלאַפּט!
גענוג געליטן הונגער, נויט,
פאַרקויפנדיק דאָס בלוט פאַר ברויט,
די ראָד לאָז שטיין, די ברוסט שטרעק אויס,
און קום מיט אונדז אין קאַמף אַרויס!
פאַרלאָז דעם שאַפּ — די שקלאַפן־שטייג,
— שטיי אויף צום סטרייק!

ווי ענלעך דאָס איז צו די לידער וואָס מ'האָט געזונגען אין יענע יאָרן. עס איז כמעט אַ געטרייע קאָפּיע פון מאָריס ראָזנפעלדס ערשטע מאַרש־לידער איידער ער איז דיכטעריש רייף געוואָרן און דיכטעריש באַהערשט די טעמאַטיק, און זי פאַרוואַנדלט אין לידער:

מיר זיינען סאָלדאַטן אין פרייהייטס אַרמיי,
און שטייען גאַנץ פעסט אין די רייען —
מיר קומען באַפרייען די וועלט פון איר ווייי,
די מענטשהייט פון קנעכטשאַפט באַפרייען.
באַגייסטערט מיט אמת, באַלאָדן מיט מאַכט,
מאַרשירן מיר קעגן האַרמאַטן,
מיר קומען אין זונשיין פאַרוואַנדלען די נאַכט,
און קומען ווי בראַווע סאָלדאַטן!

(מאָרים ראָזענפעלד: „מיר זענען פרייהייטס־סאָלדאַטן״)

האַלפּערן איז נישט פאַרבליבן לאַנג אין קאַנאַדע, און שפּעטער ווען עס קומט אויף ביי אונדז די וויכטיקע דיכטער־גרופּע „יונגע״ און שטעלט אַרויס עסטעטישע קרעדאָס און איז אינגאַנצן אַ רעאַקציע קעגן דער הומאַנער פּראָפּאַגאַנדע־דיכטונג פון דעם פריערדיקן דור, באַטייליקט זיך האַלפּערן אין אַלע זייערע אויסגאַבעס און קעמפּט אַלע זייערע געפעכטן. אָפטמאָל קעמפּט ער שוין צו אָפן, צו ברוטאַל, — ווי אין זיין אַרויסטריט קעגן ראָזענפעלדן, מיט וועמען ער האָט, ווי שוין פריער אָנגעוויזן, געהאַט אַ סך מער קרובהשאַפט אין טעמפּעראַמענט ווי מיט די „יונגע״. אָבער אין לויף פון יאָרן, ווען ער האָט זיך אויף אַ צייט באַרואיקט און איינגעזען זיין טעות, איז ער געווען גרויסמוטיק צו רעווידירן זיין שאַרפן אָנפאַל אויף ראָזענפעלדן. אין אַ דעטאַלן באַריכט, געדרוקט אין „טאָג״ וועגן אַ באַנקעט וואָס דער י. ל. פּרץ פאַראיין האָט אַראַנזשירט לכבוד מאָריס ראָזענפעלדס 60 יאָריקן יובילײ, לייענען מיר אויסצוגן פון האַלפּערנס אַ רעדע וואו ער פאַרגלייכט ראָזענפעלדן „צום ים, ווען מען מוז מעסטן מיט אַ באַזונדערער מאָס, וואָס ניט יעדער איינער איז מסוגל דאַרויף״.

דאַרף דאָס באַטראַכט ווערן ווי אַן עפנטלעכער חרטה־צייכן — ווייל ער איז אַמאָל אַזוי בייסיק אָנגעפאַלן אויף ראָזענפעלדן — (אַזוי ווי ער האָט געקאָנט!) צי אפשר איז דאָס גאָר געווען אַן אינ־טואיטיווער אויסדרוק פון געמיינשאַפטלעכן גורל, טראַגישע דער־קענטשאַפט פון צוויי עלנטע יידישע דיכטער?

## 3. די גרופּע „יונגע" און זייערע קינסטלערישע קרעדאָס

אַרום 1910 און שפּעטער, הייבט זיך אָן די שעפערישע ליטע־ראַרישע טעטיגקייט פון דער דיכטער גרופּע „יונגע", וואָס באַשטייט פון ד. איגנאַטאָוו, ר. אייזלאַנד, י. אַפּאַטאָשו, א. מ. דילאָן, מ. ל. האַלפּערן, ז. לאַנדוי, ה. לייוויק, מאַני לייב, א. ראַבאָי, י. ראָלניק, י. י. שוואַרץ און פראַדל שטאָק. זיי גיבן אַרויס זשורנאַלן, שריפטן, ליטעראַרישע זאַמלונגען, אַנטאָלאָגיעס, ביכער און שרייבן אַריין אַ וויכטיק און פאַרבנרייך קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָ־דערנער יידישער ליטעראַטור.

פאַרשיידנאַרטיק און אַנדערש ווי איין דיכטער איז נישט געווען פון צווייטן, האָט אָבער די גרופּע אַלס אַ גאַנצע פאַראייניקט די רעאַקציע קעגן דעם פריערדיקן דור דיכטער וועמענס מיסיע איז געווען לויט דוד עדעלשטאַטס באַוואוסטזיניקער קרעדאָ, „פאַרוועדטס שטופּן די פרייהייט רעדער"; קעגן אַ דור — וואָס איז זעלטן געווען שפּאַרעוודיק און איבערקלייבעריש אויפן וואָרט. קעגן אַ דור — וואָס האָט ניט קולטיווירט מיט קריטישער סענסיטיוקייט זיין אויסדרוק־מעדיאום, — זיין שפּראַך־אינסטרומענט, און האָט זיך אויסשליסלעך אָפּגעגעבן מיט סאָציאַלער טעמאַטיק.

די „יונגע", וואָס די מערסטע פון זיי זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון 1905—1908, האָבן דורכגעמאַכט דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905, די נאָכ־פאָלגנדיקע פּאָגראָמען, עקסצעסן, און זיינען געווען (אין סאָציאַלן זין) אַביסל פאַרצווייפלט און אַביסל אַנטוישט, און אין גאַנצן אונטער דער מידער באַווירקונג פון דעם רוסישן און דייטשישן סימבאָליזם. להיפּוך צום פריערדיקן דור, וואָס האָט הויפּטזעכלעך באַנומען די נייע סאָציאַלע סביבה ווי אַ קוואַל פון הומאַנע און עטיש־מאָראַליזירנ־דיקע געלעגנהייט־לידער, האָבן זיי אַקצענטירט מיט שאַרפן טראָפּ דאָס ריין־פּערזענלעכע, דעם דראַנג צו געבן קודם־כל זיך אַליין; זיי האָבן מיט גוטן געשמאַק ווי וואָרט־מפונקים קולטיווירט דאָס ריין־מוזיקאַלישע און קורץ־געפּאַסטע לירישע ליד. פאַר זיי איז געווען אַמוויכטיקסטן ווי אַזוי און ניט פון וואָס אַ ליד ווערט געמאַכט. מיט זיי קומט אויף צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אַ באַוואוסטזיניקע גרופּע וואָס זוכט נישט קיין שום תכלית אין דער ליטעראַטור אַ חוץ ליטעראַטור.

די גאַנצע גרופּע איז אין די ערשטע יאָרן ווי פאַרשיכורט געוואָרן פון די גרויסע שפּראַכלעכע מעגלעכקייטן וואָס זי האָט געפונען שלומערן אין די טיפן פון דעם פאַרנאַכלעסיקטן יידיש־לשון. זיי האָבן, ווי בכיוון, דעמאָנסטרירט די קינסטלערישע מעג־לעכקייטן אין לוקסוסדיקער וואָרט־וואַריאירונג און אַרויסגעבראַכט אַ נייעם, ביז איצט פאַרבאָרגענעם זין אין שפּיל און צוזאַמענשפּיל פון איינצעלנעם וואָרט. אָט זיינען אַ פּאָר ביישפּילן פון זייערע פּאָעטישע מאַנעריזמען פון יענער צייט:

מאַני לייב:

שנייאיק אין שניי אַ פאַרשנייטער,
וויינען צו דיר פון דעם שניי.

זישאַ לאַנדוי:

פאַרוויגן, וויגן און דערוויגן
חיל איך די טעג צו העכסטער רו.

אמת, פון יענער זייט ים שאַפן שוין אונדזערע גרויסע פּראָזע־קלאַסיקער: מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, זייערע בעסטע ווערק, אָבער די „יונגע" דעפינירן דאָ אין זייערע שאַרפע אַרויסטריטן קעגן די פריערדיקע אַמעריקאַנער דיכטער, אז „די געשיכטע פון דער יידי־שער דיכטונג ביזן אָנפאַנג פון היינטיקן יאָרהונדערט, איז אייגנטלעך די געשיכטע פון אַן עפּיזאָד אין דער אַרבעטער באַוועגונג . . . ביז דעם אָנפאַנג פון אונדזער יאָרהונדערט, איז געווען אַ שאַנד צו שרייבן אַנדערע לידער ווי סאָציאַלע". (זישאַ לאַנדוי — אין דער פאָררעדע צו זיין „אַנטאָלאָגיע", 1919.)

עס וואָלט אָבער געווען אַן אומרעכט און אַ טעות ניט אָנצוא־ווייזן, אַז אין אַ טייל לידער, דערציילונגען און עסייען פון זייערע פאָר־גייער, ווי מאָריס ראָזענפעלד, א. ליעסין, שאַרקאַנסקי, יהואש, יואל סלאָנים, ה. רויזנבלאַט, מ. י. חיימאָוויטש, יואל ענטין, משה נאַדיר און באַזונדערס אין די לידער וואָס גרייכן אונדז אָהער פון יענער זייט ים — פון אברהם רייזען און שפּעטער פון ד. איינהאָרן, ש. י. אימבער און מנחם, זיינען שוין טיילוויז פאָרזייט די קערנער פון דער אינדיווידואַליסטישער דיכטונג און פון דער עסטעטישער ריכטונג פון די „יונגע".

„וואונדערלעכע יאָרן זיינען דאָס געווען פאַר אונדז, איבערהויפּט די יאָרן צווישן 1907 און 1910. אמת, יאָרן פון בלאָנדזשען און יאָרן פון פּיין, אָבער אויך יאָרן פון אַנטדעקונג און דערקענטעניש. יעדער טאָג האָט געבראַכט עפּעס נייעס, ווען מיר, די ‚יונגע׳ האָבן דערפילט וואָס עס איז פויל אין דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, האָבן מיר נאָך אַליין ניט געוואוסט וואָס אייגנטלעך מיר ווילן. מיר זיינען דעמאָלט אפילו נאָך קיין געשלאָסענע גרופּע ניט געווען. מיר האָבן נאָר געוואוסט וואָס מיר ווילן נישט. מיר האָבן נישט געוואָלט דאָס גרילצנדיקע באָמבאַסטישע און מעלאָדראַמאַטישע סאָציאַלע ליד וואָס מיר האָבן געפונען. מיר האָבן נישט געוואָלט דאָס אויסגעוויינטע יידישלעכע מיטן ריח פון טשאָלנט און מקווה וואָס האָט זיך געטראָגן פון די נאַציאָנאַלע לידער. מיר האָבן מער פון אַלץ נישט געוואָלט, אַז דאָס ליד זאָל לעבן אין זכות פון וועלכער עס איז זייטיקער אידייע און זייטיקן אידעאַל, נאָר אין זיין אייגענעם זכות. אמת באַפרידיקט האָט אָבער בלויז דאָס פרעמדע מיט וועלכן מיר האָבן זיך דעמאָלט באַקענט. ביי די רוסן, ביי די דייטשן, ביי די פּאָליאַקן און ביי די פראַנצויזן, ביי וועלכע אַלע מאָדערנע האָבן זיך געלערנט. זייער ווינציק האָבן מיר געלערנט ביי די אַמעריקאַנער און ענגלישע פּאָעטן". (ר. אייזלאַנד — „זכרונות וועגן דער צייט פון די יונגע", „טאָג", 30טן אַפּריל, 1939).

און מאַני לייב באַשטעטיקט דאָס אין זאַמלבוך „זישאַ לאַנדוי" (1938). ער באַמערקט דאָרט:

— אונדזערע לערער זיינען די רוסישע און די דייטשע פּאָעטן מאָדערניסטן, און אויך זייערע לערער די פראַנצויזישע פּאָעטן מאָדערניסטן".

שפּעטער, ווערן די קינסטלערישע פּרינציפּן פון די „יונגע" נאָך שאַרפער דעפינירט אַ דאַנק דער ווירקונג פון די עסייען פון הערצאָג ד׳אַברוציאַ (קאַליאַ טעפּער), און באַזונדערס פון זיין תורה שבעל פּה.

אינטערעסאַנט איז אויך דאָ צו פאַרצייכענען די רייבונגען וואָס זיינען באַלד אויסגעוואַקסן צווישן די דיכטער פון דער גרופּע „יונגע". און אַט וואָס ר. אייזלאַנד גיט אונדז איבער פון יענער צייט אין דער זעלבער סעריע זכרונות אין „טאָג":

— „רייבונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אידער דאָס ערשטע בוך „שריפטן" איז אַרויס פון דרוק, נאָך אידער דאָס צווייטע בוך איז געגאַנגען צום דרוק, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דער ריס איז אומפאַרמיידלעך. צום דריטן איז אַ העלפט פון דער גרופּע שוין געווען אָפּגע־

ריסן, און ווען איגנאַטאָוו, מאַני לייב, לאַנדוי און איך, האָבן זיך גע־קליבן אַרויסצוגעבן דאָס דריטע בוך „שריפטן", האָבן אָפּאַטאָשו, י. י. שוואַרץ, י. ראַלניק, מ. י. חיימאָוויטש, יואל סלאָנים און אַנדערע, צוגעגרייט דאָס זאַמלבוך „די נייע היים". אַן פּערזענלעכע מאָטיוון האָט פריער צי שפּעטער געמוזט קומען צו אַ ריס צווישן איגנאַטאָוו און אָפּאַטאָשו, למשל. און דער קינסטלעריש־אידעאָלאָגישער ריס צווישן מאַני לייבן און האַלפּערן, און לאַנדוין און האַלפּערן, האָט ניט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן, כאָטש צו קיין פּערזענלעכן ריס איז צווישן זיי קיינמאָל ניט געקומען. האַלפּערן האָט געפילט אַז צווישן אים און די יידישע דיכטער ווערט דער מהלך אַלץ גרעסער. ער איז מיט יעדן טאָג אין זיין ליד געוואָרן אַלץ רווישיקער און שטאַרקער, וואָס מיר האָבן אין יענער צייט גערופן טומלדיקער, און מיר זיינען געוואָרן אַלץ איינגעהאַלטענער און שטילער, וואָס ער האָט ניט איין מאָל באַצייכנט פאַר צעקראָכענער".

אייזלאַנד גיט דאָ אַ געלונגענע אָפּשאַצונג פאַר די מאָטיוון פון דעם גט צווישן משה לייבן און די „יונגע". אָבער דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן דער אַנדערשקייט צווישן שוואַרצן און מאַני לייבן, אָדער וועגן שוואַרצן און ראַלניקן און אייזלאַנדן, אָדער וועגן דעם שפּעטערן העלזעערישן ה. לייוויק און צווישן זישאַ לאַנדוין און אַנדערע פון דער גרופּע.

האַלפּערן איז בלויז דער עקסטרעמער ביישפּיל; ווייל ער איז געווען דער סינטעז, די בריק, די רינג אין דער קייט וואָס פאַרבינדט דעם פריערדיקן דור דיכטער דאָ מיט די „יונגע". ער האָט זיך פון אָנהייב אָן אַמווינציקסטן אַריינגעפּאַסט אין דער קינסטלערישער פּראָג־ראַם פון דער גרופּע וואָס האָט ווי געזונגען אין באַר:

שטילער, שטילער, רעדט ניט הויך.

ער איז אין זיינע פּערזענלעכסטע, אין די אינטימסטע לידער געווען אין ווידערשפּרוך צו זייער עסטעטישער טעאָריע; ער איז געווען ראַשיק, אָפן ,הילכיק, און ווי זיין גאַסנפּויקער:

געפּויקט און געדזשינדזשעט אין די טאַצן!

עס האָט אים, ווי ה. לייוויקן און י. י. שוואַרצן געצויגן צו ברייטערע עפּישע לייוונטן. מאַני לייב גיט צו צו זיינע לירישע לידער די קינדער באַלאַדעס; און ווי גראַמען זיך טאַקע זיינע הילכיקע טענער פון יענע יאָרן מיט דער מוזיק פון די לירישע קאַמער־לידער?

דער ציטווייליקער שידוך מיט דער גרופּע האָט אים אָבער פיל גוטס געטאָן. ער, וואָס איז בטבע געווען הילכיק און טרומייטנדיק, האָט דערלערנט די קונסט פון צאַמען זיך, פון פּרובירן קולטיווירן אין זיך די האַלבע טענער — וואָס מען באַדאַרף אָפט אין אַן איבערגאַנג פון איין שטימונג צו אַ צווייטער, וואָס דאָס האָבן שוין לאַנדוי, מאַני לייב, ראָלניק און אייזלאַנד בעסער געקאָנט פון אים. מיר דערוויסן זיך אויך אַז „דער נאָמען יונגע" איז אורשפּרינגלעך געווען אַ שפּאָט־נאָמען פאַר אַ גרופּע יונגע שרייבער, וואָס האָט נאָך אין 1907 געהאַט די חוצפּה צו דערקלערן, אַז מען דאַרף דאָס ביסל יידישע ליטעראַרישע כוחות אין אַמעריקע באַפרייען פון דעם אַפּיטרופּסות פון די צייטונגען". און זיי האָבן געזוכט צו שאַפן אַן אייגן ליטעראַריש ווינקל אין די דינע העפטלעך פון דעם חודש־זשורנאַל „די יוגענד". פון דעם און פון אַנדערע קוואַלן איז צו זען, אַז מען האָט מיט קיין אָפענע אָרעמס די „יונגע" דעמאָלט ניט אויפגענומען. אפילו ד"ר חיים זשיטלאָווסקי וואָס רעדאַקטירט אין יענע יאָרן דאָ דעם ערנסטן זשורנאַל „דאָס נייע לעבן" און שרייבט אַ סך און האַלט פאַרטראַגן וועגן ליטעראַטור און קונסט, פאַרענדיקט אַזוי זיין רעצענזיע וועגן דעם ערשטן באַנד „ליטעראַטור", וואו ער קומט נאָך אַ לאַגיש־ראַציאָנאַלער אויפקלערונג פון קונסט, צום שלוס, אַז: „כ'לעבן, אונדזערע „יונגע" האָבן געמעגט אַרויסגעבן זייערע ווערק מיט רש"י און עברי־טייטש" (דאָס נייע לעבן, אויגוסט 1910).

די רעצענזיע קלינגט היינט צו טאָג מאָדנע און אומגלייבלעך; בפרט אַז מען האָט איינזינען די פּשטות מיט וועלכע די „יונגע" צייכענען זיך אויס. אָט דאָס איז אין קורצן, די ראָם, דער הינטער־גרונט פון די „יונגע" פון וועלכע האַלפּערן, נישט קוקנדיק אויף זיין אַנדערשקייט איז אַ זייל פון זיי.

## 4. היים־ווײ

האַלפּערן, ווי עס איז צו זען אפילו פון זיינע גאָר ערשטע שוואַכע לידער וועלכע זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין בלעטער, זשורנאַלן און צייטונגען האָט פאַרמאָגט אַ שאַרף אויג, אַ טיפן איינגעבוירענעם חוש פאַר די געזעלשאַפטלעכע כוחות און זייערע סתירות. אפילו אין די ערשטע לידער זיינען שוין פאַראַן אָנזאָגן אַז ער קאָן זינגען דאָס ליד פון שטיין און שטאָל, דאָס ליד פון בעטאָן און אייזן. ער איז באַגאַבט מיט אַ שוימיקן טעמפּעראַמענט, מיט אַ ווינטיקן פלאַטער:

„האָט דער אָדלער פליגל גרויסע, האָב איך בלוט וואָס זידט און ברענט", ווי ער מאָלט זיך אַליין מיט וואָרט און מיט פּינזל (האַלפּערן איז אויך געווען אַ גרויסאַרטיקער צייכענער).

אין פאַרבינדונג מיט מאַלעריי איז דאָ כדאי אָפּצופרישן אַ כאַראַקטעריסטישן יוגנט־אינצידענט: „ר' איזיק, האַלפּערנס פאָטערס געשעפטן זיינען געגאַנגען שלעכט, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ ייד אַ משכיל, אַ „וועלטלעכער", האָט ער באַשטימט אַז ער וועט שוין זיין איינציקן זון, משה לייבן, נישט מאַכן פאַר קיין סוחר. משה לייב האָט פון קליינערהייט אָן אַרויסגעוויזן פעאיקייטן אין מאַלעריי, האָט אים זיין פאָטער אָוועקגעפירט צו נפתלי, אַ שילדן־מאַלער, אויף פּראָבע. נפתלי איז געווען שטאָלץ דאַרויף. ער גיט משה לייבן אויסצומאָלן אַ שילד פון אַ טאַבאַק־טראַפיק: אַ טערק מיט אַ לאַנגער ליולקע. משה לייב מאָלט אויס אַ קאַריקאַטור פון אַ טערק מיט ברייטע געלאַטעטע הויזן אָן אַ ליולקע. ר' נפתלי כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ:

— ס'טייטש, אַלע טערקן אויף די שילדן האָבן נייע גרינע הויזן!

— דאָס זיינען אייערע טערקן, איך האָב אַנדערש געזען דעם טערק! — ענטפערט משה לייב.

— און די ליולקע?

— מען וועט אַרויסנעמען אַ ליולקע פון טראַפיק און אויפהענגען אויף דער שילד. קאַרג ליולקעס האָט דער טראַפיקאַנט?

דאָס דערציילט זיין בן־עיר — יעקב מעסטל („מאָמענטן מיט משה לייבן", „אויפקום", סעפּ.־אָקט., 1932).

אָבער דער קאַפּיקער רויש פון זיין נייער היים, די גרויזאַמע און קאַלירדרייכע פּרעמדע, די שאַרפע ווידערשפּרוכן, האָבן אים דאָ צופּיל באַאומרואיקט. דער „הונגער" (אין בוכשטעבלעכן זין) ווערט אַ צו אָפטער גאַסט ביי אים. אַ שטיק צייט אַרבעט ער אַלס קעלנער אין אַ רעסטאָראַן. ער באַמיט זיך אויסצולערנען פּרעסערייִ (ווי עס האָט נאָך זיין טויט איבערגעגעבן יצחק בלום, „פאָלקס שריפט", לאָס אַנגעלעס, דעצ., 1933):

„אין 1910—1911 האָב איך געהאַט אַ 'קלינינג סטאָר' אין די בראָנקס, וואו אייניקע פון די בעסערע יונגע יידישע דיכטער און דערציילער האָבן גראָד דעמאָלט געוואוינט. דאָס פּלאַץ איז אויך געווען אַ ליטעראַרישער צענטער. האַלפּערן האָט גראָדע געוואוינט דאָרטן, און פלעגט בלויז פון צייט צו צייט אַריינפאַלן ווי אַ גאַסט. איינמאָל איז ער אַריינגעקומען אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ שוויַיגנדיקער אין אַ ווינקל — און געזעסן אומבאַוועגלעך

אַ לענגערע צייט. פּלוצים האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, זיך דערנענ־טערט צו מיר און ווי אַרויסגעברומט: הערט, איך וויל ווערן אַ פּרעסער!

— אַזוי שמאָל האַלט עס מיט אייך?

— ערגער ווי איר קענט זיך פאָרשטעלן . . .

ס'איז ווערט געווען צו זען ווי אַזוי משה לייב שטייט מיט אַ שווערן אייזן אין זיינע גרויסע ריזיקע הענט און פּרעסט אַ פּאָר הויזן, חזרט אויף אויסנווייניק פערזן פון אַ ניי ליד, און זיין פּנים גליט מיט אַ דיכטעריש פייער. פּלוצים — אַ פאַרסמאַליעטער ריח . . .

— משה לייב, די הויזן ברענען! . . .

משה לייב גיט זיך אַ כאַפּ, בלייבט שטיין אַ פאַרלוירענער, אין זיין גאַנצער ווילדער גרויס קוקט ער אויף מיר ווי אַ גרויס קינד מיט אַ פאַרשולדיקט פּנים — און דאָס ליד בלייבט אים שטעקן אין האַלדז . . . "

ער ווערט שפּעטער אַ מיטאַרבעטער אין דעם הומאָריסטישן וואָכנבלאַט „דער קיבעצער" — אָבער באמת אָרגאַניש אַריינפּאַסן זיך און צופּאַסן זיך צו דעם הו־האַ, צום גרויסן וועלט־יאַריד פון קויף־און־פאַרקויף געלינגט אים ניט. זיין טעמפּעראַמענט איז צו גראַדליניק, צו שאַרף און צו שפּיציק. און ער דערציילט אונדז אין לידער פון יענער צייט אַז „אין שענקלעך אָרעמע פאַרלעב איך מיינע נעכט", און „אַ שווערע גרויקייט גייט דורך אַלע מיינע טעג".

פון עטלעכע ערשטע שורות אין פאַרשיידענע לידער וואָס ווערן דאָ ציטירט, איז לייכט זיך צו שאַפן אַ באַגריף ווי אַזוי ער זעט און מיט וואָס פאַר אַ ביטערקייט ער רעאַגירט אויף זיין נייער סביבה און באַזונדערס אויף דער מענטשלעכער געבויגנקייט און קנעכטיש־קייט, וואָס ער טרעפט דאָ אומעטום:

1: קנעכטיש בלוט פון הינט דיין אָפּשטאַם!

2: נאָך איז דער קאָפּ געבויגן שווער!

3: די גאַס איז פאַר הענדלער און לייט.

4: און אַזוי פאַר ברויט מיט רינדפלייש גיט מען אָפּ די טעג פון לעבן.

5: ווי דו האָט ער די שטאָט ניט ליב!

ער דערזעט דאָ, ווי קיינמאָל פריער נאָך די שאַרפע קאָנטראַסטן, די רחמנותלאָזע עקספּלואַטאַציע, און באַזונדערס ווי הכנעהדיק דער מענטש דאַרבט דאָ און ווערט אויפגעפרעסן פון נויט, פון זאָרג, פון מעכאַנישער מאָנאָטאָניע. ער גאַרט נאָך יאָנטעוו, נאָך פייערלעכקייט,

ער זוכט אומדערמידלעך אַ ציל, אַ זין אין דעם וואַנזין, ער ווענדט זיין פּנים צו דער פאַרגאַנגענהייט. און ווען ער פאַרעפנטלעכט (אין 2טן זאַמלבוך „שריפטן", 1913) זיין אַמביציעזע עפּישע פּאָעמע „אין דער פרעמד", איז קאַנטיק אַז זיין אומצופרידנקייט מיט זיין נייער היים, אַמעריקע, ווירקט אַזוי, אַז דער דיכטער פאַרגעסט אינגאַנצן (אויף אַ צייט), אַז זיין געבורט־אָרט, פונוואַנען ער האָט זיך ערשט אַרויסגעראַטעוועט, איז ווייט פון צו זיין אַ גן־עדן, ווי אים אַליין הייבט זיך אָן פונדערווייטנס אויסצודאַכטן. ער פאַרגעסט אַז ער האָט אונדז ערשט ניט לאַנג אַליין אָנפאַרטרויט (אין לידער) וואָס פאַר אַ טרויעריקע קינדהייט ער האָט דאָרטן דורכגעמאַכט; אַז ער האָט קיינמאָל ניט ליב געהאַט די אַדללייט פון פּוילן; אַז אײנזאַם איז ער אויף דייטשלאַנדס ערד געווען וואו דער לערער און די קינדער אין „שקאָלע" פלעגן אויף אים תמיד קוקן מיט פאַרדאַכט, מיט בייזע בליקן און אַז —

אַלע אָוונט ווען די קלויסטער גלאָקן קלינגען,
געציטערט האָב איך דאַן אַליין אין שטוב צו זיין.

דאָ איז אים אָבער אויך נישט גוט געווען. פּנים־אל־פּנים מיט אַ קאַלטבלוטיקער אַמעריקאַנער וואָר, אוועקגעריסן פון טאַטע־מאַמע, פון אייגענע; אין נייעם, פרעמדן לעבנסשטייגער נישט באַוויזן אַריינצוואַקסן און פון אַלטן אויסגעוואָרצלט, האָט ער איצט אַ פאַרטרוימטער געווענדט זיינע פאַרבענקטע בליקן צו דער פרישער, צו דער נישט־לאַנגאָניקער פאַרגאַנגענהייט. פערספּעקטיוויש, ווי דורך אַ בענק־שפּאַקטיוו, האָט דאָס אויסזען פון זיין געבורטשטאָט זיך אַצינד צעבליט אין זיין טרוים. פונדערווייטנס — האָט ער פּלוצים דערזען זיין היים איינגעהילט אין וואַרעמער שיין פון היימלעכער היימישקייט, פון איינגעזעסנקייט, פון זיכערקייט און רו, — ווי ער האָט זי ביז איצט נאָך קיינמאָל פריער ניט געזען. ער האָט פּלוצים אַנטדעקט די אַנדערע זייט פון דער מטבעה. ערשט איצט האָט ער אויסגעפונען — אַז זיין היים האָט אַמאָל פאַרמאָגט חוץ שאָטן אויך ליכט.

זיין בענקשאַפט, זיין נאָסטאַלגיש־שווער געמיט, האָט אים געמאַכט צו פאַרטושן די לעבעדיקע וואָר; זיינע ערשטע פרימיטיווע און קאָמפּלוסטיקע טענער ווערן אַנטשוויגן, ער איז געצוואונגען צו קוקן אויף דער פאַרגאַנגענהייט ווי דורך אַ ראָמאַנטישן פאַרגרעסער־גלאָז. ער איז אַריינגעפאַלן, ווי אַ סך פּאָעטן פון יענער צייט, אין אַ נײַ־ראָמאַנטישן טאָן און אָנגעהויבן אידעאַליזירן דאָס „שטעטל" און די גלאָררייכע פאַרגאַנגענהייט אויפן חשבון פונעם ברוטאַלן אַרום. ער

האָט געגומען פּוצן און לאַקירן דעם עבר. ער האָט געגומען, ווי שלום אַש, שלייערן דאָס שטעטל אין אידילישער פרידלעכקייט, וואָס האָט גיכער געשטימט מיט דעם גוטן וואונטש, מיט דעם סובלימירטן געפיל פון דיכטער, ווי מיט דער אמתערווירקלעכקייט.

קיין אָרעמאַן האָט נישט געפעלט ביים רייכן טיש, טאָג איין, טאָג אויס,
און גאָט — געבענטשטער פרידן האָט געהערשט אין גאַס, אין יעדן הויז.
און איבער אלע ספרים פיל איידעלע און יונגעלייט
און מיידלעך האָבן תפילין־זעקלעך אויסגענייט פון גאָלד און זייד,
און ווי אין פרילינג בליט די בלום אין פעלד און אויפן בוים דאָס בלאַט —
אַזוי האָט רואיק, פרידלעך אויפגעבליט אַ דור נאָך דור,
און ווי אַ גאָלדענע קייט געצויגן האָבן זיך פיל הונדערט יאָר.
(אין דער פרעמד)

דער אָטעם פון דער לאַנגער פּאָעמע איז אַ ברייטער, כאָטש אַביסל האָמעטנע און געמישט מיט אַ סך פּראָזאַאיזמען. אָבער דער עטיש־פייערלעכער הינטערגרונט שטיקט מיט טרויער, און דער ריטם איז מענלעך־מאַסיוו, די בענקשאַפט איז פאַרצויגן מיט אידילישקייט, דאָס פּאַטריאַרכאַלישע געמיט און די שטימונג פון די שורות צוימען דאָ זיין געוויינלעכע צעברויזקייט; ער ווירקט נישט אַזוי מיט נייער בילדלעכקייט ווי מיט זיין כוח וואָס באַשטייט אין שוואונג פון די שורות וואָס הילכן אָפּ ווי האַמער־קלעפּ. ער מאָלט און שילדערט אין דער זעלבער פּאָעמע דעם הינטערגרונט פון דער אימיגראַציע אויף אַזאַ דירעקטן אופן און מיט אַזויפיל ווייטיק — וואָס איז אינ־גאַנצן ניי און אַנדערשדיק:

...און ווי־געשרייען טויזנט נייע, וויסטע טראָגן זיך מיט זיי,
און אַלע זייערע בלוטן האַסן זיך און מישן זיך צונויף,
און ווערן קיינמאָל איינס, און ראַנגלען זיך, און גיבן זיך ניט אויף —
און זייערע כוחות רייסן זיך, צערייסן זיך און ליידן ווי.

די פּאָעמע ציט באַלד אַ סך אויפמערקזאַמקייט, ווייל מיט אלע חסרונות דעמאָנסטרירט זי נישט קיין געוויינלעכן פּאָעטישן כוח. דאָס געמיט פון דער פּאָעמע איז דאָס דעמאָלסטיקע געמיט פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. און מאָדנע, אַז דאָס געפיל פון „היים־ווי״ ווערט זעלטן אָדער אינגאַנצן ניט באַרירט ביי דעם ערשטן דור דיכטער דאָ. צי דאָס איז ווייל דער ערשטער דור, עדעלשטאַט־באָוושאָווער, איז דעמאָלט מערסטנס באַשטאַנען אויך פון נאַאיווע קאָס־

מאַפּאַליטן, אַסימילאַטאָרן, אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין סאָציאַלן קאַמף, וואָס האָט אין דער נאָענטער צוקונפט באַדאַרפט לייזן די סאָציאַלע און במילא אויך די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם, צי וויל דער צווייטער און דריטער דור איז שוין באַשטאַנען פון מערער נאַציאָנאַל־באַוואוסט־זיניקע מענטשן, מיט אַ ברייטערן און טיפערן בליק אויף יידישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן דאָ באַנומען דעם עבר, די קולטור־ירושה, די אַלטע זיטן און טראַדיציעס מיט אַ סך אָפּשיי; יעדנפאַלס זיינען זיי דאָס די וואָס האָבן יאָ געזוכט צו שאַפן און געשאַפן דעם סינטעז פון „ווּלעדניק און נעוויאָרק", ניעזשין און ווילנע, וואַרשע, איהומען און קיידאַנאָוו, זלאָטשאָוו, טאַרנאָוו, לובלין און לאָדזש, נאַראַיעוו, מינסק, מלאַווע און פיל אַנדערע נעמען פון יידישע קיבוצים פון יענער זייט ים, האָבן דאָ צוגעשטעלט זייער „קוואָטע" יידישע שעפערישע ענער־גיע צו דעם גרויסאַרטיקן בנין וואָס הייסט: יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע.

אַלע טראָגן זיך אין יענע יאָרן אַרום דאָ מיט אַ בענקשאַפט, מיט אַ געמיט — צעריסן צווישן צוויי היימען: „נייע היים" און „אַלטע היים". און ווען דער היים־ווי ווערט שוין (אין דער ליטעראַטור) אַ סינאָנים פאַר באַנאַליטעט, גיט מען זיך אַן עצה, און מען סטי־ליזירט די בענקשאַפט ווי זישאַ לאַנדוי, משה נאַדיר, און שפּעטער יעקב גלאַטשטיין טוען דאָס. זייער היפּערסענסיטיוויקייט צו באַנאַ־ליטעטן טרייבט זיי צו פאַרמאַסקירן זייער בענקשאַפט און זי דער־לאַנגען אונדז אין אַ סטיליזירטער פאָרם, ווייל די בענקשאַפט נאָך די קינדער יאָרן נאָך אַ טייל פון זיך אַליין — איז אַזוי נאַטיר־לעך, ווי דאָס אָטעמען, אַ בענקשאַפט וואָס פאַרלאָזט אונדז קיינמאָל ניט. לויט פרוידס פּסיכאָ־אַנאַליטישע שטודיעס, זיינען אונדזערע אייגנשאַפטן און רעאַקציעס אין די רייפע יאָרן בלויז אַ סכום פון דעם, וואָס אונדזער קינדהייט האָט פאַרמירט און שוין דעמאָלט געהאַט באַשטימט פאַר אונדזער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. אַז ה. לייוויק קומט אַהיים צוגאַסט קיין איהומען, באַטרעט ער נישט די ערד, נאָר: „טריט קושן אויס טראָטוארן". א. ליעסין זינגט פאַטעטיש אין דער סעריע לידער „פייערן אויף בראָדוויי":

> און אויף אַ פרעמדער ערד, אַ פרעמדער גיי איך אום,
> און פרעמדקייט קוקט אויף מיר פון אַלץ און אומעטום.

און ווען אַברהם רייזען דערמאָנט זיך דאָ, שוין מיט יאָרן שפּעטער אין זיין אַמאָליקער היים, סומירט ער די זעלבע שטימונג מיט זיין

געוויינלעך־באַגלייבטער אינטימיטעט און מיט אַ ליריש־עלעגישן פּרעגצייכן:

עס איז אַזוי ווייניק געווען,
פאַרוואָס איז אַזויפיל געבליבן?

און האַלפּערן זינגט דאָ אין זיין „פאָן יאַבלאָנאָווסקי" וועגן דער צעשפּליטערטקייט, מיט די ווערטער:

פאַרטרייבט מען אַ מענטש אין די יאָרן פון היימלאַנד,
ווערט איבערגעריסן זיין לעבן אויף צוויי:
איין העלפט גייט אַרום אין דער פרעמד, און די צווייטע
בענקט שטענדיק אַהיים, און גאָר טיף איז איר ווי.

## 5. אָן אַ פייגנבלאַט

דעם בענקשאַפט־פאָדעם מיט יענער זייט ים האָט משה לייב האַלפּערן קיינמאָל אינגאַנצן נישט איבערגעריסן. די בלוטיקע פאַרוואַנדשאַפט צווישן זלאָטשאָוו, זיין געבורטשטאָט און ניו־יאָרק — זיין נייע היים, האָט ער אַ לעבנלאַנג טיף אין זיך געטראָגן און אָפּגעהיט:

ווי דאָס לעבן אין פרילינג וואַכט אויף אין מיר
מיין אָרעם ביסל בענקשאַפט צו דיר —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו!

ער איז זיך מודה אין דעם אַזוי שפּעט ווי 1924. אָבער די צייט טוט זיך אירס. דאָס געפיל וועפּט זיך אויס און הערט אויף צו זיין אַקטועל. איצט איז דאָס שוין אַ בענקשאַפט וואָס קומט שוין מער פון זכרון ווי פון געפיל, דערפאַר סטיליזירט ער שפּעטער זיין היים־ווי. ער דערפילט ווי מ'קאָן זען אין פינאַל פון דעם זעלבן ליד, אַז ער מאַכט שלום מיט זיין גורל וואָס איז דאָ אויף אייביק פאַרזיגלט:

איז דאָס טאַקע די איינציקע טרייסט כאָטש פאַר מיר,
וואָס מען וועט מיך נישט באַגראָבן אין דיר, —
מיין היים, מיין זלאָטשאָוו!

ער וואוינט יאָרנלאַנג ביים ים, און שרייבט פיל לידער און וואַריאַציעס אויף דעם ים־מאָטיוו (איינע פון די באַליבטסטע טעמעס ביי פיל דיכטער). פאַר אים איז אָבער דער ים נישט ווי פאַר אַ סך — בלויז אַ דיכטעריש אָנווענד־מיטל, אַ געלונגענער אימאַזש, אַ גוטער

מעטאַפאַר; פאַר אים ווערט דער ים אַן אַפּרו פּלאַץ. אַ מקום־מנוחה פון דער אַרומיקער פרעמדער און פיינטלעכער סביבה. און אין קאָני־איילאַנד, וואָס ווערט פאַר אים אַ קוואַל פון גראָטעסק, זעט ער נאָך אַלץ דעם זיידן און דאָס שיקסל פון זיידנס פעלד. און אַז ער זעט דעם טויט, זעט ער אים אויף די כוואַליעס: „און אַז משה לייב דער פּאָעט וועט דערציילן, אַז ער האָט דעם טויט אויף די כוואַליעס געזען, צי וועט מען דאָס גלייבן משה לייבן? . . . ״

עס ווערט אָבער אָפּטמאָל קאַנטיק ווי דער ים ווערט פאַר אים אַ לייכט אויסרייד־מיטל ווי אַזוי צו אַנטלויפן און אַרויסדרייען זיך פון דער פרעמדער און פיינטלעכער שטאָט:

און בענקסטו, מענטש, אַוועקצוגיין אַמאָל
ווייט, ווייט פון אַלץ,
פון זיך אַליין —
פאַרלאָז די שטאָט און גיי צום ים אַרויס!

אָבער אַז ער קומט צום ים, קאָן ער, ווייזט אויס, אויך דאָרט נישט געפינען קיין רו. ער קאָן אויך דאָרט ניט געפינען קיין אָפּרו, און דאָס צווינגט אים צו פאַרוואַנדלען קאָני־איילאַנד מיט דעם כוח פון זיין פאַנטאַזיע, אין אַ היילִיקער מעקאַ, ווייל ער, משה לייב, פאַר־שפּילט זיין אומעט מיט דעם, וואָס ער שפּילט דאָ דעם גראָטעסקן סולטאַן. ער פרעגט זיך אַליין און ענטפערט זיך אַליין:

פאַרוואָס איז אומעטיק דעם סולטאַן משה לייב?
— — — — — — — — — — —
— משה לייב, ווייסטו וואָס,
זאָל זיך דיר אויסדאַכטן אַז זאַמד איז גראָז,
וועסטו זיך אויף דעם סולטאַנס אָרט אַנידערלייגן
און וועסט זיך אויסמאָלן אַז דו ביסט ער,
וועסטו שוין מער ניט דאַרפן זיין אָט־דער,
וואָס ליגט ביים ים אין קוני־איילענד דאָ אין רעגן.

און ווייטער אין דער זעלבער גראָטעסקער פּאָעמע — די געוויינ־לעכע אַנטוישונג. נאָכדעם ווי די אילוזיע ווערט צערונען און די ניכ־טערע רעאַליטעט פאַרנעמט איר אָרט:

האָט ער אַהיים זיך אומגעקערט אַליין,
און אָט־וואָס ער דערציילט:
נישטאָ קיין מירטל מער אויף אַללאַס וועלט,
אַ קראַנקע פּרוי איז דאָ
אויף אַזאַ אינדזל וואָס איז ווי אַ מדבר וויסט;

קיין בוים אויף מיילן ווייט נישטאָ,
בלויז זאַמד און דאָ און דאָרט אַ בערגל מיסט,
און קעץ וואָס וויינען מיטן ים און מיטן צפון־ווינט.
די שטיבלעך זעען אויס
ווי אויפגעשטעלט פאַר הינט
און אָרעמע שניידערס בלויז,
און גאַסן־רייניקער באַוואוינען זיי.

(אוונט־רו ביים ים).

ער ליידט פון באַרעדעוודיקייט אין אַ סך פון די לידער. ער שיסט אָפטמאָל אַריבער דעם אָנגעצייכנטן ציל. זיין היפּערפּאַטעטישקייט דיקטירט אים צו באַנוצן זיך מערסטנס מיט דעם אויסרוף־צייכן, און ער איז נישט איבערקלייבעריש מיט זיינע אָפטע אויסגעשרייען „העי!" און „האָ" און „אוי!" וואָס זיינען אין דעם פאַל נישט קיין סימני גבורה, נאָר פאַרקערט, אָפטמאָל דיכטערישע הילפלאָזיקייט; סוראָגאַטן — פאַר דעם עקזאַקטן וואָרט, פאַר דעם דינעם ניואַנס, פאַר דער נייטיקער פּאָעטישער שאַטירונג. מ'האָט אָפטמאָל דעם איינדרוק ווי ער טראָגט זיך נאָך דעם ווילדן גאַלאָפּ פון זיין אייגענעם שטאַרקן ריטם, ווי ער יאָגט זיך נאָך נאָך דעם ווירבל פון זיין אייגענעם ווערטער־שטראָם. אַ גוטער ביישפּיל איז זיין ליד „דער רויטער רעגן", „פון אַ מיידלס טאָג־בוך" און אַנדערע לידער פון דעם מין. אַזעלכע לידער ווערן שנעל אויפגעכאַפּט, ווייל זיי לאָזן זיך גרינג דעקלאַמירן, ווייל זיי זיינען פון אָנהייב־אָן אויפגעבויט אויף אַ מעלאָדראַמאַטישן פינאַל — וואָס איז אין תוך ניט מער ווי צעשוואומענע סענטימענטאַלקייט. אַ כאַראַקטער־שטריך וואָס איז מערסטנס פּרעוואַלענט ביי היפּער־עמאָציאָנעלע דיכטער. אויך מאָריס ראָזענפעלדס פיל לידער ליידן פון דעם זעלבן חסרון: איבערגעלאָדענע רעטאָריק, פּריילאָזן און פאַרלירן דעם קריטישן קאָנטראָל, דעם אויפבראויז און איבערפלוס פון עמאָציעס. ווייל דיכטונג איז, לויט דער קורצגעפאַסטער דעפיניציע פון דעם באַרימטן ענגלישן דיכטער וואָרדסוואָירט: „עמאָציע אויפגעלעבט אין באַרואיקייט" — Emotion recollected in tranquility.

משה לייב איז אויך אָפטמאָל וואָלילונגעריש און ס'וואָרפט זיך אין די אויגן זיין באַהעמישקייט, דער דראַנג נאָך עפעקט, וואָס ווירקט פאַרדעכטיק, און שטויסט אָפטמאָל אָפּ פון זיך עלעמענטן — וואָס דער דיכטער האָט נישט געוואָלט און נישט באַדאַרפט אָפּשטויסן: „אַז עקלען זאָל פון מיינע רייד ווי פון אַ טויטער קאַץ אין מיסט", און אין די אויגן זאָל זיך וואַרפן „מיין חוצפה ווי אַ וויסטער הורנטאַנץ".

עס איז נישט געווען אין זיין בלוט צו פאַרגלעטן זאַכן. זיין עקס־טרעמער סוביעקטיוויזם האָט נישט פאַרליטן קיין גלייכגילט, קיין פּאַסיוויטעט. פאַר אים איז אָמבעסטן אָנגעמאָסטן וואָס ער אַליין זאָגט וועגן זיך:

מיין מאַמע האָט מיך נאַקעט געהאַט —
קאָן איך נישט ליידן קיין פייגנבלאַט.

(אויפן וואָקזאַל ביים שערער).

ער באַמערקט אַמאָל, רעצענזירנדיק אַ בוך פון אַ יונגן דיכטער אין דער „וואָך", 1930: „דעם דיכטער גייט שטאַרק אָן זיין אייגן לעבן אין דער וועלט, נאָר ער האָט מורא מע זאָל דאָס נישט זען נאַקעט, טוט ער עס אָן אין אַלערליי שמאַכטעס." זיין איבערגעטריבענע ניי־גונג צום נאַקעטן נאַטוראַליזם האָט זיך גענומען פון אַן איבערגע־טריבענער שנאה צו געקינצלטקייט, צו פאַרגלעטן זאַכן. ער האָט אויף אַלץ וואָס איז אים אָנטקעגנגעקומען אויפן דיכטערישן וועג — אַרויפ־געלייגט זיין שאַרפן חותם. און ש. ניגער באַמערקט טאַקע אַמאָל, שרייבנדיק אין „טאָג" וועגן מ. ל. האַלפּערנס ערשטן בוך לידער: „די צווייטע העלפט פון ליד וואָלט איך געקאָנט ציטירן נאָר, ווען איך וואָלט געהאַט אין זיך האַלפּערנס . . . ניט שעמעוודיקייט."

אָבער איך מיין, אַז די ערשטע העלפט פון ליד איז אויך גענוג צו באַווייזן, וואָס פאַר „אַ גרויסן וואַנזין און וואָס פאַר אַ קוואַל פון וואַנזין" האַלפּערן געפינט אין דער ריזנשטאָט, אין דער שטאָט „וואָס פרעסט מענטשנפלייש פון פרי ביז אָוונט און גרייט ביינאַכט זיך נייע שפּייז".

ער האָט זעלטן (אין די יאָרן) דרויסן פון זיך געפונען אָביעק־טיווע מיטלען פאַר זיין בלוטיקן סוביעקטיוויזם. ער האָט זיך אָפטמאָל אַריינגעמישט דאָרטן, וואו אַ ביסל דערווייטערונג וואָלט אים פיל גוטס געטאָן. ווייל אָביעקטיוויזם מיינט נישט גראָד אָביעקטיוו זיין אין ווערטערבוך־טייטש פון דעם וואָרט. פאַר אַן עכטן קינסטלער איז אַזאַ סאָרט אָביעקטיוויטעט אינגאַנצן אַן אוממעגלעכקייט. אָבער אונטער האַלפּערנס ברויזיקן סוביעקטיוויזם, האָט זיך דאָס טריוויאַלע אין זיין דיכטונג אָפטמאָל צעבליט און צעוואַקסן אויפן חשבון פון די גרונט־עיקרים פון ליד. אין די פאַלן קולמינירט אָפטמאָל זיין דיכטערישע אידייאישקייט: און אַמאָל טרעפט דאָס נישט אַזוי צוליב דעם שלעכטן אידייאישן באַנעם, ווי צוליב דעם דראַנג צו וועלן שאַקירן דעם לייענער — אַ נייע און ווייט־גייענדיקע פּאַזע אין האַלפּערנס שאַפן. אין דעם

איז באַשטאַנען זיין כוח און אויך זיין שוואַכקייט. ווייל האַלפערן האָט פיל בעסער באַנומען זאַכן אינטואיטיוו, מיט זיין רייכער פאַנטאַזיע, ווי מיט דעם אינטעלעקטועלן אויג. דערפאַר האָט ער נישט געקאָנט לאַנג סובלימירן די פאַרגאַנגענהייט — און ער איז פון איר שנעל איבערגעגאַנגען צו דעם „אַנפאַן טעריבל" פעריאָד.

די אַמעריקאַנער סביבה וואָס פאַרליידט ניט קיין פייערלעכע פאַטעטישקייט, ניכטערט אים אויס — און ער לאָזט זיך אַוועק אין זיין גייער, אָדער בעסער געזאָגט, אין זיין פאַרטיפטערער פאַזע: — שווימען קעגן שטראָם! ערשט איצט געפינט ער דעם באַלאַנס צווישן דעם אימאַגינאַטיוון און דעם רעאַלן. ער באַלעבט די וואָר מיט דעם הויך פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע. די פאַזע באַשטייט אין אָפּענטפערן מיט שפּאָט, מיט חוזק דער גלייכגילטיקער סביבה ארום זיך, און מיט אַלע כוחות באַמיען זיך זיי צו שאָקירן. מעג דאָס זיין אַ שפּאָט און אַ געלעכטער מיט יאַשטשערקעס. דאָס איז אַ געמיינשאַפטלעכער שטריך פון אַלע ראָמאַנטיקער פון פריערדיקן יאָרהונדערט. עדמאָנד ווילסאָן, היינטצוטאָג אפשר דער וויכטיקסטער אַמעריקאַנער ליטעראַטור־קריטיקער, דעפינירט די דאָזיקע שטרעמונג, אין זיין גלענצנדער שטודיע וועגן די פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנער נאָכפאָלגנדיקע סימבאָליסטן אויף אַזאַ אופן: „אין דער אוטיליטאַרער געזעלשאַפט, וואָס איז צושטאַנד געקומען מיט דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע און מיט דעם אויפשטייג פון דעם מיטלקלאַס — איז פאַרן פּאָעט ניט געבליבן קיין פּלאַץ מער. גאָטיעס דור האָט שוין באַטראַכט די בורזשואַזיע ווי זיין שונא. מ'האָט אָבער נאָך געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון קאַמף וואָס מ'האָט געפירט מיט איר . . . און וואו דער ראָמאַנטיקער, אין זיין אינדיווידואַליזם, האָט אָדער רעוואָלטירט, אָדער פּראָפּאַנירט די סביבה מיט וועלכער ער האָט ניט געלעבט בשלום, האָט שוין דער סימבאָליסט אינגאַנצן זיך אָפּגעזונדערט פון דער געזעלשאַפט און זיך געשולט אין גלייכגילטיקייט צו איר". (זייט 265, Axels Castle)

אָט־אָ־די לעצטע פאַזן מאַכט אויך דורך משה לייב. עס איז אויך וויכטיק דאָ צו ברענגען נאָך איין ציטאַטע וועגן דער ראָל פון דעם קינסטלער, וואָס שווימט קעגן שטראָם — ווי עס האָט דאָס דעפינירט דער באַרימטער ענגלישער נאָוועליסט סעמועל באַטלער אין זיין טשיקאַווע נאָטיץ־בוך:

„איך בין" — שרייבט ער — „דער אַנפאַן טעריבל אין דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט. ווייל אויב איך קאָן נישט, און איך ווייס

איך קאָן נישט, אַרויסקריגן ביי די גרויסע ליטעראַטור און וויסנשאַפט־מאַכער אַן איינצעלנעם שילינג, קאָן איך אין זיי שליידערן ציגל״...

וואָס סעמועל באַטלער באַמערקט דאָ וועגן זיך, איז ווי אָנגעמאָסטן אויף משה לייבן און זיינס גלייכן. ביי משה לייבן איז דאָס אויך אַ קאָמפּענסאַציע פאַר זיין גרויסן אַפּעטיט פאַרן לעבן וואָס ער האָט נישט די מעגלעכקייט קיינמאָל צו שטילן. ווייל בלויז אַ מענטש מיט אַ היפּער־אַנטוויקלטן חוש פאַר שיינקייט — קאָן אַזוי חלפדיק־שאַרף באַנעמען און זינגען מיט אַזאַ זאַכלעך־פּיזישער בילדלעכקייט פון מיאוסקייט און פון צביעות אַרום זיך.

אין איינער פון זיינע גאָר ערשטע לידער (וואָס ער האָט קיינמאָל נישט אַריינגענומען אין זיינע ביכער) איז שוין פאַראַן אַן אָפענע קריגס־דערקלערונג דער באַלעבאַטישער וועלט אַרום זיך. דאָס ליד איז פּאַטעטיש רוי און אומבאַהאָלפן, עס איז אָבער דאָקומענטאַל וויכטיק צוליב דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער זעלביקער אידעאָלאָגיע — וואָס איז אין איין צייט געוואָרן זיין דיכטערישער לעבנס־באַרוף:

> כ׳האָב קיינמאָל אין לעבן געטראַכט פון אַ תכלית.
> דאָס אייגענע טראַכט איך אויך היינט:
> כ׳האָב קיינמאָל נישט ליב געהאַט מענטשלעך „באַלעבאַטים״,
> איך האָב זיי אויך איצטער נאָך פיינט!

ער אָפּעריִרט נאָך דעמאָלט נישט מיט דער דיכטערישער סוגעס־טיע און דערפאַר איז לייכט צו זען די אויסגעשפּראָכנקייט, די פיינט־לעכע באַציאונג צו די רעפּרעזענטאַנטן פון פיליסטערטום. ער באַ־צייכנט זיי נישט „מענטשן״, נאָר „מענטשלעך״, און דאַכט זיך אים אַז ער האָט דאָס נאָך אַלץ נישט גענוג אונטערשטראָכן, שטעלט ער אַוועק אין געגנזנפיסלעך דאָס וואָרט „באַלעבאַטים״.

נאָר אויב ביי אַ רייך און נאָרמאַל פאָלק בלייבט נאָך אַלץ אַ ביסל רוים פאַר אַ קינסטלער, וואָס שטייט אין קאַמף מיט זיין סביבה, — איז ביי אונדז, וואו די גרויס־בורזשואַזיע און אַ גרויסער טייל פון מיטלקלאַס איז אינגאַנצן אינדיפערענט צום יידישן קינסטלער און צום יידישן שאַפן, — ביי אונדז איז דאָס שווימען קעגן שטראָם — אַזוי גוט ווי זעלבסטמאָרד! . . .

## 6. קעגן שטראָם

איידער מיר טרעטן צו צום אַנאַליז פון די אויבנדערמאָנטע פּאָזן אין משה לייבס וויטערדיקן שאַפן, איז נייטיק צוצוגעבן צו דער פריערדיקער אינפאָרמאַציע נאָך אַ פּאָר וויכטיקע דאַטעס, ביאָ־ביבלי־אָגראַפישע הויכפּונקטן אין דיכטערס לעבן:

1) אין 1913 דערשיינט אין 2טן בוך „שריפטן" זיין לענגערע פּאָעמע „אין דער פרעמד";

2) אין 1914 ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה וואָס גע־דויערט 4 יאָר צייט;

3) אין 1915 פאַרעפנטלעכט ער אין דעם זשורנאַל „ליטעראַטור און לעבן" זיין פּאָעמע „יצחק לייבוש פּרץ", געשריבן באַלד נאָך פּרצעס טויט. אין דעם זעלבן יאָר רעדאַקטירט ער מיט משה נאַדירן דאָס ליטעראַרישע זאַמלבוך „פון מענטש צו מענטש".

4) אין 1916 רעדאַקטירט ער מיט מנחמען דאָס ליטעראַרישע זאַמלבוך „איסט־בראָדוויי" וואו ער פאַרעפנטלעכט זיין לאַנגע אַפּאָ־קאַליפּטישע פּאָעמע „אַ נאַכט", און וועלכער ער שיידט זיך מיט דעם פאַרמעל־קלאַסישן ליד.

5) אין 1917 ברעכט אויס די רוסישע רעוואָלוציע. עס פאַלט די יאָרנלאַנגע צאַריסטישע זעלבסטהערשאַפט, און עס נעמען פליגלען ליכטיקע האָפענונגען.

6) אין 1919 האָט משה לייב חתונה געהאַט מיט רייזעלע באַראָן (רייזעלע באַראָן איז געבוירן געוואָרן אין קאַליילישאָק, ווילנער גובער־ניע, ביי ר' משה און חיה שרה באַראָן).

אין דעם זעלבן יאָר, אין 1919, דערשיינט אויך זיין ערשט בוך לידער „אין ניו־יאָרק".

אָט די זיינען, אומגעפער, די וויכטיקסטע פונקטן אויף דעם אַלגע־מיינעם און פערזענלעכן הינטערגרונט פון דיכטערס לעבן דורך די יאָרן.

האַלפערן, וואָס האָט פאַרמאָגט, ווי שוין פריער באַמערקט, אַ שאַרף אויג, אַ טיפן איינגעבוירענעם חוש פאַר די געזעלשאַפטלעכע כוחות, פאַר דער סאָציאַלער סטרוקטור און די אַרויסוואַקסנדיקע שאַרפע קאָנפליקטן, האָט לויט די מאָגערע ידיעות וואָס מיר וויסן וועגן זיין קינדהייט, נאָך יונגערהייט אַריינגעקוקט אין „סאָציאַליס־טישע ביכלעך". אין ווין, עסטרייך, וואו ער האָט אַלס יונג יינגל זיך געלערנט ווערן אַ שילדן־מאָלער, האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער

אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. דערפון זיין קאָנען שוין אין די פריע יאָרן, אין איין פערז, „אין גאָלדענעם לאַנד" איבערגעבן און פּאַראַ־פראַזירן קאַרל מאַרקסעס באַרימטע אויסטייטשונג אין וואָס עס באַשטימט זיך דער ווערט און פרייז פון פּראָדוקטן. ס'קאָן אויך מעגלעך זיין, אַז דאָס איז נישט מער ווי א צופאַל, אָבער אַן ענלעכקייט צו מאַרקסעס אַנאַליז איז דאָך פאַראַן אין די דאָזיקע שורות:

— אוי מאַמע, מיין מאַמע, צי פאַלט עס דיר איין,
אז ברויט ביי אונדז וואַרפט מען אין וואַסער אריין
דערפאַר — ווייל עס גיט אונדז אַזויפיל די ערד,
אַז ס'הייבט אָן פאַרלירן דעם גאָלדענעם ווערט ?

און פון דעם וואָס די מאַמע ענטפערט אים קלאָמערשט, דערוויסן מיר זיך (אומדירעקט) וועגן דעם דיכטערס וואוילשטאַנד:

מיין זון, פאַר אַ מאַמען באַהאַלט מען זיך נישט,
מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט קיין ברויט צו דער זאַט,
אויך דאָרט אין דעם גאָלדענעם לאַנד ניט געהאַט.

דער ציל און זין פון זיין שאַפן ווערט ביסלעכוויז אַ באַוואוסטזי־ניקער דראַנג כדי צו צעשטערן די זיסע באַקוועמלעכקייט פון די איבערגעפרעסענע און זאַטע. ער וויל מסתם שאָקירן און אויפטרייס־לען די זעלבסטצופרידנקייט פון די פיליסטער וואָס דרימלען פויל און געלאַסן אינמיטן פון זיין סדום. און אויך מסתם דערפאַר — ווייל דאָס איז געווען זיין איינציקע קאָמפּענסאַציע, זיין איינציק־פאַרבליבענער אינדיווידועל — ניהיליסטישער אופן פון פּראָטעסט; זיין קינסט־לעריש וואָפן — אָפּצורעכענען זיך מיט די, וואָס שלאָפן איינגעהילט אין וואַרעמער רואיקייט, אין זיסער רו, ווען ער איז היימלאָז און אויס־געשטעלט צום הפקר. און זעט ער זיך פרירן אויף די גאָטלאָזע שטאָ־טישע גאַסן, ווילט זיך אים דערפאַר (מיט נאָכמאַכן דעם קריי פון אַ האָן) אין מיטן נאַכט, כאָטש אויפוועקן די שטאָט פון שלאָף. ער דערמאָנט אונדז דאָ אָן גאָרקיס: „באָסיאַק", וואָס בלאָנדזשעט איבער דער שטאָט:

אַ, גינגיל! מיין בלוטיק האַרץ,
ווער קאָרטשעט זיך אין דרייען איין
און האָפקעט ביים לאָמטערנשיין ? —
דאָס איז דער תכשיט משה לייב,
וואָס שטעלט אין שניי זיך טאַנצן
כדי עס זאָלן אים די פיס

ניט איינפּרירן אינגאַנצן.
און ווייל אים דאַכט זיך אַז מען האָט
דעם לעצטן האָן בערוואָרגן,
צעקרייט ער זיך אַליין און זאָגט,
צו זיך אַליין — גוט מאָרגן!
קרייט דער תכשיט משה לייב,
זינגט דער וועכטער — טרי־לי־לי,
ענטפערט דער באָסיאַק האָפּטשי,
מאַכט דאָס היגטל האַוו־האַוו־האַוו!
מאַכט דאָס קעצל מיאַ־אַו!

זיין איראָניע איז ביטער, זיין סאַטירע — שאַרף. אָט דאָס פּאָרל, איראָניע און סאַטירע, איז איצטער זיין כלי־זיין. ער איז, ווייזט אויס, אין פולן הסכם מיט זיין פאָרגייער מאָריס ראָזענפעלד, וואָס האָט שוין מיט יאָרן פריער דעפינירט:

עס קען אָפּט די סאַטירע
מיט איר שטעכיקע געווער,
באַפרידיקן די וועלט פיל מער
ווי די געבענטשטע לירע.

(פאַרוואָס איך בין איך)

אָבער אַז עס ברעכט אויס די וועלט־מלחמה אין 1914 און צע־טרייסלט דעם סאַמע יסוד פון דער וועלט; אַז עס שטייען אָן יאָרן פון הונגער, נויט, מגפות, — און ווי אַלעמאָל, ווען די רעאַקציע קריגט די אויבערהאַנט — ווערן די אַלע נגישות באַגלייט מיט אומגעהערטע מיטלאַלטערלעכע רדיפות און פּאָגראָמען אויף די יידן פון יענער זייט ים, פאַרלירט די קונסט ווי אַ וואָרזאָגערין און פאָרזאָגערן — איר גלייכגעוויכט. עס פעלט כמעט אין גאַנצן דער גלויבן אין מענטשן, אין דער מעגלעכקייט פון א ליכטיקער וויזיע. די קינסטלער, ווי מיזאַנטראָפּן, צערטלען קראַנקהאפטע זעאונגען און טוליען זיך ווי בלינדע צו דער אָרומיקער פינצטערניש, זיי ווערן ווי סאָוועס — פּראָפעטן פון אייביקער נאַכט.

אין די יאָרן רוקט זיך ה. לייוויק אַלץ ווייטער אַוועק פון דער גרופּע „יונגע". אין גייסט פון יענע יאָרן שרייבט ער אָן זיינע אַפּאָ־קאַליפּטישע ווערק „דער וואָלף", „חלפים", „דער גולם", און אַנדערע לידער. לאַמעד שאַפּירא גיט אונדז זיינע בעסטע קאָנדענסירטע און דינאַמיש־דראַמאַטישע פּאָגראָם־דערציילונגען, „ווייסע חלה", „די יידישע מלוכה". א. לעיעלעס — „די מעשה פון הונדערט", און פון

די דעמלטסטיקע יינגסטע זינגט יעקב גלאַטשטיין — שוין נאָך דער וועלט־מלחמה, אין 1919, אין אַ געמיט־צושטאַנד וואָס איז ווי אַ דירעקטער עכאָ־גרוס פון די קאַשמאַרישע מלחמה־יאָרן:

אומעטום פאַלן עקסטראַס פון אויבן,
און צעפּלאַטשען מיין וואַסערדיקן קאָפּ.
און איינער מיט אַ לאַנגער צונג
האָט מיט אַ שטיק רויט מיינע ברילן אויף אייביק באַפלעקט
און רויט, רויט, רויט, רויט.

אויך האַלפּערן איז דורך די יאָרן באַהערשט פון דער הערשנדיקער שטימונג, ער שרייבט אָן זיין לאַנגע פּאָעמע „אַ נאַכט", וואָס ווערט פאַרעפנטלעכט אין 1916 אין זאַמלבוך „איסט־בראָדוויי", און וואָס איז די לענגסטע און לעצטע פּאָעמע אין זיין ערשטן בוך לידער. דער נאָמען „אַ נאַכט" איז נישט קיין צופעליקער; פינצטערניש, מרה־שחורה און האָפנונגסלאָזע רעזיגנאַציע באַהערשן דעמאָלט זיין געמיט־צושטאַנד. די „נאַכט" איז אַ פאַרלויפעריין פון די שפּעטערדיקע צעכראַסטשעטע „קופּעס", „כאַליאַסטרעס" און „אַלבאַטראָסן", וואָס זיינען אויפגעקומען אין חרובן לעבן פון יידישן פּוילן. אָבער אויך דאָ איז דאָס קראַנקהאַפטע יידיש־געשיכטלעכע געוועב—מיט דעם ציטגייסט ווי א הינטערגרונט — ווידער אמאָל א באַשטעטיקונג פון זיינע גרויסע פּאָעטישע כוחות וואָס שלומערן אין אים. אַ פּאָעטיש־פּאָעטישער דאָקומענט וואָס פאַרמאָגט אַלע געבורטס־סימנים פון יענע גרויליקע יאָרן:

קומען יידן נאָכאַנאַנד,
בלוטנדיק פון קאָפּ ביז האַנט.
קומען טאַנצנדיק אַרויס
לייט פון שול און לייט פון קלויז.
לויפן אָן די ווייבער אויך,
פליען פעדערן פון בויך,
קומט אָן אַלטער ייד וואָס ברענט,
מיט אַ תורה אין די הענט.
פלעכטן זיך אַריין אין טאַנץ,
יידן ניט דערקוילעט גאַנץ.

די פּאָעמע פאַרמאָגט דעם שווידער פון פאַנטאַסמאַגאָרישע האַלוצינאַציעס, זי איז געשריבן ווי אין אַ טראַנס, אָבער אויך דאָ גנבעט זיך אַריין דער פּראָפּאַנירטער עלעמענט פון דער אויבנגעבראַכטער

„אַנפּאַן טעריבל׳׳ ריכטונג, וואָס באַמיט זיך צו שאַקירן אונטער אַלע אומשטענדן, און ווען נייטיק אפילו אויפן חשבון פון דער אייגענער אויסגעצוויטיקטער דיכטונג:

אָנגעוואוירן האָט דיין ברודער
נעבעך,ביידע הענט אין שלאַכט,
קען ער זיך שוין מער ניט קראַצן,
נעמט אים ניט קיין שלאָף ביינאַכט.

ווער וועט פּאַר אים דאַווענען איצטער,
ווער וועט תפילין לייגן — ווער?
און מיט שיקסע־בריסט זיך שפּילן
קען ער דאָך שוין אויך ניט מער.

אין 1917, ווען די יאָרגלאַנגע וועלט־מלחמה ענדיקט זיך, ווען עס רייסט אויף ווי אַ פלאַם די רוסישע רעוואָלוציע וואָס שטירצט דעם צאַריזם, אַטעמט אויך אָפּ די קונסט לייכטער. עס קלינגט ווידער מונטער די דערשטיקטע שטים פון מענטשלעכן געוויסן. איבער דער וועלט צעטראָגט זיך דער עטיש־הומאַנער רוף פון ראָמען ראָלאַנס „זשאַן קריסטאָף׳׳, עס הילכט אָפּ די רעבעלירנדיקע שטים פון באַר־ביסעס רעוואָלטירנדיקע סאָלדאַטן. אַלעקסאַנדער בלאָק שרייבט אָן זיין פּאָעמע „צוועלף׳׳. און משה לייבס לעצטע שורות פון דער פּאָעמע „אַ נאַכט׳׳ וואָס שליסט זיין ערשטן בוך לידער אין 1919, קלינ־גען פּראָפעטיש, — אָנזאָגנדיק דאָס וואָס רייפט אין אים:

ווען איך וועל טויט זיין, הייב מיך אויף
און בינד מיך אויף אַ פערד אַרויף,
פּאַרטיליק דעם לעצטן צייכן דאָ
פון דעם — וואָס איז שוין מער ניטאָ.

זאָל זיין אַז בלויז אַ טרוים פון שרעק
איז דאָ געווען און איז אַוועק,
מיך האָט דאָ קיינער ניט געזען,
איך בין דאָ קיינמאָל ניט געווען.

איצט: ביי דער גרענעץ, ביים שאַרפן בייט פון אַן עפּאָכע — האָט ער זיך צערעכנט, צעצאָלט, אונטערגעפירט אַ חשבון הנפש אויף אַ קורצע צייט מיט דעם משה לייבן פון האָפענונגסלאָזער רעזיגנאַציע. דעם ׳׳טרוים פון שרעק׳׳ האָט ער געלאָזט אַוועקרייטן אויפן אַלטן

פעגאַז. ער האָט זיך איצט אויסגעטרוימט אַ „גאָלדענע פּאַווע'', ער האָט אָפּגעקערט זיין פּנים פון דער פינצטערניש ווי דער לעגענדאַ־רישער איקאַרוס — און מיט אַלע רמ"ח אברים געריסן זיך און גע־צויגן זיך צו דער זון! . . .

## 7. געזעגנט צו דער זון

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, טראָגן זיך האָפערדיק איבער דער וועלט, פּרעזידענט ווילסאָנס צוזאָגנדיקע 21 פּונקטן: זעלבסטבאַשטימונג פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אַן אָנדייט אויף ארץ ישראל ווי אַ צוקונפטיקע יידישע היים, אַ פּראָיעקט פאַר „אַ פעלקער־ליגע'', עפּעס וואָס דערמאָנט אָן דעם אַלטן חזיון פון אונדזערע נביאים: (והיה באחרית הימים). און די וועלט רייבט זיך די אויגן ווי נאָך אַ געפערלעכער און פאַרצויגענער קראַנקהייט.

די רוסישע רעוואָלוציע ווירקט אויף די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט מיט אירע שאַרפע לאָזונגען, וואָס זיינען גורם, אין 1921, זאָל אין ניו־יאָרק אָנהייבן דערשיינען די טעגלעכע קאָמוניסטישע צייטונג „די פרייהייט''. די צייטונג גרופּירט באַלד אַרום זיך פאַר־שיידענערליי אומצופרידענע עלעמענטן. אַ גרויסער טייל פון די אָנ־געזעענסטע יידישע דיכטער און פּראָזאַאיקער שטייען צו צו דער צייטונג, און משה לייב איז איינער פון די ערשטע, אפשר טאַקע דער סאַמע ערשטער פון די אָנגעזעענסטע יידישע דיכטער — וואָס ווערט דאָרט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. ער דרוקט דאָרטן יעדע וואָך אַ ליד, אַמאָל צוויי. ער שרייבט רעצענזיעס, עסייען, פּראָוואָצירנדיקע אַרטיק־לען. ער פאַרט אַרום איבערן לאַנד און האַלט לעקציעס. ער איז פּראָדוקטיוו; זיין ליד וואָס איז אַלעמאָל אין תוך געווען ברוטאַל און דינאַמיש, ווערט איצט נאָך ברוטאַלער, נאָך דינאַמישער, און אויך שפּילעוודיקער. זיין וואָרט דריקט איצט אויס די אָנגעזאַמלטע אומצו־פרידנקייט פון אַ סך מיליטאַנ־ישע לייענער און ער ווערט באַלד פּאָ־פּולער און באַליבט ביי זיי. ער קריגט דאָ דעם טיטל „בונטאַר" פון מ. אָלגינען און ווערט אַלעמאָל פּראָקלאַמירט אין דער קאָמוניס־טישער פּרעסע אַלס „דער גרויסער פּראָלעטאַרישער דיכטער". צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן קריגט ער אַ גרויסע אוידיענץ פאַר זיין ליד פון רעוואָלט — און אויך אַ געלעגנהייט צו שווימען אַ גרעסערן שטח קעגן שטראָם. זיין ליד וואָס האָט ביז איצט אויסגעדריקט זיך אין פּראָפּאַגאַציע, טרעט איצט אריין אין אַ פאַזע נישט נאָר פון שאַ־

קירן צוליב שאָקירן — נאָר אויך, און הויפּטזעכלעך — פון דראַנג צו זוכן נייע ווערטן. ער איז געווען צו אומרואיק צו פאַרבלייבן לאַנג אויף איין אָרט. אָבער דאָס זוכן אַליין — איז אין דעם ספּעציפישן פאַל געווען אַ גרויסער דיכטערישער אויפטו. ער האָט נישט געדאַרפט מאַכן קיין קאָמפּראָמיסן מיט זיין געמיט. פאַרקערט, ער איז געווען פון די גאָר ווייניקע פּאָעטן — וואָס איז געווען צוגעגרייט — אינער־לעך צוגעגרייט — אויפצונעמען דעם צעשויבערטן מיטאָס פון דער צייט. מיט דעם גאַנצן אימפּעט און ברען, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך האָט ער איצט אויסגעלאָדן זיין אָנגעזאַמלטע אומצופרידנקייט. ער האָט געריסן זיך צו ווייטע אויסגעבענקטע ווערטן. ער פאַרוואַרפט די קלאַסישע פאָרם אין וועלכע ער האָט מערסטנס געשאַפן ביז איצט און וואָס האָט אָפטמאָל געפּענטעט זיין צעברויזט געמיט. זיין שורה ווערט עלאַסטישער, ער פּאָרט (נאָך איצט מער ווי פריער) אַקטועלקייט מיט פאַנטאַסטיק, פּובליציסטיק מיט ליריזם, גוטמוטיקייט מיט פּאָלע־מיק, ווי זיין רבי היינריך היינע.

אין 1923 איז משה לייב געוואָרן אַ טאַטע, עס איז געבוירן געוואָרן זיין בן יחיד אייזיק. אין 1927 דערשיינט זיין צווייט בוך לידער, „די גאָלדענע פּאַווע'', אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „גרופּע יידיש'', קליווּ־לאַנד, אָהייאָ, פון ד״ר ש. גאָלדמאַן פון שיקאַגאָ, און אַ גרופּע חסידים פון דיכטער.

די מערסטע לידער אין בוך „די גאָלדענע פּאַווע'' און אַ סך פון די לידער אין ערשטן באַנד פון די דערשינענע צווי בענד, 1934, נאָכן דיכטערס טויט, ווערן געשאַפן אין משך פון די יאָרן. ער זוכט אַ נייע פאָרם, ער עקספּערימענטירט מיט אַ נייער ריטמיק פאַר זיין נייעם אידייאישן באַנעם. מיטן קוואַל פון טרויער וואָס איז אַזוי אייגנטלעך פאַר אים, שיידט ער זיך טאַקע נישט — דער טרויער ווערט אָבער ביי אים דורכזיכטיקער, געלייטערטער. עס ווייעט פון אים איצט מיט רייפער ווייזהייט פון פיינלעכער דערפאַרונג וואָס קומט דורך אַ האַלב־פאַרקרימטן און פאַרטרויערנדיקן שמייכל. אינמיטן פון ליכטיקע וואונטשן און האָפענונגען, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער כמעט פּראָפעטיש אָפּגעלאַכט פון אַלע פאַרשריבענע באַבסקע רפואות פאַר דער קראַנקער וועלט. נאָך דעמאָלט פרעגט ער ביי די הויפּלייט וואָס האָבן אויפן באַפעל פון זייער קיניג שוין איינגענומען די מדינה און יענע מדינה:

איצט האָט מען שוין איינגענומען די וועלט,
וואָס זאָל מען טאָן מיט איר ?

זי קען נישט אַריין אין דעם קעניגס שלאָס,
מען האָט פאַרגעסן צו נעמען אַ מאָס
פון דער וועלט — ווען מען האָט געמאַכט די טיר.
און די וועלט שטייט נאָך אַלץ אין דרויסן . . .

יאָ, אפילו אין יענע יאָרן ווייסט ער, אַז „די וועלט שטייט נאָך אַלץ אין דרויסן"! און אַז „אויף די חורבות פון דער וועלט, זיצט אַן אַלטע ראָב און שעלט". מ'קאָן זען פון זיין ליד „פרילינג ניינצן־צוויי־און־צוואַנציק", נאָך דער פרידנס־קאָנפערענץ אין גענוא, אַז ער האָט ניט קיין אילוזיעס וועגן דער אייביק־פאַרשאָלטענער וועלט:

אַ קראַנקער וואָס שמייכלט אויפן טויטן־בעט,
אַ מענטש וואָס גייט אַרום מיט די הענט אין בײדע אַרבל און שווייגט:
אַן אַלטער וואָס קוקט — אויף זיין דערהרגעטן זון
מיט אַ ליולקע אין מויל.
ביים ברעג פון גרויסן ים זיץ איך,
און מיינע אויגן ביי מיר זעען אויס
ווי צוויי גרויסע געשווירן
אַנטקעגן דער זון, וואָס גייט אויף.
איך זוך רייד און איך געפין
בלינד פון שרעק אין מיר ווייטאָקן,
און ווערים וואָס קריכן אַרום
ווי אויף אַ טויטן.
— — — — — — — — — — —

גענוא.

און ווי פּאַרט זיך אַזאַ געמיט מיט אַ „פּראָלעטאַרישער אַנשויאונג פון קונסט" וואָס מ'האָט אין יענע יאָרן אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע פּרובירט צוקלעפּן צו משה לייבן? די פּראָלעטאַרישע אַנשויאונג — אויף וויפל זי איז טעאָרעטיש באַגרינדעט געוואָרן, און אויף וויפיל מיר געפינען זי אין דער קונסט — איז דאָך אין אירע הויפּט־עיקרים: תמיד און אומעטום האָפערדיק־אָפּטימיסטיש, דורכגענומען מיט אַ גלויבן אין אַ פּראָגרעסיוו־פּאָזיטיווער עוואָלוציע. אמת, ביי האַלפּערנען האָבן זיך אין יענע יאָרן דורכגעריסן אַמאָל ליכטיקע טענער, אַ שטיפערישקייט, ווי מיר טרעפן אין זיינע לידער צו זיין זונעלע:

איך האָב מיר אַ זונעלע אַ שיינעם,
שפּילן מיר זיך בײדע אינאיינעם,
ווי אַ קליינטשינקער ברודער מיט אַ גרויסן
דערווייל אויפן בערגעלע זאַמד אין דרויסן,
אָבער ווען ער וועט זיין דער מלך
אַהאָ — וועט דאָס דעמאָלט ווערן פריילעך!

עס כאַפּט זיך אַמאָל ביי אים אַרויס אויפן גאַנצן קול אַ האַפּערדי־קער טאָן. אָבער דער האַפּערדיקער טאָן איז זעלטן כאַראַקטעריסטיש פאַר האַלפּערנס שאַפן. סקעפּטיציזם און איראָניע, וואָס זיינען געווען די הויפּט־קוואַלן פון זיין דיכטונג, פאַרלאָזן אים קיינמאָל ניט. אַ חוץ דעם וואָס דער „כי טוב" אָפּטימיזם איז פּשוט ניט געווען אין זיין בלוט, איז ער געווען צופיל קינסטלער — ער זאָל אָננעמען דעם קאָלעקטיוון „מיר" דעם סימן פון פּראָלעטאַרישקייט אין יענע יאָרן: „מיר קומען, מיר שטורעמען, מיר זיגן!"

משה כץ קאָן זיך זיין גערעכט אין זיין אָפּשאַצונג אין דער „פרייהייט", אויגוסט 30, 1936, וואו ער שרייבט: „אין דער צייט ווען די ידישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור איז נאָך געווען אין די וויקעלעך אפילו אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און האָט געמאַכט אירע ערשטע און ניט־זיכערע טריט אין אַמעריקע, איז מ. ל. האַלפּערן באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ גרויסער פּראָלעטאַרישער דיכטער, און ער האָט באַדייטנדיק באַווירקט די ערשטע פּראָלעטאַרישע שרייבער אונדזערע". ער גיט אָבער באַלד צו דעם צו: „אין דער אמתן איז ער קיין פּראָלע־טאַרישער דיכטער ניט געווען און איך צווייפל צי ער אַליין האָט זיך ביים לעבן ווען עס איז געוואָלט באַטראַכטן פאַר אַזאַ." אָבער גייט עס דען אין דעם צי איינער באַטראַכט זיך יאָ צי ניט פאַר אַ פּראָלע־טאַרישן דיכטער, צי אין דעם, אין וויפיל איינער האָט דעם אמתן פּאָעטישן כוח „צו באַווירקן באַדייטנדיק די פּראָלעטאַרישע ליטעראַ־טור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ווי אויך די היגע ערשטע פּראָלעטאַרישע דיכטער?" מען קאָן ציען די ליניע ווייטער, און אויפווייזן ווי האַלפּערן האָט געווירקט און באַווירקט די היגע, די פּוילישע, די רומענישע און אַנדערע דיכטער וואָס וואַלטן לויט כצן קלאַסיפיצירט געוואָרן אַלס „קאָנסערוואַטיוו" אָדער אפילו אַלס „רעאַקציאָנער". אין דעם באַשטייט דאָך דער אונטערשייד פון טאַלאַנט און טאַלאַנט־לאָזיקייט, אָדער פון גראַד טאַלאַנט; וואָס גרעסער דער טאַלאַנט אַלץ מער אַרומנעמענדיק, אַלץ מערער אַלמענטשלעך. אָט־דאָס באַדאַרף זיין, אין לעצטן אַנאַליז, דער קריטעריום צו קריטיקירן און משפּטן קונסט־ווערק און קינסטלערישע פאַרדינסטן.

האַלפּערנס דיכטערישער אויפטו פון יענער צייט באַשטייט אויך אין דעם, וואָס אין די יאָרן דערפילט ער זיך נאָך מערער סאָלידאַריש מיט דעם באַליידיקטן, מיט דעם אָפּגעגנאַרטן, מיט דעם שווער־פאַרהאַרעוועטן און פּשוטן פאַלקסמענטשן,—סימנים פאַר דעם זיינען שוין געווען קלאָר און קאָנטיק אפילו אין זיינע סאַמע ערשטע לידער. זיין ליבשאַפט צום

„דערשלאָגענעם קומענקערער'' צום „היימלאָזן גאַסנפויקער'', צום „יתומל'', צום „שוסטעריונג'', צום „טראַגישן גאַסנמידל'', צום „מע לאַנכאָלישן אַרלעקין'', צו דעם געשיר־וואַשער, „פאַן יאַבלאָווסקי''. מער נישט, ער האָט שפּעטער דעם טיפּאַזש פאַרטיפט, ווייל ער אַליין איז עלטער, רייפער געוואָרן. זייער לעבן, אַרויסגעזען פון אַ קאָמפּליצירטן פלאַנעטער אין אַ געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור, האָט במילא גורם געווען אַ קאָמפּליצירטערע פאָרם פון קינסטלערישן אויס־דרוק. באַמערקט טאַקע ש. ניגער אין „טאָג'' וועגן זיין נייעם בוך לידער „די גאָלדענע פּאַווע'': „עס איז גוט וואָס מ. ל. האַלפּערן איז ניט געבליבן שטיין אויף איין אָרט. זאָגן שטאַמלענדיק עפּעס נייעס איז בעסער ווי איבערחזרן, וואָס עס איז שוין געזאָגט געוואָרן'' . . . און ניגער ענדיקט: „ווער ווייסט, אפשר איז דאָס קלאָונישע קוליען זיך און קונצנמאַכעריי פון מ. ל. האַלפּערן אַן אָנהייב פון דער גרויסער און אמתער קאָמעדיע, פון דעם גרויסן און אמתן געלעכטער וואָס דאַרף קומען און אויפטרייסלען און אָפּפרישן אונדז''.

די אידייאישע גרונט־עלעמענטן אין זיין דיכטונג זיינען די זעלבע וואָס אַמאָל, ער איז בלויז קינסטלעריש רייפער און אָנגעלאָדע־נער געוואָרן. ווייל אויב זיין לעסטעריי האָט אַמאָל געקלונגען וואויל־יונגעריש און סוביעקטיוו, ווייל ער האָט זיך אָפּטמאָל געקריגט בלויז אין נאָמען פון „משה לייב דעם פּאָעט'' — האָט ער איצטער דער־גרייכט אַ קאַרדינאַלן אָביעקטיוויזם, וואָס דער באַרימטער דיכטער און קריטיקער ט. ס. עליאָט דעפינירט אַלס אַ [illegible]בערע פאָרם פון אויס־דרוק, ווען דער קינסטלער אָביעקטיוויזירט [illegible]; ד"ה, ער פורעמט אויס אַן אימאַגינערע דריטע פּערזאָן וואָס רעדט און גיט איבער דעם קינסטלערס דערפאַרונג.

רעדט טאַקע איצט משה לייב דורך אַ דריטער פּערזאָן. ער רעדט איצטער דורך דעם מויל פון „זרחין'', דורך „חנה מירלען'', דורך דעם „באַד־גוי" דורך זיין „ברודער שמואל", דורך דעם „קוילן־טרע־גער הירש בער'', דורך דעם „לעמבערגער דייטש'', דורך דעם „קצב'', דורך „דזשים וואַלדאַר'' און אַנדערע אויסגעפורעמטע געשטאַלטן זיינע. ער האָט נאָך אַלץ דעם זעלבן קוק ווי זיין פאַרגייער מאָריס ראָזענפעלד, וואָס האָט נאָך מיט יאָרן פריער געזונגען:

דאָס צוקער־קראַנקע דיכטן!
דער קראַנקער צוקער — ליטעראַט!
ביי אים איז אַלץ זיס און גלאַט,

האָט גאָרנישט צו פאַרניכטן,
אָ, פאַלשער נביא, זיסער סם!
אויף אַלץ און אַלע זאָגט ער „באַם”!

אמת, האַלפּערן ווייסט מסתם ניט פון עליאָטן, ער דערשלאָגט זיך אָבער אינטואיטיוו צו דעם קריטיש־קינסטלערישן אמת. זיין פיינט־שאַפט צו דער „שטאָט” — וואָס איז פאַר אים א קוואַל פון וואַנזין” — איז אַ פיינטשאַפט צו דער גאַנצער אינדוסטריעלער ציוויליזאַציע און צו דער רשעות וואָס באַגלייט זי אומעטום.

ער האָט איצט געזען נאָך קלאָרער ווי אַמאָל, אַז „די געלט־בייטש פון איבער און אונטער דער ערד — שניידט לייבער אַזוי ווי מ׳ט אַ שווערד” און אַז „דאָס וויסטע מיליאָנען האַרץ, די נויט, שרייט ווי אַ מכה אונטער דער הויט”. און אויך זיין שנאה צום „מוסר־זאָגער און פאַלשן פּאָעט” איז ניט ווייניקער ווי ראָזענפעלדס, זי איז אָבער מער אַרטיקולירט, און אין פרט פון קינסטלערישן אויסדרוק שטייגט ער פיל אַריבער ראָזענפעלדס פרימיטיוויזם:

. . . אַן אייביק ליכט, ווי אין הימל די זון
וואָס וועקט אונדז אויף מיט איר מאָרגנשיין.
און דער פויגל ווייסט דאָך אפילו נישט
אַז ער זינגט פאַר אונדז — געבענטשט זאָל ער זיין —
אויפן בוים ביים פענצטער אין מאָרגנשיין,
נאָר דער מוסר־זאָגער און פאַלשער פּאָעט, —
זייער געוויין איז אונדז אייביק פרעמד,
אפילו אין נאַכט אַזיל דער באָסיאַק,
וואָס טרייסלט אויס אויף אונדז דאָס העמד,
איז אונדז קיינמאָל נישט ווי זיי אַזוי פרעמד.
(דער מוסר־זאָגער און פאַלשער פּאָעט)

און ווי אַלעמאָל שאַנעוועט ער ניט זיך אַליין:

איך האָב שוין געזען דעם פּלאַקאַט אויף דער וואַנט —
איך שטיי דאָרט און האַלט אַ בוך אין האַנט,
אוי, ווי איז מיר!

ער פאַרמאַסקירט זיך אָפטמאָל, און רעדט דורך דעם מויל פון אַנדערע פּערסאָנאַזשן פון און וועגן זיך אַליין. אָבער דער געניטער לייענער דערקאָנט סיי־ווי־סיי אין זיי דעם פאַרשטעלטן דיכטער. דאָס געניטע אויג און דאָס געניטע אויער כאַפּן באַלד אַז אונטער דער מאַסקע פון די ביי־נאָמענדיקע געשטאַלטן באַהאַלט זיך נישט קיין אַנדערער — ווי דער אייביק־אומרואיקער משה לייב אַליין. איינ־

טואיטיוו, נישט וויסנדיק פון קיין טעאָריעס, עפּעס וואָס בלויז גרויס טאַלאַנט באַזיצט, פּרובירט ער אין זיך גובר זיין דעם נאַקעטן סובּ־יעקטיוויזם. און בייזערט ער זיך און טאַדלט, און מוסרט אַ פּיקטיווע פּערזאָן אין אַ ליד, פאַרגעסט ער אָבער אָפּטמאָל, און איז באַלד זיך מודה, אַז דאָס האָט ער נישט געמיינט קיין אַנדערן — חוץ זיך אַליין. ער איז אַליין געווען די פּייל, דער ציל און דאָס ציל־ברעט. און דער רעזולטאַט איז, ווי דער אירלענדישער פּאָעט וויליאַם באַטלער יעיטס וויל האָבן: אַז פון קריגן זיך מיט יענעם שאַפט מען רעטאָריק, פון פירן קריג מיט זיך אַליין — שאַפט מען דיכטונג".

דער גאָט־פאַרשאָלטענער אינטעליגענט,
ער האָט צוויי פאַסקודנע ווייסע הענט,
וואָס ווילן ניט אַרבעטן, דרייט ער מיט זיי
דאָס אייביקע, גראָבע פינגער־געדריי!

און טאַקע אין דעם זעלבן בוך לידער „די גאָלדענע פּאַווע", לאָזט ער אַרויס די קאַץ פון זאַק, אַז דאָס האָט ער גאָר געמיינט זיך אַליין:

אָ, זון, פאַרגיב מיר פאַר מיינע הענט,
פאַרגיב מיר פאַר מיינע ווייסע הענט,
אין זיי דיין גאָלדן בלוט וואָס ברענט.

(זונאויפגאַנג)

און נאָכדעם דער פיינפולער פינאַל פון ליד:

און מיר טוט דערביי אַזוי מאָדנע באַנק,
און מיין לעבן איז צום שטאַרבן קראַנק,
און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך,
און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך.

אויך אין פיל אַנדערע לידער ווערט אַקצענטירט דער זעלבער באַגלייט־מאָטיוו פון דעם זעלבן טרויער:

ווער דאַרף איך זאָל ניט אויפהערן מיין רו צו מאָנען
ביי אָט־די הענט מיינע — געליימטע מיינע, שונאים מיינע!

די שולד, וואָס דער דיכטער וואַרפט אַלעמאָל אַרויף אויף זיינע הענט איז לייכט צו פאַרשטיין, כאָטש זי נעמט זיך שוין גאַרנישט דער־פון וואָס משה לייב האָט געהאַט אַ פּאָר „געליימטע הענט". פאַר־קערט, ער האָט פאַרמאָגט צוויי גאָלדענע הענט. זיי האָבן צו אַלץ זיך אויסגעטויגט. זיי האָבן געקאָנט מאָלן, נייען, צושניידן, פּרעסן,

וואַשן, שניצן, און ער האָט דאָס גוט געוואוסט. און לויט זיין פּרי־מיטיוו־אַרטיזאַנישן קוק אויף העגט ווי אויף שפּייזער און דערנע־רער, — וואָלטן זיי דאָך באַדאַרפט זיין אַ ברכה פון גאָט, זיינען זיי אָבער אין דער היינטיקער מעכאַניש־טעכנישער אַנטוויקלונג גאָר באַטראַכט געוואָרן פון דעם דיכטער ווי אַ קללה פון גאָט, ווי שונאים: „הענט מיינע, געליימטע מיינע, שונאים מיינע!" די הענט ווערן פאַר אים אַ סימבאָל פון אַ פאַרשאָלטענער עראַ.

מאַני לייב וואָס איז אַמאָל געווען אַן אויסגעצייכנטער שוסטער־געזעל, האָט אויך אַמאָל געשילדערט אין אַ ליד דעם צער פון מייסטע־רישע הענט, וואָס ער פּירט אומזיסט אַרויס אויפן יאַריד צום פאַר־קויפן, — און קיינער באַדאַרף זיי נישט. דער מאָטיוו פון פּאַסיווער און תכליתלאָזער איזאָלאַציע פון קינסטלער קומט איינצייטיק צום פיינ־פולן אויסדרוק אין אַ סך וויכטיקע ווערק. ט. ס. עליאָט רופט אַן זיין אַמביציעזע פּאָעמע: „וויסט־לאַנד", און וועגן זיין דור זאָגט ער: „מיר זיינען די אויסגעהוילטע מענטשן". משה קולבאַק, איינער פון אונדזערע וויכטיקסטע נאָך־מלחמה־דיכטער — פון יענער זייט ים — פאַרענדיקט זיין ליד „די תפילה" מיט דעם זעלבן געפיל פון טרויער און איבעריקייט:

און וואו איך גיי, טראָג איך מיט דעם ריח פון פינצטערניש.
בין איך מקנא דעם פויגל, וואָס איז בעסער פאַר אונדז,
און דעם ליים, וואָס איז בעסער פאַר אַלעמען.
וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין האַנט, וואָס איז מיר איבעריק.
און מיט מיין האַרץ וואָס איז מיר איבעריק?

און משה לייב ווערט נישט מיד צו וואַריאירן:

אַ וויינט נישט, מיינע פאַרשעמטע הענט,
איך וועל גיין מיטן קאָפּ צו דער ערד און אייך טרייסטן
ווען איך וועל אַ קוסט מיט רויזן פאַרבייגיין.

משה לייב שעפּט מיט ברען זיין טיפּאַזש פון קעניגלעכן הויף פּונקט ווי פון קוילנגרוב, פון דער קצב־און־שוסטער־גאַס פּונקט ווי פון אַללאַס האַרעם. ער זיפּצט מיט אַרלעקינען און טרוימט מיט קאָלומבינען; ער ניצעוועט איבער דעם גאַנצן באַלאַדע־גאַרדעראָב: ער גיט זיי פּאַפּירענע קרוינען, פּאַפּירענע שווערדלעך און לייגט זיי אַריין אין מויל נייע, גליענדיקע ווערטער. ער דערהייבט די הערש־בערס, די שוסטער־יונגען, די קעסל־הייצער, די הכנעהדיקע הויפ־

דינער, און מאַכט זיי צום לויכטן אין זייער ערלעכן טראַגיזם. ער צירט זיי אויס אין דעם חן פֿון אַלטן יידישן פּורים־שפּיל:

דער קעניג אַליין אין גאַנצער פּראַכט
האָט די שיך צו פֿאַרריכטן געבראַכט,
איז אָבער אַ יתום געקומען פֿריער,
לאָזט מען דעם קעניג שטיין ביים טיר.

און אז דער קעניג לאָדט אין הערש בערן, דעם קוילן־טרעגער צו זיך, פֿאַסירט אָט־וואָס:

און איידער ער פֿאַספּייעט נאָך אַראָפּצושלעפּן
פֿון זיך דעם צווייטן שטיוול,
ליגט ער שוין מיט זיינע ביידע שוואַרצע
שווערע הענט אונטערן קאָפּ,
און מיט דער באָרד אַרויפֿצוצו און שלאָפֿט
מיט אַזאַ געשמאַק און אויף אַזאַ הויך קול,
אַזוי ווי ער וואָלט דעם קעניג קיינמאָל אין זיין לעבן
גאָרנישט ניט צוגעזאָגט.

ב. ריווקין האָט אין זיין שטודיע וועגן משה לייבן, געדרוקט אין די „בריקן", שיקאַגאָ, ריכטיק אונטערגעשטראָכן דעם יידישן עלעמענט ביי האַלפּערנען. אין דעם קאַפּיטל „די הויפּט־קוואַל פֿון געשטאַלטיקייט ביי מ. ל. האַלפּערן", שרייבט ער, — „האָט אַ שטאַרקן בלוט־סימן פֿון יידישקייט, און אויף דעם סימן אַליין לאָזט זיך אויפֿבויען אַ טורעם. און דעם יידישן סימן זע איך ניט אַזוי אין דעם אינהאַלט פֿון זיין פּאָעזיע, ווי אין דער פֿאָרם, כאָטש אַ העלפֿט פֿון משה לייבס דיכטונג איז אויך געוועזן יידיש; ער האָט געזונגען אַזעלכע צער־און־צאָרן־לידער, ווי ער וואָלט געוועזן ירמיהוס אַן אייניקל".

ס'איז זייער וויכטיק אין דעם פֿאַל איינזינען צו האָבן דעם אונטערשייד צווישן נאַציאָנאַל און יידיש, אָדער פֿאָלקיש, ווייל כאָטש משה לייב שלאָגט אַמאָל אָן אַ נאַציאָנאַלן טאָן אַ לאַ ביאַליק, איז אָבער דער יידישער קוואַל גורם די פֿאָרם אין געשטאַלטיקן זיין טיפֿאַזש און נישט דער רעטאָריש־נאַציאָנאַלער טאָן. אויך איז דאָ וויכטיק ווי אַזוי און מיט וועמען ער אידענטיפֿיצירט זיך, ווי אַזוי און צו וועמען ער דריקט אויס אויף אַ גרויסן, קינסטלערישן אופֿן זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. דאָס איז פֿיל וויכטיקער ווי פֿיל ליבעס־דערקלערונגען און דעקלאַראַציעס וואָס קינסטלער האָבן געמאַכט אַזוי אָפֿט אין די לעצטע יאָרן — צו די אונטערדריקטע און ליידנדיקע מאַסן.

אין יעדן באַלײדיקטן, אין יעדן אײנעם „מיטן קאָפּ אַרונטער", מיט פינצטערניש אין זיך, האָט דער דיכטער דערקאָנט זײַן „אָרעמען ברודער דאָן קיכאָט" װי ער דריקט זיך אויס אין אַ ליד; ער האָט אין זײער אָנגעזיכט װי אין אַ שפּיגל תּמיד דערזען די אײגענע פֿאַרלוירנקײט. דאָס ערשטע ליד אין זײַן צװײטן בוך „די גאָלדענע פּאַװע" געדרוקט פֿאַר זיך אַלײן — װי אַן אַרײַנפֿיר צום גאַנצן בוך, הײבט זיך אָן אַזױ:

און דאָ איז דאָס ליד פֿון אַלע לידער.
אין אָנהײב זענען געװען דרײַ ברידער:
אײנער מיט פֿאַרחלומטע אויגן,
אײנער װי אַ דעמבענער בוים אַ געזונטער,
און אײנער װאָס איז אַרומגעגאַנגען מיטן קאָפּ אַרונטער.
האָט דער מיט די פֿאַרחלומטע אויגן
גענומען פֿאַר זיך די לבֿנה;
האָט פֿאַרנומען די זון דער געזונטער;
איז געבליבן פֿאַר דעם מיטן קאָפּ אַרונטער — די פֿינצטערניש.
האָט ער זיך צעװײנט מיט אַ גרױס געװײן.
— — — — — — — — — — — — — —
און זינט דעמאָלט — װי מען קען נישט צײלן אויפֿן קאָפּ די האָר,
קען מען נישט צײלן די יאָר,
און דער מיטן קאָפּ אַרונטער
בלאָנדזשעט אַרום אין דער פֿינצטערניש
אַזױ װי אַלעמאָל מיט זײַן געװײן.
און מיר, די חכמים פֿון דער װעלט, װאָס הערן אים װײנען,
דרײען די לאַמטערנס אַרום דעם חכמה־שטײן
און מיר לערנען זיך ביז אין טויט אַרײַן איבערלײענען,
אַז ערגעץ דאָ — דאָרט — נישט װײט פֿון אומעטום —
אויף דעם װעג װאָס איז נישט גלײַך און נישט קרום —
זיצט עמעץ װאָס מיט אים איז עפּעס נישט דאָס —
און ער װײנט, װײל ער װײסט אַלײן נישט פֿאַרװאָס . . .
(שיר השירים)

די ירושה־לאַסט פֿון דריטן ברודער (װאָס האָלפֿערן אַלײן האָט אין זיך געטראָגן) האָט אים אַ לעבנלאַנג װײ געטאָן און באַאומרואיקט. ער האָט דאָס קײנמאָל נישט געקאָנט פֿאַרגעסן. צו דער אויסגעצאַרטער אָדער אָװעקגערױבטער בכורה — די זון — האָט ער זיך אַ לעבנסלאַנג געריסן פֿון די געדיכטע פֿינצטערנישן װאָס האָבן אים אַ לעבנלאַנג פֿאַרהילט און געהאַלטן װי אין געפֿאַנגענשאַפֿט:

ס׳איז פֿינצטער מיר אַזױ נאָך קײנמאָל ניט געװען,
דאָס איז דער סוף װאָס קומט: איך װאַרט עס זאָל געשען.

ווי פינצטער איז יענעם וואָס טרינקט זיך אין ים,
און זעט ניט פון ווייטן קיין שיף
— — — — — — — — — — — — —
ווי פינצטער איז מיר וואָס איך זע דאָס און טראַכט —
אין מיטן דער שטאָט און אין מיטן דער נאַכט.
ווי פינצטער איז מיר, אָ, ווי פינצטער איז מיר!

אמת, דאָס זיינען שורות פון זיינע ערשטע לידער, אָבער אויך אין די שפּעטערע יאָרן באַגלייטן אים אייביק אומעט און פינצטערניש.

אין אַן ענטפער צו אַ פריינט, וועלכער פרעגט אַן ביי אים דעם זין פון זיין פּאָעמע „אַרלעקין" (דער בריוו איז אָפּגעדרוקט אין „העפטן", דעטראָיט, 1936), ברענגט דער דיכטער אַרויס פּאָלגנ־דיקן אינטערעסאַנטן פּאַקט, וואָס באַלויכט נישט בלויז די פּאָעמע „אַרלעקין", נאָר דעם דיכטערס אַלגעמיינעם צוגאַנג און בליק אויף קונסט און קונסט־פּראָבלעמען:

„— מיך וואונדערט באמת, וואָס איר גלייבט,אַז איר פאַרשטייט ניט דאָס ליד „אַרלעקין". עס קאָן זיין אַז איר ווילט אין אַלץ אַריינ־טייטשן מער ווי מען דאַרף, אָדער איר לייענט נישט גענוג אויפמערק־זאַם. דווקא פאַר דעם ליד האָב איך געהאַט אַ סך לויבגעזאַנג — און לאָמיר איך זאָגן — עס געפעלט מיר אַליין אויך. — און זייער זעלטן, אַז מיר געפעלט מיינס אַן אייגן ליד. איך באַוויז דאָרט פשוט דעם דערהויבענעם מענטשן, (דאָס הייסט — דעם מענטשן וואָס פאַרן אויג קאָן זיך דאַכטן, אַז אים איז זייער גוט, ווייל ער איז דער־הויבט איבער אַלעמען — אַ גרויסער דיכטער, לאָמיר זאָגן, אַ גרויסער שוישפּילער, אַ גרויסער מאָלער און אַזוי ווייטער) אונטערן פאַרהאַנג. דאָס הייסט, איך לאָז אַ קוק טאָן אין זיין נשמה ווען ער איז אַליין מיט זיך — איידער ער גייט אַרויס פאַר דעם פּובליקום וואָס וואַרט אויף אים מיט אומגעדולד אים אָפּצוגעבן גרויס כבוד צו זיינעם א יום־טוב, לאָמיר זאָגן, אַ יובילייִ, אָדער עפּעס אַן ענלעכן יום־טוב. איך וויל לאָזן זען ווי עלנט ער איז און ווי אומעטיק ער איז און ווי ביטער עס איז אים מיט זיין גאַנצער גרויסקייט.

איצט, אַז איר האָט די פּאָעמע, לייענט זי נאָכאַמאָל און הערט זיך גוט איין צו אַלץ וואָס אַרלעקין טראַכט — וועט איך ווערן זייער וואויל אויפן האַרצן וואָס איר האָט אַ געבענטשט האַנטווערק און וואָס איר דאַרפט ניט זיין קיין געניע!"

שפּעטער גיט זיך משה לייב ניט אונטער אַזוי לייכט דער פינצ־טערניש, ער וואַרט ניט „עס זאָל געשען", און אָט דער קאַמף איז

אונדז ביז גאָר וויכטיק. — לויט אַ פראַגע וואָס ער שטעלט שפּעטער זיך אַליין: „פון וואַנען ווייסט מיין בלוט דערפון אַז בלאָנד איז ליכטיק ווי די זון „און לויט דעם ענטפער וואָס ער גיט זיך אַליין — ערשט שפּעטער מיט יאָרן — איז קאַנטיק זיין רייסן זיך צו ליכ־טיקייט, צו דער זון:

אַ מענטש זאָל ליב האָבן די זון
באַדאַרף ער זען אַז ס'איז דאָ אַ נאַכט!
און אַ טויטן באַוויינט מען צוליב דעם,
מען זאָל זיך פרייען מיט אַ קינד וואָס לאַכט,
ווי מיט דער זון וואָס פאַרטרייבט די נאַכט.

און:

ווער בין איך? ווער בין איך? ווער וואָלט זיך געריכט?
אַז אלץ וואָס איך טראַכט זאָל ווערן ליכט?

אין דער בעסטער און אויסשעפּלעכסטער קריטישער שטודיע וועגן דעם רעטעניש אין דער פראַנצויזישער דיכטונג: אַרטור רעמבאָ, באַ־האַנדלט עניד סטאַרקי די זון ווי אַן עלעמענט אין רעמבאָס דיכטונג.

רעמבאָ, וועלכער האָט צו צוואַנציק יאָר פאַרברענט זיינע מאַ־נוסקריפּטן און איז געוואָרן אַ סוחר און געווער־שמוגלער אין אַפריקע, און קיינמאָל מער נישט געוואָלט זיך צוריקקערן צו דיכטונג, איז היינט צו טאָג דאָס לעצטע וואָרט אין דער געשיכטע פון דער מאָדער־נער וועלט־פּאָעזיע, און סטאַרקי שטעלט זיך אָפּ אין איר קאַפּיטל „די קבלה", וואָס פאַר אַ ווירקונג די קבלה האָט געהאַט אויפן גאַנג פון רעמבאָס לידער, און באַמערקט דאָרט: „אָקולטיסטן פון אַלע צייטן האָבן געזען אין דער זון דעם סימבאָל פון אוניווערסאַלער ענערגיע אין אונדזער סיסטעם. סוועדענבאָרג האַלט, אַז גאָט באַווייזט זיך אין די הימלען ווי די זון, ווייל ער איז די געטלעכע ליבע אַ דאַנק וועלכער דער גייסט עקזיסטירט, פּונקט ווי אַ דאַנק דער זון לעבן אַלע נאַטור־באַשעפעניש. געטלעכע ליבע שיינט אַראָפּ אויף אונדז ווי די וואַרעמקייט און דאָס ליכט פון דער זון". רעמבאָ, שרייבט זי ווייטער, „ווייזט אַרויס אין זיין שאַפן באַזונדערע ליבשאַפט פאַר אימאַזשן פון דער זון. אין זיין פּאָעמע „וואַגאַבונדן", וואו ער דער־ציילט וועגן דער ראָל וואָס ער האָט געהאַפט צו שפּילן אין ווערלענס לעבן, דריקט ער זיך אויס: „איך האָב אין טיפן ערנסט געהאַפט צו פאַרוואַנדלען דעם פּרימיטיוון שטאַנד אין אַ זון פון דער זון!" אין די

פאַרצוויפלסטע מינוטן ווען האַלפּערן איז דערשעפּט און געפינט נישט קיין טרייסט אַרום זיך, ווענדט ער זיך תפילהדיק צו דער זון:

וואו איז די היים פון דער וועלט,
און וואָס וועט מען טאָן אין דער היים, אין דער פינצטער?
— אָ, זאָל די זון שוין רחמנות האָבן
אַזוי ווי די מאַלפּע אויף אירע קינדער —
אויף אונדזער אָרעמער וועלט.

(נאַכט אין מאַנהעטן — זטער באַנד „לידער" (1934)

זון־און־פינצטערניש — זיינען אויך ביי משה לייבן מערער ווי צוויי ווערטער וואָס ווידערהאַלן זיך נאָכאַנאַנד אין זיינע לידער. פינצטערניש־און־זון — ווי צוויי לייטמאָטיוון, ווי צוויי אַלעגאָרישע באַגריפן אין אַ פּאַראַבל, ווי צוויי בלוטיקע פעדים גייען זיי דורך — דורך האַלפּערנס שאַפן. ווי אַ געצנדינער רייסט ער זיך מיט פינצ־טערניש דורך פינצטערניש — צו דער זון! און דעם דריטן ברודער „מיטן קאָפּ אַרונטער" וואָס האָט ווי האַלפּערן, „געירשנט די פינצ־טערניש", אים געהערט דעם דיכטערס שיר השירים, זיין פּאַגאַניש ליד פון אַלע לידער, זיין געזאַנג און זיין בענקשאַפט נאָך דער זון! . . .

## 8. קריזיס

אין 1924, בעת אַ לעקציע־טור איבערן לאַנד, האָט אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן האַלפּערנען און דער „פרייהייט", — דער סוף איז געווען, אַז אין שיקאַגאָ האָט משה לייב געהאַלטן די לעצטע לעקציע. דער טור איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אינמיטן. ער פאָרט אָפּ פון שיקאַגאָ קיין דעטראָיט, וואו ער ווערט קראַנק און מאַכט דורך אַן ערנסטע אָפּעראַציע. ער וואוינט נאָכדעם אַ לענגערע צייט אין דעטראָיט און אין קליוולאַנד; און פון 1927 ביז 1929 וואוינט ער מיט זיין פאַמיליע אין לאָס־אַנגעלעס, קאַליפאָרניע.

צוליב וואָס און ווי אַזוי דער ברוגז איז פאָרגעקומען, גייט נישט אַריין אין דער ראַם פון דער דאָזיקער קריטישער אַרבעט, וואָס גיט זיך בלויז אָפּ מיט דעם דיכטערס ווערק. — כאָטש דער אינצידענט וועט זיכער פאַרנעמען אַ פּראָמינענטן פּלאַץ אין אַן אויספירלעכער און דעטאַלער ביאָגראַפיע פון דיכטער; אָבער זאָל דאָ דערוויל פאַר־צייכנט ווערן, אַז האַלפּערן וואָס איז דער ערשטער צוגעשטאַנען צו דער „פרייהייט", איז אויך דער ערשטער אַוועק פון איר און קיינמאָל מער ניט מיטגעאַרבעט דאָרט. די ביאָגראַפישע פראַגמענטן און

דאָטעס, וואָס מ׳טרעפט אין דער אַרבעט, זיינען געבראַכט געוואָרן בלויז אויפן סמך פון שייכות, און אויף וויפיל זיי זיינען פאַרבונדן מיט דעם דיכטערס ווערק. אין דער קריטיק, האַלט איך, באַדאַרף גילטן די דעפיניציע: — אַז אויב די ווערק פון אַ מענטשן קלערן אונדז עפּעס אויף, קלערן זיי זיכער אויף וועגן לעבן פון דעם מענטשן וואָס האָט זיי געשאַפן.

עס וועט אָבער ניט זיין איבעריק צו ברענגען דאָ אַ פּאָר אַלגעמיינע כאַראַקטער־שטריכן פון ראובן אייזלאַנד, האַלפּערנס אַ קאָלעגע און חבר, וואָס האָט אים גוט געקענט כמעט דורך אַלע זיינע יאָרן אין אַמעריקע: „פון אַלע זיינע קאָלעגן איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן צו זען משה לייב האַלפּערן אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן . . . פיר און צוואַנציק יאָר האָט ער געלעבט צווישן אונדז אין ניו־יאָרק. צוויי און צוואַנציק יאָר איז ער אַלט געווען ווען איך האָב אים באַגעגנט צום ערשטן מאָל״.

און אייזלאַנדס איינדרוק איז:

— „זיין גאַנץ לעבן איז דער פּאָעט משה לייב האַלפּערן געווען אַ רעבעל. מיט זיין וואָרט איז ער אויפגעשטאַנען קעגן אַלץ, וואָס שטייט אין וועג צווישן דעם מענטש און זיין געוואונטשטן גליק. און ווי די מערסטע רעבעלן און פּראָטעסטלער, איז ער נישט שטענדיק געווען אָפּגעהיט מיט זיין וואָרט... כדי צו דערגרייכן עפעקטן האָט מ. ל. האַלפּערן גאַנץ אָפט אויסגעקליבן אַזוינע ווערטער וואָס זאָלן שאָקירן, און דאָס האָט געווירקט. איין צייט האָט מען אים שיר ניט געקרוינט פאַר דעם דיכטער פון „גראָבע רייד״, און מען האָט געמיינט אַז דערמיט האָט מען שוין אַרומגענומען זיין דיכטערישן מהות. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן, איך האָב דאָ נאָר געוואָלט אָנווייזן אויף משה לייב דעם רעבעל, וואָס איז מיט זיין וואָרט אויפגעשטאַנען קעגן יעדן סאָרט דעספּאָטיע, פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע, מאַטעריעלע, גייסטיקע, טראַדיציאָנעלע און קעגן די וואָס קלייבן זיך ערשט ווערן די שאַפער פון אַ נייער טראַדיציע״. („טאָג״, 4טער סעפּטעמבער, 1932).

אין 1929 קומט משה לייב צוריק מיט זיין פאַמיליע קיין ניו־יאָרק. זיי וואוינען אויף 1725 וויקס עוועניו, בראָנקס ,וואָס איז, אגב, געווען זיין לעצטע וואוינונג. ער גיט זיך אָפּ אַ סך מיט מאָלן און פאַרענדיקט דורך די יאָרן אַ צאָל אויטאָפּאָרטרעטן, פּאָרטרעטן פון זיין פרוי און זיין ייִנגעלע אייזיק, און פון אייניקע גוטע פריינט און פאַרערער.

אין 1929 ווען אַ גרופּע אָנגעזעענע יידישע שרייבער פאַרלאָזן די „פרייהייט" איבער די „באַוואוסטע" פּאַלעסטינער עקסצעסן, און הייבט אָן אַרויסצוגעבן די „וואָך", ציט אים צו די גרופּע ווי אַ נאָענטן מיטאַרבעטער. ער דרוקט דאָ אַ צאָל נייע אינטערעסאַנטע לידער, צווישן זיי די פּאָעמע „סאַלוט", וואָס קאָן פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט אין אַן אַנטאָלאָגיע פון דער בעסטער רעוואָלוציאָנערער וועלט-פּאָעזיע. עס רוקט זיך אָן דער פינאַנציעלער וועלט-קריזיס איבער גאַנץ אייראָפּע און שלאָגט אויך אָן די ברעגן פון אַמעריקע. עס וואַקסט די אַרבעטס-לאָזיקייט איבערן לאַנד, עס מערן זיך די באַנקראָטן און די זעלבסט-מאָרדן, און פון די טיפענישן פון דער סאָציאַלער וועלט-סטרוקטור זיינען שוין קאָנטיק די דראָענדיקע געפאַרן פון אַ נייער גרויסער וועלט-קאַטאַסטראָפע. זיין אַנטוישונג הויערט צווישן די נייע און די אַלטע וועלט-דערלייזער.

דעם דיכטערס מאַטעריעלע לאַגע איז איצט נאָך שווערער גע-וואָרן: אים איז אויסגעקומען צו טראָגן אין שטאָלצער הילפלאָזיקייט אַ דרייפאַכן יאָך פון נויט: — פון אַ מאַן, אַ פאָטער און זיך אַליין. זיינע נאָענטסטע באַקאַנטע האָבן זיך אָנגעשטויסן אַז אים לעבט זיך שלעכט. אָבער קיין איינציקער פון זיי האָט (צום באַדויערן) נישט געוואוסט, אַז אַ חוץ דאגות-פּרנסה איז ער ערנסט קראַנק. מיט זיין שטאָלצער האַלטונג, מיט זיינע אָפּגעטראָגענע אָבער אַלעמאָל אויסגע-פּרעסטע, עלעגאַנטע און געשמאַקפולע קליידער, איז האַלפּערן גע-לונגען צו פאַרשטעלן (אויסערלעך) זיין אָרעמקייט, פּונקט ווי אים איז — צום באַדויערן — געלונגען צו פאַרדעקן מיט שטאָלץ (פאַר דער דרויסנדיקער וועלט) דעם אינעווייניקסטן סוד — זיין ערנסטע קראַנק-הייט. מאַני לייב, וואָס האָט אים גראַד אָנגעטראָפן אויף דער גאַס אַ וואָך פאַרן טויט, האָט צו משה לייבס אָנדענק אָפּגעדרוקט דאָס קורצע רירנדיקע ליד, וואו צווישן די שורות ווערט דערציילט פיל מער וועגן משה לייבן ווי אין די שורות אין אַ סך גוט-געמיינטע ביאָגראַפישע עסייען און נאָטיצן וועגן דיכטער:

## משה לייב האַלפּערן

אויף דער עווענױ, דאָרט אויף דער ברייטער,
גרוי און שלאַנק, אין עלעקטרישן שטויב,
און אין שאָטנס פון נאַכט אַ פאַרווייטער,
איז געשטאַנען אַליין משה לייב.

אליעזר גרינבערג

איבער קעפּ הויך זיין פּנים, זיין הייסן,
שטאָלץ פאַרריסן און וועלפיש־פאַרשאַרפט —
אפשר האָט ער א פריינט דאָ פאַרשטויסן,
אפשר האָט ער א פריינט גאָר געדאַרפט.

משה לייב... מאני לייב... און א ציטער
אין דער ברייטער געצערטלטער האַנט.
משה לייב... משה לייבן איז ביטער,
און די שטאָט איז איין שטיינערנע וואַנט.

און ער קרימט ווי א קינד, ניט קיין בייזן,
נאָר א שמייכל וואָס שניידט ביז אין ריפּ,
פון דעם פראַנטישן קנייטש פון די הויזן
ביז דעם קנייטש פון דער נעגערשער ליפּ.

און די אויגן — פון הימל נאָך בלויער,
לאַכן אינגליש פאַרשייט און ניט גוט.
און צו מיר איז דאָס בלוט פון זיין טרויער,
אויף אייביק אריין אין מיין בלוט.

אויף דער עוועניו, דאָרט אויף דער ברייטער,
גרוי און שלאַנק, אין עלעקטרישן שטויב,
און מיט שאָטנס פון נאַכט א פארווייעטער,
איז געבליבן אליין משה לייב.

די נויט (אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט) טריפט טראָפּנס הונגער־סם אין שטאָלצן האַרצן פון דיכטערס פאַרוואָרלאָזיקייט. ער איז באַהערשט פון אַ גרויסער איינזאַמקייט און פון אַ גרויסער הילפ־לאָזיקייט. ער איז אַנגעשראָקן, ווי איינער וואָס האָט זיך געראַטעוועט נאָך שווערע יסורים און אַנגסטן — פון אַ שיפּברוך. דער אייביקער וואַנזין איז נאָך אַלץ איינגעשלאָסן אויף טויזנט ריגלען אין זיין גאָלדענעם, גלייכגילטיקן דאַך־שטיבל. די וועלט איז אַלץ געבליבן אויף הפקר „אין דרויסן", שוין נאָך דער נייער מאָס וואָס מען האָט פון איר גענומען; און וואָס עס איז אים פאַרבליבן, איז גאַל און געווייַן, וואָס מען קאָן צולייגן פאַר רחמנות ווי שפּינוועבס צו די נייע, גע־קרייצטע וואונדן פון דער וועלט. ער זעט נישט קיין זין און קיין גרענעץ צו דער אומהיילבאַרער מענטשלעכער געפאַלנקייט און קנעכ־טישער אונטערטעניקייט. ער זעט נאָך איצט קלאָרער ווי אַלעמאָל, אַז דער מענטשלעכער פּראָגרעס — איז נישט מער ווי זעלבסט־באַ־רימעריי. אַז טראָץ אַלע וויכטיקע דערפאַרונגען און איבעראַשנדיקע

וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען — איז דער מענטש, דער מענטש אַליין, געבליבן פאַרוואַרלאָזט און ניט אַנטדעקט! דאָס שלום מאַכן אַצינד מיט דעם באַנייטן געדאַנק וועגן מענטש־און־וועלט באַנקראָט, קומט אים נישט אָן אַזוי גרינג — ווי עס קאָן זיך פון אויבן אויף אויס־דאַכטן. ער האָט געהאַט צו־וואַכע געזעלשאַפטלעכע חושים און אַ צו־שטאַרקן איינגעבוירענעם אַפּעטיט פאַרן לעבן, אַז ער זאָל מעשה־נזיר, מעשה־אַסקעט זיך אָפּקערן מיטן פּנים פון דער וועלט. עס איז נישט געווען אין זיין בלוט צו צערטלען און צו קוויקן זיך מיט די וואונדן פון אַ פאַרפּייניקטן אמת. זיין אייגנטימלעכקייט וואָס איז באַ־שטאַנען אַרונטערצורייסן און צו אַנטבלויזן היפּאָקריטישן אָנשטעל, פרומע מינעס, ווי ער האָט אַמאָל טרעפלעך באַמערקט וועגן זיך, „מיין מאַמע האָט מיך נאָקעט געהאַט קען איך נישטליידן קיין פייגנ־בלאַט״, ווערט איצט נאָך מערער אַקצענטירט אין זיינע לידער:

> און איך בין ניט קיין טייג אויפן לאָקשנברעט —
> וואָס מען קנעט דאָס איבער מיט אַ גלעט.
> און מיין אמת שרייט דאָך אַזוי ווי אַ קינד —
> ווען עס ווערט געבוירן נאַקעט און בלינד.
>
> (צווייטער באַנד נייע „לידער״, 1934)

משה לייב וויל זיך נישט אונטערגעבן נישט דער רשעות און נישט דעם גלעט, און פירט מיט זיך אַליין קיכאָטישע געפעכטן פאַר־און־קעגן דעם מענטשן און זיינע אויפטואונגען. ער איז פאַרצווייפלט — און טרייסט זיך אַליין. ער מונטערט זיך אַליין כדי צו קאָנען ווידער צווייפלען און אַנצופאַנגען פון ס׳ניי — קעגן זיך אַליין — נאָך אַ שטאַרקערע אָפּענסיווע ווי פריער!

זיין צעשפּליטערטקייט איז אויף אַ קורצע צייט ענלעך אויף דער געשפּאָלטנקייט פון דעם רוימישן גאָט יאַנוס, מיט די צוויי פּנימער, וואָס האָבן געקוקט אין פאַרקערטע ריכטונגען — זיי האָבן אַלץ צוגעזען און געבליבן באַוועגלאָז. אמת, די עכטע צעשפּאָלטנקייט וואָס עסט אים אַליין אויף — נערט אין דער זעלבער צייט זיין דיכ־טערישן טאַלאַנט און צינדט אָפּטמאָל אָן זיין סקעפּסיס מיט דעם פייער פון פויל־געהילץ וואָס לויכט אַזוי כּישופדיק, אַזוי פאַרפירעריש אין פינצטערע נעכט: — ווייל אין דער קונסט איז נישט וויכטיק וואָס עס פּאַסירט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט מיט דעם קינסטלער — נייערט, וואָס ער דערגרייכט און מאַכט פון זיין לעבנס־דערפאַרונג!

ער באַווייזט אָנצושלאָגן אַ גבורהדיקע ריטמיק, ער וואַרפט אָן שילדערונג אויף שילדערונג פון בילדלעך־באַנומענע און סקולפּטאַריש־

אויסגעקנאָטענע דעטאַלן. עס געלינגט אים נאָך אַמאָל, אפילו אין די יאָרן, אַנצוצינדן מיט פּראָטעסט די שורות וואָס רייסן אויף ווי אַ פייער דעם פינצטערן אַרום, און דראָען צו פאַרצערן ביז אַש זיינע וואונדיקע צווייפלען. ער דרוקט אין 1929 זיין פּאָעמע „סאַלוט״, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט סאָציאַלן אינהאַלט. די שנאה פון אַ ווייסן צעיוּ־שעטן המון ביים לינטשן אַ נעגער — איז דאָ אויסגעקריצט ווי מיט אַ לאַנצעט, און ער שאַנעוועט דאָ קיינעם נישט, נישט די לינטשער, נישט דאָס געזעץ, נישט די כלומרשט־פּאַרגוואַלטיקטע ווייסע אַלטע מויד; און ווי אַלעמאָל — שאַנעוועט ער נישט זיך אַליין.

אָט איז דער אָנהייב פון ליד:

ביי אונדז אין לאַנד איז אויך עפּעס דאָ
און ווען קיין לאַמטערן־סלופּ איז ניטאָ
איז דאָ אַ בוים — און דאָס מיינט דאָך קלאָר
אַז אַ נעגער איבער צוואַנציק יאָר —
מעג האַסן אַלץ וואָס שטרעקט זיך אַרויף
צו האַלטן דעם, וואָס מען הענגט אים אויף.
נאָר יענעם וואָס איך האָב שטאַרבן געזען,
קיין פּופּצן איז ער ניט אַלט געווען.

די ווייסע אַלטע מויד האָט ניט אויסגעזען זיס.
אַ פאַרזשאַווערט שלאָס אויף אַן אַלטן וואַליס
די נאָז מיטן פּיסק — און די הענט מיט די פיס,
איך זאָג דיר — זיך צוצורירן הויט צו הויט
צו אַזאַ מין פּליאַקע, איז בעסער — טויט.

און איך זאָג דיר, ס'איז ניט דער קרעכץ פון צווייג,
ניט דער שטריק מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג.
ניט דאָס פּעדערל אין ווינטגעטרייב
וואָס האָט פאַרזאַמט זיך צו קלעפּן צום לייב.
נאָר דו — דאָס טרויער־געשטאנק פון דער וועלט,
וואָס האָט זיך פון וייטן אַנידערגעשטעלט
מיט די הענט דורך די קעשענעס ביים דיך,
פאַרטראַכטן אַ ליד פאַר דער וועלט און פאַר זיך.

האַלפּערן שלאָגט נאָך אָן, עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט, אַ לוסטיקן פאַלקס־טאָן, אַ פאַלקסטימלעכע שפּילעוודיקייט אָנגעקליידט אין עשירות פון יידישן קאַלאַמבור, וואָס איז אַ געמיש פון חוזק, פון איראָניע און פון תמימותדיקער שפּילעוודיקייט:

איך בין דער ריטער פון האַצאַ־צאַ ?
איך בין דער ריטער פון האַצאַ־צאַ !
פרעג איך ביי מיין געליבטער פרוי, —
ווער האָט דיר דעם שנור מיט די פערל געבראכט,
וואָס זינגען אויף דיר ווי די שטערן ביינאַכט ?
— זאָגט זי : דער שטאָפּיק פון פעסל מיט ווייַן
האָט א שאָס געטאָן ביזן הימל אריין,
און האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך אויף צוריק
שטערנדלאך, זיבן מאָל טויזנט שטיק !
(ערשטער באַנד „נייע לידער", 1934)

ער שרייבט נאָך אַמאָל לוסטיקע לידער צו זיין „יינגעלע" אָנגע־לאָדענע מיט שפּילעוודיקייט און שטיפעריי — אָבער אָט דאָס געמיט ווערט אַלץ זעלטן און זעלטענער אין זיינע לעצטע יאָרן. ווי דורך אַן אָנגריף פון אַטאַוויזם קומט ער איצט ווידער צום שלוס, ווי אין זיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע — אַז דער מענטש איז דאָ, אין דער נייער אינדוסטריעלער סביבה — נאָך מער אומגליקלעך ווי ער איז געווען אַמאָל — אויפן שויס פון דער נאַטור ; און אָט די פּרימיטיווע אָנשויאונג דערפירט ער אין זיינע לעצטע יאָרן, מיט זיין געוויינלעכער קאָנסעקווענטקייט, צו דעם — אַז דער מענטש באַדאַרף זוכן זיין גליק ביי דער אייביק־גוטער און אַלהיילנדיקער מוטער־ערד ! אַן אויסוועג, אגב, צו וועלכן אַ סך פון די וויכטיקסטע קינסטלער זיינען געקומען צוליב אַזאַ אָדער אַן אַנדערן מאָטיוו ; ביי אָט דער לעצטער פּאַזע פאַראַנקערט ער זיין שיף. אָט די איינשטעלונג ווערט דער איינציקער קוואַל וואָס נערט אַצינד זיין דיכטערישן טאַלאַנט.

# אינהאַלט